יוליוס האַבער

# ציוניסטישע געשיכטע טאָג פאַר טאָג

ניו־יאָרק, 1964

# פאָרוואָרט

## ציוניסטישע געשיכטע, טאָג־פאַר־טאָג

די שריפטען וואָס האָבען זיך אָנגעזאַמעלט דורך פיל יאָרען אויף מיין שרייב־טיש טענה׳ט, „אויף ווען און אויף וועמען וואַרטסטו? דו האָסט שוין אַריבער־געשפרונגען זיבען און אַ האַלב צעהנדליגע יאָרען, אויב דו נעמסט נישט צו־זאַמען און טאָקע באַלד, די אַלע פאַפּירען, און זאַמעלסט זיי ניט צונויף אין אַ בוך, וועט פון דעם מאַטעריאַל גאָרנישט ווערען, איבערהויפּט ווען צווישען די צעהנדליגע בריוו זיינען פאַראַנען בריוו פון באַוואוסטע פערזענלעכקייטען, ווי צום ביישפּיל פון פעליקס פראַנקפורטער, דער געוועזענער ריכטער פון דעם העכסטען געריכט אין די פאַראייניקטע שטאַאַטען, וועלכער שרייבט וועגען מ״ין בוך „די אָדעסעיע”, „אייער בוך איז נישט נור אַ ביישטייער צום ציוניזם אין אַמעריקע, עס איז אויך וויכטיג פאַר דער געשיכטע פון ציוניזם און זיין דינאַ־מישען קלימאַקס וואָס האָט צושטאַנד געבראַכט מדינת ישראל.” „אייער בוך דערמאַנט מיך פיל, אויך איך לערן פון דעם בוך פיל, איר קענט שטאָלצירען מיט דעם בוך.”

ד״ר אברהם קאַטש, פּראָפעסאָר פון ניו יאָרק אוניווערזיטעט שרייבט מיר, „אייער בוך די ׳אָדעסעיע׳ רעקאָמענדיר איך צו די שילער פון מיין קלאַס וועגען דעם מאָדערנעם שטאַט אין ישראל.”

ד״ר אברהם ניימאַן, פּרעזידענט פון דראָפּסי קאַלעדזש אין אַמעריקע, שרייבט, „אייער בוך די ׳אָדעסעיע׳ האָט אין מיר דערוועקט פילע זכרונות. איך בין איבערראַשט פון אייער קראַפט צו געדענקען אַזוי פיל, אפילו ווען איר זאָלט געוועזן פירען אַ טאָג־בוך, איז אויך אַ גרויסע זאַך אויפצובויען און צוזאַ־מענשטעלען אַזוי פיל געשעהענישען מיט אַזאַ פעהיגקייט.”

אבא איבן, וויצע פרעמיער מיניסטער פון מדינת ישראל שרייבט. „אייער ׳אָדעסעיע פון אַן אַמעריקאַנער ציוניסט,׳ איז אַ ריהרענד וואָרם־האַרציגער באַ־ריכט פון דער גלאָררייכער גענעראַצי׳ע אין דער אידישער געשיכטע. אין יע־דער עפּאָכע האָט איר אָנגעדייט אויף דער גרויסקייט וואָס האָט באַגלייט די ציוניסטישע רייזע אפילו אין די פינסטערסטע טעג.”

אויך די אַנדערע צעהנדליגע בריוו און רעצענזיעס לויבען מיין בוך ביז גאָר, און באַהויפּטען אַז דאָס בוך איז נויטיג פאַר דער געשיכטע פונ׳ם ציוניזם נישט נאָר אין אַמעריקע נאָר אויך אין אַנדערע טיילען פון דער וועלט.

דאָס איצטיגע בוך, „די געשיכטע פונ׳ם ציוניזם פאַר טאָג צו טאָג,” ווערט נישט אַרויסגעגעבען פאַר פאַרשפּרייטען אין פאַרקויף. עס ווערט געדרוקט אין אַ באַגרענעצטער צאָל קאָפּיעס פאַר מיין משפּחה, פאַר פריינד און פאַר ביבליאָ־טעקען אין אַמעריקע, ווי אויך אין מדינת ישראל.

איך וויל אויסדרוקען אַ דאַנק צו מיין פריינד אהרן אַלפעריך, פאַרוואַלטונגס רעדאַקטאָר פון „טאָג־מאָרגען זשורנאַל” פאַר זיין מיטהילף אַרויסצוברענגען דאָס בוך.

דזשוליוס (יואל) האַבער

# אַ וואָרט וועגן אַ קלאַסישען ציוניסט

פון א. אַלפּערין

פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר פון „טאָג־מאָרגען זשורנאַל״

געווען אַמאָל אַ צייט — און איך האָף אַז זי איז אויך איצט נאָך ניט פאַרביי — ווען אַלע ציוניסטען האָבען זיך געפילט ווי איין משפחה. יעדער ציוניסט האָט אין דער וואַרימער משפחה־סביבה זיך געפילט היימיש אין פריי אויסצודריקען זיין מיינונג וועגען אַלע ענינים און פּראָבלעמען פון דער באַוועגונג, גרעסערע צי קלענערע, וויניגער צי מער וויכטיגע. אַזעלכער איז געווען דער קלאַסישער טיפּ פון דעם ציוניסט. ער האָט זיך תמיד באַטראַכט פאַר דעם פולבאַרעכטיגטען חבר פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען דורך הערצל׳ן, פאַר דעם גלייכען צווישען גלייכע, און ער האָט אינאיינעם מיט דער פירערשאַפט געזאָגט זיין וואָרט וועגען די אַנטשיידונגען, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען, אָדער האָבען געדאַרפט באַשלאָסען ווערען.

אַזאַ קלאַסישען טיפּ פון אַ ציוניסט האָבען מיר אין אונזער פריינט דזשוליוס (יואל) האַבער. ער שטייט ביי דער ציוניסטישער באַוועגונג פון אָנהויב אָן פון איר גרינדונג. ער איז אַ ציוניסט פון הערצל׳ס שווערע צייטען. האָט דורכגעמאַכט די גרויסע וויַיצמאַנ׳ישע תקופה אין איז פאַרבליבען געטריי אין די רייען אויך נאָך דער באַנייאונג פון מדינת ישראל. ביי יעדער וויכטיגער געלעגענהייט האָט ער געלאָזט הערען זיין שטים, צי אין אַ צושריפט צו דער פירערשאַפט, צי אין אַ בריוו אין דער אידישער פּרעסע. און בעיקר טאַקע אין דער רעדאַקציע פון „טאָג־מאָרגען זשורנאַל״.

אין אָט די אַלע צושריפטען און בריוו זיינע, אין וועלכע ער האָט תמיד „צוגעטראָפען צום פּינטעלע״, שפּיגעלט זיך אָפּ, ווי אין אַ קאַליידיסקאָפּ, דער גאַנג פון דער געשיכטע פון ציוניזם; פון זיינע לאַנגע און שווערע ראַנגלענישען; פון זיין וועג צו דער פאַרווירקליכונג דורך די חבלי לידה פון מדינת ישראל; און פון די מאַטערנישען נאָך דער באַנייאונג פון דער מדינה.

עס איז גוט, וואָס דער קלאַסישער ציוניסט דזשוליוס האַבער האָט צונויפגעזאַמעלט, און פאַרעפענטליכט איצט אין דרוק זיינע בריוו, צושריפטען און געלעגענטהייטליכע אַרטיקלען. זיי זיינען וויכטיגע דאָקומענטען פון אַ גרויסער תקופה. זיי וועלען פיל העלפען דעם קומענדיגען היסטאָריקער. און זיי זאָגען עדות וועגען דער געטרייער און וואַכזאַמער ציוניסטישער נאַטור פון זייער מחבר. דזשוליוס האַבער און זיינע שריפטען, וואָס ווערען דאָ פאַרעפענטליכט, זיינען היינו הך. ער דריקט זיך אויס אין זיי, און זיי גיבען אונז דעם ריכטיגען גייסטיגען פּאָרטרעט פון דעם קלאַסישען ציוניסט, וואָס ער איז און וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר כל ימיו.

זאָל ער אונז נאָך לעבען לאַנגע, לאַנגע יאָרען — און פאַרעפענטליכען אַ צווייטען אינטערעסאַנטען און כאַראַקטעריסטישען ספר אַזעלכען, ווי דעם איצטיגען!

אהרן אַלפּערין

דער טאָג 2טער נאָוועמבער, 1963

# דר. מאַקס נאָרדוי, פערציג יאָר נאָך זיין טויט

**אַ באַזוך אויף זיין קבר אויף דעם תל אָביב׳ער בית עלמין. - אַ באַגעגעניש מיט נאָרדוי׳ן אויף אַ ציוניסטישען קאָנגרעס**

פון יוליוס האַבער

זייענדיג לעצטענס אין מדינת ישראל אַלס דעלעגירטער צו דער 66טער קאָנוועגשאָן פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָב איך, ווי יעדעס מאָל, אויך באַזוכט דעם קבר פון דר. מאַקס נאָרדוי, וואָס געפינט זיך אויפ׳ן אַלטען בית עולם אינמיטען שטאָט פון תל־אָביב.

נאָרדוי איז דאָרט באַערדיגט געוואָרן מיט 37 יאָר צוריק, ווען מען האָט אַריבערגעבראַכט זיין קערפער פון פראַנקרייך, וואו זיין קבר איז געווען זינט 1923, מיט פערציג יאָר צוריק. נאָרדוי׳ס קבר איז לעבן די קברים פון חיים נחמן ביאַליק, אחד העם און צבי חיות.

צום ערשטען מאָל האָב איך זיך געטראָפען מיט דר. נאָרדוי ביים 9טען ציוניסטישען קאָנגרעס אין האמבורג אין 1909, וואו איך בין געווען אַלס דעלעגאַט פון אַמעריקע. ביים קאָנגרעס האָט מען דאַמאָלס דעבאַטירט וועגען די יונג טערקען, וואָס האָבען מיט אַ יאָר פריער, אין 1908, אָרונטערגעזעצט דעם סולטאַן און דערקלערט די טערקישע אימפעריע אַלס אַ קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטיע.

עס האָבען זיך געפונען פירענדיגע ציוניסטען, וואָס האָבען דאַמאָלס, אויף אייגענעם חשבון, אונטערהאַנדעלט מיט די יונג טערקען. כאָטש עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען דאָס די יונג טערקען שטעלען שווערע באַדינגונגען, דאָך זענען געווען ציוניסטען וואָס האָבען מיט זיי פאַרהאַנדעלט. די דעבאַטעס ביים קאָנגרעס זענען געווען שטורעמדיגע.

ווען עס איז געקומען צו ענדע פון די רעדנערס, האָט נאָרדוי, אַלס פאָרזיצער פון דעם קאָנגרעס, גענומען דאָס וואָרט צו ענטפערן. נאָרדוי האָט אַנאַליזירט וואָס די יונג טערקען פאַרלאַנגען. צוערשט מיינט עס, אַז מען מוז ענדערן דאָס גאַנצע באַזעלער פראָגראַם. עס מיינט, אַז עס וועט נישט דערלויבט זיין קיין מאַסען אימיגראַציע קיין ארץ ישראל. די יונג טערקען פאַרלאַנגען, אַז די אימיגראַציע זאָל גיין אין דער ריכטונג פון מאַצעדאָניע, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ טייל פון דער טערקישער אימפעריע. די אידישע אימיגראַנטען זאָלען זיך אויסמישען מיט דער עקזיסטירענדיגער באַפעלקערונג פון מאַצעדאָניע.

די טערקישע רעגירונג וועט גאַ־
ראַנטירן, אַז עס וועלען ניט פאָר־
קומען קיינע פּאָגראָמען אויף די
נייע אידישע איינוואוינער דאָרטן.
וועגן אַ טשאַרטער אויף ארץ יש־
־אל, קען קיין רייד נישט זיין,
האָט נאָרדוי קלאָר געמאַכט. נאָר־
דוי האָט געדונערט אין זיין רעדע,
און „דאָס מיינט דאָך אַסימילאַ־
ציע". צו וואָס ווידער זאָלען אידען
אויסגעבען געלט זיך צו באַזעצען
אין מאַצעדאָניע, ווען זיי קענען
בלייבען דאָרט, וואו זיי געפינען
זיך ? נאָרדוי האָט ווייטער געדו־
נערט : „ניין, זאָגען מיר צו די יונג
טערקען. מיר וועלען זיך נישט
אַסימילירן און מיר וועלען נישט
ענדערן דאָס באַזעלער פּראָגראַם,
אויף וועלכען מיין קאָמיטעט, ביים
ערשטען ציון קאָנגרעס האָט אויף
דעם געאַרבעט טעג און נעכט.
הערצל האָט מיר געגעבען דעם
אויפטראַג און מיר האָבען אויסגע־
אַרבעט דאָס פּראָגראַם וואָס די דע־
לעגאַטען האָבען איינשטימיג אָנ־
גענומען. איצט דעבאַטירט מען ווי
אַזוי צו ענדערן דאָס פּראָגראַם.
איך זאָג אייך ווען איר אַלע דעלע־
גאַטען זאָלען אָפּשטימען צו ענ־
דערן דאָס פּראָגראַם, וועל איך איי־
נער דאָס באַקעמפען מיט אַלע מיי־
נע קרעפטען. איך זאָג : אויב מען
קען גאָרנישט מאַכען מיט די יונג
טערקען, וועלען מיר וואַרטען אויף
אַן אַנדערער געלעגענהייט. וואַרטען
איז קיין שאַנדע. יאָ, עס איז פיל
מאָל אַן אומגליק, אָבער מיר מוזען
האָפען דאָס מיר, ציוניסטען, וועלען
אויך איבערקומען דאָס אומגליק".



דר. מאַקס נאָרדוי

נאָרדוי האָט דאַן ווייטער געזאָגט:

„מיר מוזען זען, אַז אין יעדען אידישען ישוב זאָל ווערן פּראָפּאַגאַנדירט דער ציוניסטישער געדאַנק. מיר מוזען אָנערקענען דאָס כאָטש מיר אַרבעטען שוין פאַר'ן פּאָליטישען ציוניזם מער ווי אַ טוץ יאָרן, זענען נאָך אַלץ פאַראַן אידן אין לענדער, וואָס האָבען נישט קיין ידיעה וועגען אונזער באַוועגונג".

ווען דר. נאָרדוי האָט געענדיגט זיין שטורעמדיגע רעדע, האָבען מיר דעלעגאַטען פון אַמעריקע—אייזיק אַלען, לעאָן זאָלאָטקאָף, נחמן סירקין און וויליאַם עדלין, וואָס איז געווען ביים קאָנגרעס נאָר אַלס צייטונגס־מאַן, זיך גראַטולירט וואָס נאָך נאָרדוי'ס רעדע, וועט קיין ציוניסט נישט וואַגען ווייטער צו פאַרהאַנדלען מיט די יונג טערקען.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז ביי אָט־דעם 9טען ציון קאָנגרעס האָט מען אויך געפייערט נאָרדוי'ס 60טען געבורטסטאָג. באַגריסונגס טעלעגראַמעס זענען געקומען פון פילע לענדער. די ערשטע טעלעגראַמע איז געקומען פון דער „פאָרעין פּרעס אַסאָסיעישאָן" פון פּאַריז, פון וועלכער נאָרדוי איז געווען אַ חשוב'ער מיטגליד, אָבער מיט 5 יאָר שפּעטער, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט מלחמה, האָט די „אַסאָסיעישאָן" אויסגעשלאָסען נאָרדוי'ן, ווייל ער איז געווען אַ בירגער פון עסטרייך־אונגאַרן.

אין משך פון דער מלחמה האָט זיך נאָרדוי אויפגעהאַלטען אין דער נייטראַלער שפּאַניע. דאָרטען האָט ער זיך באַפריינדעט מיט פּראָפעסאָר יהודה, אַ געבוירענער פון ירושלים. נאָרדוי האָט פון שפּאַניע קאָרעספּאָנדירט מיט די ציוניסטען פון ענגלאַנד און זיי געראָטען צו העלפען די אַליאירטע מלוכות אין דער מלחמה קעגן קייזער ווילהעלם אין דייטשלאַנד. נאָרדוי איז געווען איבערצייגט, אַז דער ציוניזם וועט פיל געווינען פון אַ זיג פון די אַליאירטע מלוכות, איינגעשלאָסען ענגלאַנד און אַמעריקע.

ווען נאָך דער מלחמה איז פאָרגעקומען די ערשטע ציוניסטישע קאָנפערענץ אין לאָנדאָן, אין יולי, 1920, איז דר. נאָרדוי שוין דעמאָלט געווען אין לאָנדאָן און ער איז געווען איינער פון די הויפּט־רעדנער ביי דער פאַרזאַמלונג אינ'ם גרויסען אַלבערט האָל. דאָרטען האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דעם דאָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זאָל באַלד אַרויסקומען מיט'ן רוף, אַז עס זאָלען געבראַכט ווערען פון מזרח־אייראָפּע אַ האַלבער מיליאָן אידען קיין ארץ ישראל. נאָרדוי האָט באַלד דערקלערט, אַז מען וועט זאָגען, אַז דאָס לאַנד איז ניט צוגעגרייט פאַר אַזאַ גרויסער מאַסן אימיגראַציע, און עס קענען נאָך אומקומען טויזענטער פון אונזערע ברידער. מיין ענטפער איז: ווער וועט גאַראַנטירן אַז עס וועלען ניט אויסברעכען פּאָגראָמען אויף אונזערע ברידער אין די ערטער וואו זיי וואוינען, און עס וועלען ביי אַזעלכע פּאָגראָמען נישט אומקומען צענדליגער טויזענטער אידן? נאָרדוי האָט זיך דעמאָלט נישט פאָרגעשטעלט, אַז פון דעם קולטורעלען דייטשלאַנד וועט אויפשטיין אַ היטלער און זיינע נאַציס, וואָס וועלען אומברענגען מיליאָנען פון אונזערע ברידער און שוועסטער, אַ דריטעל פונ'ם אידישען פאָלק?

עס איז אויך אינטערעסאַנט, אַז ווען דר. הערצל האָט זיך געטראָפען צום ערשטען מאָל מיט מאַקס נאָרדוי'ן, איז שוין דעמאָלט נאָרדוי געווען באַקאַנט מיט די נויטען פון דעם מזרח־אייראָפּעאישען אידענ־

טום, ווייל אין די ערשטע יאָרן, ווען נאָרדוי האָט פּראַקטיצירט מעדיצין אין פראַנקרייך, האָט ער זיך באַקענט מיט אַן אַנדערן מעדיצינער מיט'ן נאָמען דר. לעוועטאַל, אַ געבוירענער פון גאַליציע, וואָס האָט פּראַקטיצירט מעדיצין אין פראַנקרייך. דר. לעווענטאַל איז געווען איינער פון די וואָס האָט פאַראינטערעסירט באַראָן מאָריץ דע־הירש אין די נויטען פון דעם מזרח־אייראָפּעאישען אידענטום, און דאָס האָט געפירט צו דעם, אַז באַראָן הירש זאָל אויפנעמען דעם פּלאַן צו באַזעצען אידען אין אַרגענטינע. דר. נאָרדוי און דר. לעווענטאַל זענען געווען באַפריינדעט זייער גאַנץ לעבען.

עס איז אויך אינטערעסאַנט, וואָס דר. נאָרדוי, זייענדיג דורך דער ערשטער וועלט־מלחמה אין נייטראַלער שפּאַניע, האָט קאָרעספּאָנדירט מיט יעקב לאַנדאַו, דער גרינדער פון דער „אידישער טעלעגראַפען אַגענטור”. לאַנדאַו האָט זיך אין דער צייט פון דער מלחמה געפונען אינ'ם נייטראַלען האָלאַנד. זייענדיג פאַראינטערעסירט אַלס ציוניסט אין דעם וואָס נאָרדוי דענקט פון דער מלחמה; און וואָס דער אויסגאַנג קען באַדייטן פאַר'ן אידישען פאָלק, האָט ער קאָרעספּאָנדירט מיט דר. נאָרדוי'ן. נאָך איידער די מלחמה האָט זיך געענדיגט, האָט לאַנדאַו פאַרעפענטליכט זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט דר. נאָרדוי און דאָס האָט געפירט צו דעם וואָס די אידישע טעלעגראַפען אַגענטור זאָל געגרינדעט ווערען.

ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט פונ'ם 9טען ציון קאָנגרעס און האָב אָפּגעגעבען אַ באַריכט צו מיינע „עסטרייך־אונגאַרישע ציוניסטען”, זענען זיי געוואָרען באַגייסטערט וועגען דעם וואָס איך האָב דערציילט ווי אַזוי נאָרדוי'ס רעדע האָט אויסגענומען ביי די דעלעגאַטען צום קאָנגרעס, און מיר האָבען באַלד אַבאָנירט די „פּאָסישע צייטונג” פון דייטשלאַנד וואו נאָרדוי איז געווען אַ מיטאַרבייטער שרייבענדיג דאָרט פון פראַנקרייך. איך האָב אויך דערציילט דעם יונגען פירער פון דער ציוניסטישער יוגענד באַוועגונג אין אַמעריקע, מר. שניבערג, וועגען דער דראַמע וואָס נאָרדוי האָט געהאַט פאַרענדיגט מיט'ן נאָמען דר. קאָהען. שניבערג און זיינע פריינד האָבען זיך געסטאַרעט דאָס די דראַמע זאָל איבערזעצט ווערען פון דייטש אויף ענגליש, און דער דאַמאָלסטדיגער פאַרלאַג „לוס ענד קאָמפּאַני” פון באָסטאָן, האָט אַרויסגעגעבען דאָס ביכעל.

**חשוב'ער דר. סווערדלין!**

**אין עטליכע טעג אַרום, וועט ווערען 78 יאָר זינט מען האָט אויפגעפירט דר. טעאָדאָר הערצל'ס ערשטע דראַמע „טאַבאַרין", אויף דער אַמעריקאַנער ביינע.**

**ווען „טאַבאַרין" איז אויפגעפירט געוואָרען אויף בראָדוועי דעם 23טען נאָוועמבער, 1885, איז דר. הערצל אַלט געווען 25 יאָר. און דעמאָלט איז אַ טרופּע אונטער דער לייטונג פון דעם 'קייזער־קעניגליכע' שאַרשפּילער, פרידריך מיטענוואַרזער געקומען קיין אַמעריקע, די דירעקציע פון דעם דעמאָלטיגען טהאַליאַ טעאַטער, האָט זיך מיט־באַטייליגט און אויף 2 וואָכען האָבען זיי געדונגען דאָס סטאַר טעאַטער, אויף בראָדוועי און דער 13טער גאַס, אין אַ מאָנטאָג אָוועגט, דעם 23טען נאָוועמבער, איז די פאָרשטעלונג פאָרגעקומען מיט'ן אָנטייל פון דעם גרויסען עסטרייכישען שאַרשפּילער. אין דער דראַמע האָבען** זיך באַטייליגט נאָך 12 אַנדערע אַרטיסטען מיט דער גרויסער אַמעריקאַנער אַקטריסע, מאַטילדע מעדיסאָן, אין דער הויפּט־ראָל. די דראַמע האָט דר. הערצל איבער געאַרבט פון אַ געשעעניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּאַריז, אין יאָר, 1620 . . .

ווי הערצל האָט רעאַגירט אויף דעם, וואָס זייע ערשטע דראַמע איז געשפּילט געוואָרען (ווי מען האָט דאַמאָלס אָנגערופען אַמעריקע), די נייע וועלט, און טאַקע אין דער גרויסער שטאָט, ניו יאָרק, און אין סאַמען בראָדוועי, האָט מיר איבערגעגעבען הערצל'ס אינטימסטער פריינט, און מיטגרינדער און רעדאַקטאָר פון דער ציוניסטישער וואָכען־צייטונג „די וועלט", דר. ערווין ראָזענבערגער, מיט וועמען איך האָב זיך געטראָפען אין פלאָרענץ, איטאַליע.

דר. ראָזענבערגער, וואָס פלעגט זיך צו טרעפען מיט הערצל'ן כמעט יעדען פרי־מאָרגען, פלעגט זיך דורכשמועסען מיט הערצל'ן וועגען פילעס, וואָס הערצל האָט דורכגעלעבט אין זיינע יונגע יאָרען, און דעמאָלט האָט ער אויך געהערט פון אים וועגען זיין ערשטער דראַמע, וואָס מען האָט געשפּילט אויף בראָדוועי, אין יאָר 1885. הערצל איז דעמאָלט, אַלס יונגערמאַן, איבערהויפּט נאָך ניט געווען באַוואוסט, נישט נאָר אין ניו יאָרק, ער איז אויך נישט געווען באַקאַנט אפילו אין עסטרייך.

פאַר דער אויפפירונג איז אַלע מאָל געווען דאַנקבאַר דער נייער וועלט.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האַבער.



דר. טהעאָדאָר הערצל

## אַ איד, וועלכער איז געווען אַ שפּיאָן פון דעם רוסישען אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן האָט געזוכט אויספּרעסען געלט פון דר. הערצל׳ען

חשוב׳ער רעדאַקטאָר:

אייער חשוב׳ער מיטאַרבעטער, ס. רעגענסבערג, אין זיין אַרטיקעל, „איגאָר קאַסיני“, וועלכער איז פון „העכסטע פענסטער“ אַרונטער צו דער שוועל פון פּריזאָן, באַמערקט, אַז זיין זיידע איז געווען גראַף קאַסיני, דער צאַרישער אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן. דאָס דערמאָנט מיך אין דעם בריוו, וואָס דר. טעאָדאָר הערצל האָט געשריבען צו דר. ריטשאַרד גאָטהייל, פּראָפעסאָר אין קאָלומביא אוניווערזיטעט, וואָס איז גלייכצייטיג געווען דאַמאָלס דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין אַמעריקע, די היינטיגע „זי־אָ־עי“. דער בריוו איז געשריבען געוואָרען עטליכע טעג נאָך דעם 6טען ציון קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין באַזעל אין אויגוסט, 1903. הערצל, ווי באַוואוסט, האָט דאַמאָלס געהאַט אַ שווערע אויפגאַבע דורכצוזעצען ביים קאָנגרעס די רעזאָלוציע צו שיקען אַ קאָמיסיע קיין אוגאַנדאַ, אַפריקע, צו זעהן דאָס לאַנד [illegible] ענגלישע רעגירונג האָט פאָרגעלייגט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע צו באַזעצען דאָרטען אידען, אַלס אַ אידישע טעריטאָריע. און ווען דער קאָנגרעס האָט זיך געענדיגט און הערצל האָט זיך געוואָלט אויסרוהען, איז צו אים געקומען אַ מאַן און פאַרלאַנגט פון אים אַ גרויסע סומע געלט, ווען ניט וועט ער פּובליצירען דאָס, וואָס הערצל האָט גערעדט מיט מיניסטער פאָן פּלעווע אין פּעטערבורג. אַזוי ווי הערצל האָט אין זיין שמועס מיט פּלעווע׳ן אויך דערמאָנט דעם סולטאַן פון טערקיי, און דאַמאָלס האָט נאָך הערצל אונטערהאַנדעלט מיט׳ן סולטאַן וועגען אַ טשאַרטער אויף פּאַלעסטינע, און דאָס פּובליצירען אין דער עפענטליכקייט וואָלט געווען אַ גרויסע שטערונג, איז הערצל געווען זעהר געערגערט דערפון און ניט געוואָלט אַז דאָס זאָל פאַרעפענטליכט ווערען. אָבער ווען גאָטהייל האָט געלייענט אינ׳ם בריוו דעם נאָמען פון דעם מאַן, וואָס האָט פאַרלאַנגט דאָס געלט פון הערצל׳ען, איז ער ממש קראַנק געוואָרען, ווייל דער זוהן פון דעם מאַן איז געווען גאָטהיילס אינטימסטער פריינט. דר. סטיפען ס. וויין איז דאַמאָלס געקומען פון פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן, וואו ער איז געווען ראַבינער און ער האָט געגעבען אַן עצה, אַז די גאַנצע זאַך זאָל איבערגעגעבען ווערען צו דער פּינקערטאָן דעטעקטיוו אַגענטור. [illegible]ער רעפּאָרט איז געווען דאָס דער מאַן, אַ איד, איז געבוירען אין ביאַליסטאָק, און דינט אַלס שפּיאָן ביי גראַף קאַסיני, וואָס איז דאַמאָלס געווען דער צאַרישער אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן.

דאַמאָלס האָט די איינפלוסרייכע צייטונג, „ניו יאָרק וואָרלד“ באַשריבען דעם אידישען שפּיאָן (איך גיב נים אָן קיין נאָמען, ווייל איך גלויב, אַז נאָך איצט איז אַן אייניקעל פון אים אַ באַוואוסטער פּראָפעסאָר אין האַרוואַרד אוניווערזיטעט) און גאָטהייל אין זיין ענטפער צו הערצל׳ען האָט אים באַרוהיגט, אַז דער שפּיאָן וועט מעהר ניט אויפהויבען זיין קאָפּ און ער וועט פון דעם שפּיאָן מעהר ניט הערען. און אַזוי איז עס טאַקע געווען, הערצל האָט מעהר ניט געהערט פון אים. מערקווירדיג, הערצל האָט באַזוכט מיניסטער פאָן פּלעווע׳ן אין מיטען אויגוסט, און שוין מיט אַ מאָנאַט שפּעטער, איז דער שפּיאָן געקומען צו אים און געסטראַשעט. פון דעם זעהט מען, אַז ער האָט עס, וואַרשיינליך, געהערט פון גראַף קאַסיני, און ער איז טאַקע באַלד אַריבערגעפאָרען צו הערצל׳ען קיין ווינען, אויסצופּרעסען געלט. דר. גאָטהייל׳ס בריוו צו הערצל׳ען געפינט זיך אין די ציוניסטישע אַרכיוועז אין ירושלים, צווישען די איבער 150 בריוו פון דער קאָרעספּאָנדענץ צווישען גאָטהייל און הערצל׳ען.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האַבער,

ניו יאָרק, נ. י.

## זכרונות וועגן דר. בלומענפעלד

אינ׳ם אַרטיקעל פון אייער חשוב׳ען פאַרוואַלטונגס רעדאַקטאָר א. אַלפּערין, „די לעצטע טעג פון דייטשען אידענטום״, ציטירט ער פון די זכרונות, וואָס זענען לעצטענס אַרויס אין אַ בוך־פאָרם פון איינעם פון די וויכטיגסטע פירער פון די דייטשע ציוניסטן, דר. קורט בלומענפעלד.

אין דעם אַרטיקעל ווערט אויך דערמאָנט דער דעלעגירטער טאָג פון די דייטשע ציוניסטען (קאָנווענשאָן), וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין לייפּציג, אין יוני 1914. אַזוי ווי איך האָב בייגעוואוינט די קאָנווענשאָן, וויל איך עפּעס צוגעבען וואָס איז אינטערעסאַנט (אפשר וועלען זיך נאָך אָפּרופען ציוניסטען, וואָס זענען געווען ביי דער קאָנווענשאָן אין לייפּציג).

עס געדענקט זיך ווי קורט בלומענפעלד, אַ יונגער מאַן, האָט דעבאַטירט מיט דר. אַרטור האַנטקע, וואָס איז געווען פיל עלטער פון אים.

אַחוץ עליה קיין ארץ ישראל האָט די קאָנווענשאָן אויך דעבאַטירט וועגען געבען מער הילף צו די יונגע ציוניסטען, וואָס זיינען געגאַנגען אונטער׳ן נאָמען בלוי־ווייס. די ברידער דר. מאַרטין און דר. פעליקס ראָזענבליט האָבען זיך באַטייליגט אין דער דעבאַטע און ווען מען האָט געזען אַז עס נעמט אָן אַ שווערע און האַרטע שטעלע איבער דעם, וואָס פאַר הילף עס זאָל געגעבען ווערען צו די יונגע ציונסטען, האָט מען געבעטען דר. אַלפרעד קלעע, אַ באַוואוסטער אַדוואָקאַט פון בערלין, וואָס איז אויך געווען פון די פירער פון די דייטשע ציוניסטען און ערשט ער האָט געראַטעוועט די סיטואַציע.

ווען כ׳בין אָנגעקומען פון האַמבורג קיין לייפּציג און געזען ווי די שטאָט איז געווען באַצירט מיט ווייס־בלויע סטענגעס אין האַרץ פון דער שטאָט, האָב איך זיך געוואונדערט, אַז מען זאָל אָפּגעבען אַזוי־פיל כבוד ציוניסטן; אָבער אין זאַל פון דער קאָנווענשאָן האָט מיר מר. זיידמאַן, אַ זשורנאַליסט, וואָס האָט אויך באַריכטעט צום „אידישען טאָגבלאַט״ אין ניו יאָרק, דערקלערט, אַז די ווייס־בלויע באַנערס הענגען דערפאַר, ווייל עס איז אַ נאָמענסטאָג אין דעם טייל דייטשלאַנד, וואָס איז באַקאַנט אַלס סאַקסאָניע און בלוי־ווייס איז זייערע קאָלירען.

ווען מען האָט פאַרגעלייענט אַ



דר. קורט בלומענפעלד

באַגריסונג פון נעיטען שטרויס פון ניו יאָרק, האָב איך באַמערקט ווי מיין פריינט זיידמאַן איילט זיך אַרויסצוגיין פונ׳ם זאַל. אויף מיין פראַגע, וואו ער לויפט, איז זיין ענטפער געווען: „איך מוז גלייך שיקען אַ טעלעגראַמע צום „טאָג־בלאַט״ די נייעס, אַז אָסקאַר שטרויס האָט געשיקט אַ באַגריסונג צו דער קאָנווענשאָן״. איך האָב אים אויפ־מערקזאַם געמאַכט, אַז די טעלע־גראַפישע באַגריסונג איז געקומען פון זיין ברודער נעיטען, נישט פון דעם אידישען דיפּלאָמאַט אָסקאַר, האָט ער זיך אויף מיר צעבייזערט: „עס איז נישט קיין נייעס, אַז נעיטען שטרויס איז אַ ציוניסט, אָבער ווען איך טעלעגראַפיר צו מיין צייטונג, אַז אָסקאַר האָט באַגריסט איז דאָס אַ נייעס פאַר די לייענער פונ׳ם „טאָגבלאַט״.

און אַזוי איז דאָס טאַקע געווען: ער האָט יאָ געשיקט די טעלעגראַ־מע צום „טאָגבלאַט״ אין ניו יאָרק; אַזוי ווי איך בין דעמאָלט געבליבען אַ לענגערע צייט אין אייראָפּע, האָב איך ניט נאָכגעפאָלגט, צי די צייטונג האָט געדרוקט די טעלעגראַ־מע. איך דענק, אַז זי איז געווען גע־דרוקט, ווייל זיידמאַן האָט טעלע־גראַפירט שבת אָוונט, אַז די נייעס זאָל געדרוקט ווערען זונטאָג אין דער פרי.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האַבער,

ניו יאָרק.

יהודה שפיגל,
רח' בן יהודה 105,
<u>ת ל - א ב י ב.</u>

תל אביב, יום ב' י' חשון תשכ"ד

(28.10.1963)

ליעבער פריינד יוליאוס האבער !

איך האף און ווינש, אז דיעזע שורות וועלען דיך און דיין בעסערע העלפט אנטרעפען ביי בעסטער געזונדהייט און גוטען הומאר. און איין איין וועגס לאמיך אויסדריקען די האפנונג אז דו וועסט מיך באלד דערפרעהען מיט א פאר ווערטער.

איך האב ביז אצינד נישט נור צו דיר נור איבערהויפט נישט געשריבען צו קיינעם. דו פרעגסט פארוואס? איך וויל נישט לייקענען, נור זאגען דעם אמת, זינט מיין שרייבען צו דיר פון חיפה, פון וואנען איך בין דעם אנדערען טאג א קראנקער אהיימגעקומען, האב איך נאך צו קיינעם נישט געשריבען, ווייל איך האב מיט מיר צו טון געהאט, איין טאג צו דעם דאקטאר, דעם אנדערען טאג צו יענעם דאקטאר, היינט אזא אונטערזוכונג, מארגען אזא רענטגען בעשטראהלונג און אזוי ווייטע און ווייטער. די היילי-גע טייערע ימים טובים זענען לײדער נישט יום-טוב'דיג געווען. א חוץ איין די לאבאראטאריעס בין איך מאנאטע לאנג נישט ארויסגעקומען פון הויז. אצינד דאכצעך מיר הייב איך אן צו ווערען צוריק א מענש, א סימן איך שרייב צו דיר (דאכצעך מיר איך א מענשליכער שפראך ...)

מיין פאמיליע, די גרויסע און די קליינע זענען ברוך השם געזונד, דאס קליינע פאלק ענטוויקעלט זיך ברוך השם קערפערליך און גייסטיג, אזוי אז איך האב דאס רעכט און די פפליכט צו דאנקען דיין ליעבען נאמען, וואס קען מען זיך מעהר ווינשען אויף די אלטע יאהרען?

חאטש איך בין איבערצייגט אז דו ווייסט אז איך וועל מיך פרעהען צו הערען פון דיר א פאר ווערטער, האלט איך עס פון דעסוועגען נישט פאר איבעפליסיג דיר בפירוש צו זאגען אז איך ערווארט א שרייבען, "וכל המרבה הרי זה משובח" ודי לחכימא ברמיזא "

מיט בעסטער פריינדשאפט

דיין

יהודה שפיגל

דער טאָג־מאָרגען זשורנאַל 18טער אָקטאָבער, 1963

**ד״ר. הערצל און דר. נ. בירנבוים**

חשוב׳ער רעדאַקטאָר:

אייער חשוב׳ער מיט־רעדאַקטאָר א. אַלפּערין, אין זיין אַרטיקעל „פאַרוואָס זיינען מיר געגאַנגען צום ערשטען ציוניסטישן קאָנגרעס״, ציטירט דר. לעאָן מאָצקין, איינער, וואָס איז געווען ביי דעם ערשטען קאָנגרעס. מאָצקין האָט דערקלערט, אַז ביי דער ערשטער ציוניסטישער וועלט־אסיפה זיינען געווען אויך אַ סך מאָמענטען פון עגמת־נפש. אפשר מיינט ער מיט דעם, ווי אַזוי הערצל האָט געקעמפט געגען אַ רעזאָלוציע, וואָס יונגע פריינט פון דר. נתן בירנבוים האָבען פאָרגעבראַכט פאַר׳ן קאָנגרעס, און וואָס הערצל האָט באַטראַכט אַז עס קען שעדיגען די נייע ציוניסטישע באַוועגונג. די רעזאָלוציע האָט געלויטעט, אַז „דער גענעראַל סעקרעטאַר פון דער נייער ציוניסטישער וועלט באַוועגונג זאָל דערוויילט ווערען ביים קאָנגרעס, אין אויך, אַז דער קאָנגרעס זאָל צאָלען דאָס געהאַלט, און דער סעקרעטאַר זאָל האָבען די זעלבע פולמאַכט פאַראַלעל מיט די 22 מיטגלידער פונ׳ם ציוניסטישען אַקציאָנס קאָמיטעט. און געגען דעם האָט דר. הערצל געקעמפט. כאָטש אין הערצל׳ס טאָג־ביכער ווערט אָנגעגעבען עפּעס וועגען דער רעזאָלוציע, אָבער מערערע איינצעלהייטען האָט מיר איבערגעגעבען הערצל׳ס מיט־רעדאַקטאָר פון דער אָפיציעלער ציוניסטישער וועכענטליכער צייטונג „די וועלט״, דר. ערווין ראָזענבערגער, מיט וועמען איך האָב זיך געטראָפען אין פלאָרענץ, איטאַליע, וואו ער האָט זיך באַזעצט.



**דר. נתן בירנבוים**

**אַ פּיאָנער פון ציוניזם אין גאַליציע, באַקאַנטער שריפטשטעלער און דענקער, איז דערנאָך אַריבערגעגאַנגען צו דער „אַגודת ישראל״ און געוואָרען איר פירער.**

דר. ראָזענבערגער האָט מיר דערציילט, אַז ווען הערצל האָט זיך צוריקגעקערט פונ׳ם ערשטען קאָנגרעס, איז ער גלייך געקומען אין דער רעדאַקציע פון דער צייטונג

און מיט פרייד אים איבערגעגעבן, אַז דער קאָנגרעס איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג, אָבער עס זיינען אויך געווען מאָמענטן, ווען ער האָט געהאַט גרויס עגמת נפש. איבערהויפּט, ווען ער האָט געהאַט צו קעמפן קעגן דער רעזאָלוציע פון דר. בירנבוים׳ס פריינט. הערצל האָט שוין געוואוסט פון פריער, אַז בירנבוים וואָלט געוואָלט זיין דער גענעראַל סעקרעטאַר, אָבער גלייכצייטיג וואָלט ער געוואָלט האָבן די מאַכט צווישן איין קאָנגרעס און צווייטן, און צו דעם האָט הערצל נישט געקענט צושטימען. בירנבוים איז שוין דעמאָלט געווען באַוואוסט אַלס דער איניציאַטאָר פון דעם סטודענטן פאַראיין „קדימה״ און אויך אַלס דער יעניגער, וואָס איז געווען דער ערשטער אַרויסצוברענגען דאָס וואָרט „ציוניזם״ — און הערצל האָט איינגעזען, אַז ער וועט זיך מיט אים מוזן רעכענען, אָבער די רעזאָלוציע האָט געמוזט באַקעמפט ווערן. דר. ראָזענבערגער האָט מיר געגעבן אַן עצה, אַז ווען איך וועל זיין אין ירושלים, זאָל איך זיך ווענדן צו עטליכע ציוניסטישע וועטעראַנען, וואָס געפינען זיך נאָך אין ישראל. און ביי הערצל׳ס יאָרצייט האָב איך זיך געטראָפן מיט דעם ציוניסטישן וועטעראַן פון טשערנאָוויץ, דר. מאיר עבנער ז״ל, און ווען מיר האָבן גערעדט וועגן דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין 1897, האָב איך אים געפרעגט וועגן דער רעזאָלוציע. אויך דר. עבנער האָט געדענקט זעהר גוט ווי אַזוי די פריינט פון דר. בירנבוים האָבן געקעמפט, אַז די רעזאָלוציע זאָל דורכגיין. הערצל האָט נישט געהאַט קיין לייכטע אַרבעט איבערצוצייגן דר. בירנבוים׳ס אָנהענגער. הערצל האָט געוואוסט, אַז דר. בירנבוים שטייט אונטער דער רעזאָלוציע, ווייל שוין מיט עטליכע טעג פאַר׳ן קאָנגרעס איז הערצל געוואָר געוואָרען, און טאַקע פון בירנבוים׳ען אַליין, אַז ער זוכט דעם אַמט פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער נייער באַוועגונג. ווען הערצל האָט געזען וואָס בירנבוים האָט געהאַט אין זינען, צו זיין דער אַליין־הערשער פון דער באַוועגונג, האָט ער, הערצל, דאָס פאַר קיין פאַל נישט געקענט צולאָזן, און פאַר דעם האָט ער אַזוי שטאַרק געקעמפט.

נאָך דעם ווי הערצל האָט באַזיגט די רעזאָלוציע, איז ער געווען אינגאַנצן ערשעפּט, און האָט איבערגעגעבן די פירערשאַפט אַלס פאָרזיצער פונ׳ם קאָנגרעס צו דר. מאַקס נאָרדוי און זיך אַוועקגעזעצט אַ מידער און אַ בלייכער. עס איז צו אים צוגעקומען מאַדאַם ראָוז סאָנענשיין פון סט. לואיס. זי איז געווען די אַרויסגעבערין פון אַ פּובליקאַציע אין ענגליש „דהי דזשויש וואומען אין אַמעריקע״, און איז אויך געווען אַ דעלעגירטע צום קאָנגרעס. זי האָט געזאָגט צו הערצל׳ען אין ענגליש: „זיי וועלען אייך פאַרפייניגען״.

א. אַלפערין דאַרף ווייטער אָנגיין מיט זיין וויכטיגער און אינטערעסאַנטער באַשרייבונג פון אונזער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס האָט געפירט אין אונזערע טעג צו מדינת ישראל.

מיט דרך ארץ, אייערער,
דזשוליוס האַבער,
ניו יאָרק

פאָרווערטס, דאָנערשטאָג, אויגוסט 29, 1963

# אַ גרוס פון בן גוריון׳ען

חשוב׳ער רעדאַקטאָר:

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַרטיקעל פון אייער חשוב׳ען מיטאַרבעטער אליעזער ווייזעל: „בן גוריון ווערט ווייטער געהיט געגען אַנפאַל און משוגעים“, וועט איר מיר ערלויבען צוצוגעבען אייניגע שטריכען וועגען דעם געוועזענעם פרעמיער מינסטער פון מדינת ישראל.

בן גוריון, זיין פרוי און זיינע צוויי לייב גוואַרדיסטען האָבען פאַרבראַכט אַ וואָך אינ׳ם זעלבען שרון האָטעל אין הרצליה, וואו מיין פרוי און איך האָבען לעצטענס פאַרבראַכט און מיר האָבען זיך געזעהן יעדען פרימאָרגען ביים פרישטיק און אין אָוועכט — ביים אָוונט־ברויט. איך קען עדות זאָגען, אַז ווען ניט די לייב־גוואַרדיסטען, וואָלט בן גוריון אפילו ניט געקענט אָפּעסען אַ מאָלצייט אין האָטעל, ווייל יעדער איינער, איבערהויפּט, די געסט פון אַמעריקע, וואָס האָבען שוין אַמאָל באַגעגענט דעם גרויסען אידישען פירער, וואָלט געוואָלט כאַפּען אַ שמועס מיט אים. אָבער די גוואַרדיסטען האָבען שוין אַכטונג געגעבען אַז ער זאָל ניט געשטערט ווערן.

נאָך איידער איך בין געפאָרען אויף מיין איצטיגען באַזוך קיין ישראל, האָב איך באַקומען פון בן גוריון׳ען אַ באַגריסונג צו מיין 75טען געבורטסטאָג און אַזוי ווי איך קען בן גוריון׳ען זייט זיין ערשטען באַזוך אין אַמעריקע אין 1916, ווען ער פלעגט אַרויסקומען צו אונזער „עסטרייך אונגאַרישען ציון פאַראיין“, אויף דער צווייטער עווענױ, און אין די שפּעטערע יאָרען האָבען מיר זיך געטראָפען ביי די ציוניסטישע קאָנגרעסען און אויך אין ארץ ישראל, האָב איך געוואָלט פּערזענליך דאַנקען פאַר דעם בריוו, וואָס ער האָט מיר לעצטענס צוגעשיקט פון מדינת ישראל בעת ער איז נאָך געווען דער פרעמיער מיניסטער. אָבער ווען איך האָב געזעהן די גוואַרדיסטען, האָב איך איינגעזעהן, אַז מען דאַרף ניט שטערן זיין רוה.

אויף דער עצה פון איינעם פון די לייב־גוואַרדיסטען, האָב איך איבערגעלאָזט אַ בריוועל פאַר אים, און דאָנערשטאָג אָוונט, דעם 25טען יולי, האָט מיך בן גוריון איינגעלאַדען און מיר האָבען פאַרבראַכט אַ קורצע צייט. ווי נאָר איך האָב געזעהן אויף זיין שרייב־טיש פיל מאַטעריאַל, וואָס ער האָט געהאַלטען אין שרייבען, האָב איך איינגעזעהן, אַז יעדע מינוט איז ביי אים געצעהלט און איך האָב ניט געהאַט קיין רעכט צו רויבן זיין צייט אפילו פאַר איין מינוט.

עס איז געווען אינטערעסאַנט ווי אַזוי די קריסטען (באַפּטיסטען), וואָס זיינען אויך איינגעשטאַנען אינ׳ם זעלבען האָטעל, האָבען געקויפט דאָס בוך פון בן גוריון און אין מאַסען זיינען זיי געקומען אויף אַ באַשטעלונג אין זיין צימער און ער האָט זיך מיט זיי פאָטאָגראַפירט און זיך אונטערגעשריבען אינ׳ם בוך. צוערשט האָב איך געמיינט, אַז דאָס זיינען אידען און ווען אַ קליין אינגעל פון 11 יאָר האָט מיר געוויזען בן גוריונ׳ס אונטערשריפט אין זיין בוך, האָב איך אים געפרעגט, צי ער וועט דאָס ווייזען זיין העברעאישען לעהרער אין גרעיטנעק. אויף דעם איז געווען זיין ענטפער, אַז ער וועט דאָס ווייזען זיין עוואַנגעלישען לעהרער. ערשט דאַן האָב איך זיך געכאַפּט, אַז ער איז איינער פון דער באַפּטיסטישער גרופּע.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האבער,

ניו יאָרק, נ. י.

דער טאָג מאָרגען זשורנאַל

מיטוואָך, 21טער אויגוסט, 1963

אין גאַנג פון טאָג

# אַראַבישע אייניגקייט — ישראל

פון ב. צ. גאָלדבערג

פון דזשוליוס האַבער, אַ לעזער וואָס געדענקט אַזוי פיל פון דער אַמאָליגער געשיכטע פון ציוניזם אין אַמעריקע און פון ציוניזם בכלל (און דאָס אינטערעסאַנט באַשריבען אין אַ בוך אויף ענגליש און העברעאיש), האָב איך אַ בריוו, אין וועלכען ער הויבט אויף די פראַגע, צי אַראַבישע אייניגקייט וואָלט געטויגט פאַר ישראל.

דזשוליוס האַבער שרייבט:

אין אייער קאָלום האָט איר געשריבען:

„קודם כל איז דאָך אין דער אמת'ן עגיפּטען ניט אין נאָענטען מזרח און ניט קיין אַראַביש לאַנד. עגיפּטען איז אַ טייל פון אַפריקע און אירע הויפּט־אינטערעסען זיינען גאָר אין אַפריקע".

„איך לייג אייך ביי אַן אויסצוג פון אַ לייט־אַרטיקל פון יאַן קימכע, וואָס איז וואַרשיינליך גוט באַקאַנט צו אייך, ער איז דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון'ם „דזשואיש אָבזירווער ענד מידל איסט רעוויו". דאָס לייט־אַרטיקעל האָט ער געשריבען נאָך מיט פינף יאָר פריהער, אָבער מיט עטליכע חדשים צוריק האָט ער דאָס אַרטיקעל ווידערהאָלט, דאָס מיינט, דאָס ער האַלט זיך נאָך אַלץ ביי זיין מיינונג. אַזוי ווי ער איז באַקאַנט מיט'ן מיטל־מזרח און קען אויך די אַראַבישע מענטאַליטעט, מיינט דאָס, אַז ער ווייסט וואָס ער רעדט. אין אַנדערע ווערטער, ווען אַ הויכער אָפיציר פון דער ישראל־אַרמיי האָט אים איבערגעגעבען דאָס די סאָלדאַטען, וואָס זיינען געפאַנגען געוואָרען אין סיני־קאַמפּעין, האָבען זיך געהאַלטען אַלס אַראַבער, מיינט דאָס נישט אַז אַזוי פאַרלאַנגט נאַסער? און אַזוי דערקלערן די סאָלדאַטען, כאָטש זיי ווייסען אַז זיי זיינען עגיפּטער. ווי האַלט איר, פריינט גאָלדבערג, איז עס אַזוי, אָדער אַפילו יאַן קימכע מאַכט אויך אַ גרויסען טעות און מען טאָר זיך ניט פאַרלאָזען אויף זיינע דערקלערונגען, צי עס וועט זיין גוט פאַר ישראל אַ פאַראייניגונג פון די אַראַבער. ווי האַלט איר? אַזוי ווי דאָס איז אַן אָנגעווייטאָגטע פראַגע און מיר זיינען זעהר און זעהר פאַראינטערעסירט אין דעם, וויל איך בעטען דאָס איר זאָלט אויף דעם רעאַגירען".

איך קען יאַן קימכע'ן און ווייס, אַז ער איז שוין יאָרענלאַנג פאַראינטערעסירט אין אַראַבישע ענינים און איז אַ מומחה דערין, אָבער ניט אַלעמאָל קען דער מומחה אין איין פּרט אָפּשאַצען די גאַנצע לאַגע, אין וועלכער עס גייען אַריין פאַרשיידענע פּרטים.

עס איז אמת ווי יאַן קימכע שרייבט, אַז פאַר דער לעצטער צייט האָט דער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין זיך היבש אַנטוויקעלט ביי די אַראַבער, אָבער דאָס האָט נישט דווקא אַ פּאָליטישען באַטייט. ווען מען פרעגט אַ אידען וואָס ער איז, וועט ער אויך זאָגען, אַז ער איז אַ „איד", אָבער דאָס הייסט ניט, אַז דער איד מיינט מיט דעם, אַז ער איז פּאָליטיש פון אַ אידישער מדינה, אָדער אַז אַלע אידען געהערען פּאָליטיש צו איין מדינה.

ווען דער אַראַבער זאָגט, אַז ער איז אַן אַראַבער, מיינט ער מיט דעם זיין איסלאַמישען גלויבען, זיין אַראַביש לשון, זיין אַראַבישן אָפּשטאַם. אַז אַלע אַראַבער מוזען אויך באַלאַנגען פּאָליטיש צו איין מדינה — אָט דאָס וויל נאָר אַ געוויסער קרייז אַראַבישע פּאָליטיקער אַרויפצווינגען אויף די אַראַבישע מאַסען — און עס לאָזט זיך ניט, מחמת עס איז דאָ אַ קעגענגעוויכט פון לאָקאַלע אינטערעסען.

מען וואָלט געקענט ציען אַ פּאַראַלעל מיט לאַטיין־אַמעריקע. דאָרטען זיינען אויך דאָ מענשען פון איין גלויבען — קאַטויליש; מיט איין לשון — שפּאַניש; מיט איין אָפּשטאַם — שפּאַניש, אָדער שפּאַניש־אינדיאַניש. און זיי זאָגען אויף זיך, אַז זיי זיינען אַמעריקאַנאַ־לאַטינאַ. פונדעסטוועגען האָבען מיר דאָרטען אָנדערהאַלבען צענדליג באַזונדערע מדינה'ס. און דאָרטען איז אויך אין פאַרשידענע צייטען גערעדט געוואָרען וועגען אַ פעדעראַציע פון אַלע לענדער.

אַז די עגיפּטער זיינען ניט קיין אַראַבער פון אַר־שטאַם, אָדער שטאַרק אויסגעמישט אַראַביש מיט אַן אַנדערער ראַסע — איז ניט קיין פראַגע פון קימכע צי פון מיר, צי וואָס אַן עגיפּטער האָט ווען געזאָגט, דאָס איז אַן עטנישער פאַקט. דער בונד פון עגיפּטען מיט די אַראַבישע לענדער אין נאָענטען מזרח איז תמיד געווען דער גלויבען איסלאַם, וואָס זיין לשון איז אַראַביש, ניט אַראַבישע נאַציאָנאַליטעט. און אַז די נאַציאָנאַלע און עקאָנאָמישע אינטערעסען פון עגיפּטען ליגען היינט אין אַפריקע, אין די שכנ׳ישע לענדער דאָרטען, איז אויך ניט קיין פראַגע פון אויסטייטש, נאָר פון די אָביעקטיווע באַדינגונגען. מען דאַרף נאָר אַ קוק טאָן אין די טאָג־טעגליכע פּראָבלעמען, מיט וועלכע די פירער פון דער מלוכה עוסק׳ן זיך, די ברויט־און־פּוטער פּראָבלעמען פון דער מדינה.

מיט די אַראַבישע לענדער פון נאָענטען מזרח האָט נאַסער אַן עסק נאָר ווען עס קומט צו פּאָליטישער אַוואַנטורע אין זיין אַמביציע אויפצובויען אַן עגיפּטישע אימפּעריע — אין דעם פּרט גייט נאַסער נאָך מוסאָליני׳ן. אין איין צייט האָט נאַסער אַפילו געחלומ׳ט פון אַן עגיפּטישער אימפּעריע, וואָס זאָל אויך איינשליסן די אַנדערע „אַראַבישע" לענדער פון צפון־אַפריקע, וואָס זיינען נאָך ווייניגער אַראַביש ווי עגיפּטען, אָבער דאָ האָט דער הינט באַלד דערזען דעם שטעקן, און ער האָט זיך פאַרלייגט אויף די אַראַבישע לענדער פון נאָענטען מזרח. אָבער אויך דאָ האָט ער זיך אָנגעשלאָגען אין אַן אייזערנער וואַנט.

די אייזערנע וואַנט איז דאָ איראַק. כל זמן איראַק שטייט קעגען נאַסער׳ן, קאָן נאַסער ניט באַקומען די העגעמאָניע איבער די אַראַבישע לענדער. די איראַקישע אָפּאָזיציע נעמט אַוועק פון נאַסער׳ן דעם מאָנאָפּאָל איבער דער אידייע פון אַראַבישער איינִיגקייט און אַראַבישען סאָציאַליזם, און שטעלט אַוועק נאַסער׳ן אין זיין אמת׳ן ליכט פון אַ נייעם סולטאַן, וואָס וויל באַהערשען פרעמדע לענדער. אפילו סיריע, וואָס איז אַלעמאָל די „שוואַכסטע שוועסטער" פון די אַראַבישע לענדער—צוליב אינערליכע סאָציאַלע סיבות—קאָן שטיין קעגען נאַסער׳ן, ווייל זי האָט איראַק ביי דער זייט. און דעם 6טען אויגוסט האָט די נייע סירישע רעגירונג פון צעלאַק אל ביטאר אַרויסגעגעבען אַ דערקלערונג, אַז קיין דערנענטערונג צווישען סיריע און עגיפּטען קאָן ניט קומען סיידען עגיפּטען וועט דערקלערען, אַז די אל־באַאַט פּאַרטיי איז אַן אַראַבישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי — און דאָס קאָן נאַסער ניט טאָן.

פאַר דער נאָענטער צוקונפט איז די אַראַבישע איינִיגקייט נאָר אַ פּאָליטישער שיבולת, ניט קיין רעאַל־פּאָליטיק.

פאַראַן אַן אָריענטאַציע, צו וועלכער עס געהערט אויך יאַן קימכע, וואָס גייט אַזוי :

די אַראַבער געפינען זיך בנוגע ישראל אין אַ דילעמאַ : גיין מיט גוואַלד אָפּשאַפען ישראל, האָבען זיי קיין מיליטערישען כוח ניט ; אָנערקענען ישראל און מאַכען שלום, האָבען זיי קיין פּאָליטישען כוח נישט, ווייל איין אַראַבישע מלוכה וואָלט אַזאַ ווענדונג מצד אַ צווייטער אויסגענוצט פאַר אירע צוועקן. דעריבער, ווען אַלע אַראַבישע לענדער וואָלטען געווען פאַראייניגט, וואָלט די פאַראייניגטע מלוכה געקאָנט זיין פּאָליטיש שטאַרק גענוג צו מאַכען שלום מיט ישראל.

איך מוז זאָגען, אַז איך בין גאָר ניט זיכער מיט די ביידע הנחה׳ס. עס וואָלט געווען זעהר לייכטזיניג פון ישראל צו האַלטען, אַז דער איצטיגער מיליטערישער באַלאַנס קאָן קיינמאָל זיך ניט ענדערן צום גונסטען פון די אַראַבער. און אַ פאַראייניגטע אַראַבישע מלוכה וואָלט זיך פונקט אַזוי גענויטיגט אין אַ ישראל פאַר אַ שעיר לעזאזל, ווי די היינטיגע עטליכע אַראַבישע מלוכות דאַרפען דאָס האָבען. אַ פאַראייניגטע מלוכה פאַר די אַראַבישע לענדער, ווען אפילו דאָס זאָל יאָ מעגליך זיין, וואָלט פאַרמאָגט אַזוי פיל אינערליכע ווידערשפּרוכען, מיט אַזאַ גרויסען אייגענעם ויתרוצו, אַז זי וואָלט ערשט באַדאַרפט די „ישראל־געפאַר" אויפצוהאַלטען איר גאַנצקייט.

השומ'ער דר. נ. סווערדלין :

אין אייער רעצענזיע איבער דעם פילם „לאָורענס אָוו אראַביע”, האָט איר איבערגעלאָזט דעם נאָמען פונ'ם הויפּט-פּראָדויסער, סעם שפּיגעל. עס איז אינטערעסאַנט, דאָס מר. שפּיגעל האָט עולה געווען אין 1920 קיין ארץ-ישראל, און אַלס אַ חלוץ האָט ער צוערשט געאַרבעט, צוזאַמען מיט בן-גוריון'ען, אויף דער שאָסיי ירושלים-נצרת.

אייגענטליך האָט ער זיך אין זומער פון 1920 אָנגעשלאָסן אין דער גרויסער גרופּע פון מיינע ביבעריקער לאַנדסלייט, און צוזאַמען מיט יענער גרופּע, וואָס ציילט היינט באַוואוסטע פּערזאָנען, ווי פּראָפעסאָר מיכאל זאָהארי, פון העברעאישען אוניווערזיטעט; דר. ישכנא קאלעי, וואָס איז שוין פיל יאָרען לייטער פונ'ם ירושלימ'ער שול-סיסטעם, און אויך אַנדערע חשוב'ע ביבעריקער אין מדינת-ישראל, איז סעם שפּיגעל אויך געווען איינער פון די בויער פון קיבוץ בית אלפא.

סעם שפּיגעל'ן האָב איך געטראָפען אינ'ם יאָר 1924 אין תל-אביב, וואו ער האָט געוואָלט צוציען אַמעריקאַנער אידישען קאַפּיטאַל פאַר דער דעמאָלט גרויסער סטאָלעריי פון גאָראַלסקי און קרוניצקי, דער היינטיגער מעיאָר פון רמת גן.

מיט עטליכע יאָר שפּעטער האָב איך זיך געטראָפען מיט סעם שפּיגעל'ן אין ניו יאָרק, און דאָן איז ער אָפּגעפאָרען קיין האָליוואוד, וואו ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט מואווים. צוערשט איז ער אָנגעגאַנגען אַלס ס. פּ. איגעל, שפּעטער האָט ער שוין געאַרבעט אונטער דעם איצטיגען נאָמען.

ווען ער האָט אַנאָנסירט, אַז ער פאָרט קיין עבר הירדן, צו דרייען דעם פילם „לאָורענס אָוו אראַביע”, האָט עס מיך געוואונדערט, ווי קומט עס, אַז ער זאָל אַריינגעלאָזט ווערען אין עבר-הירדן ? איך בין שפּעטער געוואויר געוואָרען, אַז איינער פון דער פילם-געזעלשאַפט איז דער געוועזענער אינערן-מיניסטער פון ענגלאַנד, מר. נאָטינג, וואָס איז געווען קעגן ענגלאַנד'ס אינוואַזיע אין סועץ-קאַנאַל אין 1956. ער האָט דעמאָלט רעזיגנירט פון דעם ענגלישען קאַבינעט, און אַלס אַ „פּערזאָנאַ גראַטאַ” ביי די אַראַבער האָט ער שוין געקאָנט מאַכען פריי דעם וועג פאַר סעם שפּיגל'ען אַריינצוקומען קיין עבר-הירדן.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט די פּרעסע געבראַכט די נייעס, אַז סעם שפּיגעל פאָרט מיט זיין יאַכט קיין עבר-הירדן. האָבען מיר זיך געפרעגט : וואו וועט ער האַלטען דעם יאַכט, ווייל דער ירדן-טייך, וואָס פליסט דאָרטען, איז נישט גרויס גענוג פאַר אַ יאַכט. שפּעטער איז געווען אָנגעגעבען, אַז ער האַלט דעם יאַכט אין אַקאַבאַ-גאָלף.

סעם שפּיגעל האָט זיך דערוואַרט, אַז צו דער דערעפענונג פונ'ם פילם „לאָורענס אָוו אַראַביע” זאָל קומען די ענגלישע קעניגין און זיך אונטערהאַלטען מיט איהם פאַר אַ האַלבער שעה צייט. עס וואונדערט מיך, וואָס סעם שפּיגעל'ס מוטער, וועלכע וואוינט אין חיפה, וואָלט געזאָגט, ווען זי זעט, ווי איר זון רעדט פאַר אַ האַלבער שעה מיט דער קעניגין פון ענגלאַנד אין אַ מואווי-הויז אין לאָנדאָן.

מיט דרך ארץ,

**דזשוליוס האבער.**

6

פאָרווערטס
דזשולאַי 13, 1963

## סטיפּענדיע לכבוד דזשוליוס הייבער עטאַבלירט אין רעאַל שול אין חיפה

ירושלים, יולי 12 (איטאַ). — אַ סטיפּענדיע לכבוד דעם 75־טען געבורטסטאָג פון דזשוליוס הייבער, אַמעריקאַנער ציוניסטישער וועטעראַן, איז עטאַבלירט געוואָרען אין דער חיפה רעאַל־שול. די סטיפּענדיע וועט אויך באַצייכענען דעם 50טען יאָרטאָג פון דער שול. הייבער׳ס זיהן האָבען געגעבען אַ סומע פון 10,000 ישראל־פונט אויף דער סטיפּענדיע.

טאָג־מאָרגען זשורנאַל
25טער אויגוסט 1963

## סטיפּענדיע לכבוד ציוניסטישן וועטעראַן דזשוליוס האַבער

אַ סטיפּענדיע לכבוד דעם 75טן געבורטסטטאָג פון דזשוליוס האַבער, אַמעריקאַנער ציוניסטישער וועטעראַן, איז עטאַבלירט געוואָרן אין דער רעאַל שולע אין חיפה, דורך זיינע קינדער, וועלכע זענען פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען שילער אין דער שולע, און וואוינען איצט אין ישראל. מר. האַבער׳ס קינדער האָבן געגעבן 10,000 פונט. די סומע וועט פאַרווענדעט ווערן אויף סטיפּענדיעס פאַר שילער.

מר. האַבער האָט עס באַקאַנט געמאַכט ווען ער האָט זיך איצט צוריקגעקערט פון ישראל, וואו ער איז געווען אַ דעלעגאַט צו דער ציוניסטישער קאָנווענשאָן. צו האַבער׳ס געבורטסטאָג זענען אָנגעקומען, נאָך איידער ער איז געפאָרן קיין ישראל, באַגריסונגען פון געוועזענעם פּרעמיער מיניסטער דוד בן־גוריון, ווי אויך פון איצטיגן וויצע פּרעמיער, אבא איבאַן; ישראל אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן, אברהם האַרמאַן, און פון אַנדערע וויכטיגע ישראל־פּערזענליכקייטן.

דער טאג־מארגן זשורנאל־מיטוואך, 10טער יולי, 1963

## אמעריקע און דער קישיניעווער פאגראם

השוב'ער רעדאקטאר!

אייער השוב'ער מיטארבעטער אפרים אויערבאך, אין זיין ארטיקעל וועגן דעם בוך וואס איז לעצטענס ארויסגעגעבן געווארען אין ישראל „הפוגרום בקישינוב", (דער פאגראם אין קישיניעוו) גיט איבער וויכטיגע שטעלעס אינ'ם בוך, ווי אזוי דער אפקלאנג איז דעמאלט געווען אין אמעריקע און ווי אזוי סיי אידען און סיי קריסטען האבען רעאגירט וועגן פאגראם, וואס איז אויסגעבראכען דעם 19טען אפריל, 1903, אין קישיניעוו.

איר וועט מיר ערלויבן צוצוגעבן, אז דעמאלט האט די קאמיטע געזאמעלט א גרעסערע סומע געלט פאר די פאגראמירטע און אזוי ווי די זאמלונג איז געווען גרעסער ווי מען האט דערווארטעט און נאכדעם ווי מען האט צופרידען געשטעלט די נויט באדערפטיגע, האט דער קאמיטעט וואס איז באשטאנען פון וויכטיגע פערזענליכקייטען טראנספערירט א געוויסע סומע געלט צום קאמיטעט, וואס איז געווען טעטיג צו ארגאניזירען די איצטיגע וויכטיגע און מעכטיגע „אמעריקאן דזשואיש קאמיטע".

דאס וואס פריינט אויערבאך שרייבט, אז די אידישע באפעלקערונג אין אמעריקע איז דעמאלט געווען א פערטל חלק פון דער איצטיגער אידישער באפעלקערונג, איז ער אויך גערעכט, ווייל סירוס ל. סולצבערגער, דער פאטער פונ'ם איצטיגען ארויסגעבער פון דער ניו יארקער „טיימס", האט אין זיינער רעדע ביים 6טען ציון קאנגרעס אין 1903, אין באזעל, וואו ער איז געווען א דעלעגאט פון אמעריקע, אפעלירט דאס מען זאל שטימען פאר'ן פארשלאג צו שיקען א קאמיטע איסצופארשען צי אוגאנדא אין צפון־אפריקע איז א פאסענדע ארט צו באזעצען אונזערע ברידער, וואס זענען דעמאלט געלאפען פון רוסלאנד. אין זיין רעדע האט סולצבערגער באהויפטעט, דאס אזוי ווי עס זענען דעמאלט געווען 540.000 אידען אין ניו יארק, (א פערטל פון דער איצטיגער אידישער באפעלקערונג) האט ער מורא, אז ווען די אידישע אימיגראציע וועט אנהאלטען אין דער דעמאלטיגער פראפארציע, וועט מען אין וואשינגטאן אננעמען שטרענגע געזעצען געגען דער גרויסער אימיגראציע.

אזוי ווי סולצבערגער האט זיך זייער באפריינדעט מיט דר. הערצל, האט סולצבערגער אויך איבערגעגעבען, אז הערצל וואס האט זיך דעמאלט ערשט געהאט אומגעקערט פון זיין באזוך אין רוסלאנד, וואו ער האט זיך געטראפען מיט מיניסטער פאן פלעווע און איינגעזען, אז מען קען נאך דערווארטען פאגראמען איבער גאנץ רוסלאנד, וואס וועלען איבערשטייגען דעם פאגראם אין קישיניעוו. און דאס איז די אורזאך פארוואס הערצל וואלט געוואלט א צייטווייליגע היים פאר די היימלאזע פון רוסלאנד.

עס איז אויך וויכטיג צו וויסען, ווי אזוי די ערשט אריבערגעקומענע וואס האבען פארדינט זייער ווייניג, האבען זיך אפגערופען אויף די געלט־אפילס פאר די פאגראמירטע. ערשט מיט א יאר צוריק האב איך זיך געטראפען אין תל אביב מיט מיינעם א פריינד, מיט וועמען כ'האב צוזאמען געהערט מיט כמעט 60 יאר צוריק צו א ציוניסטישען פאראיין אין ניו יארק. איצט איז ער אן איינוואוינער פון תל אביב. ווען מיר האבען זיך צערעדט וועגען די ערשטע יארען אין ניו יארק, האט ער מיר באוויזען א קוויטירונג אויף 25 דאלאר אונטערגעשריבען פון דר. י. ל. מאגנעס, וואס מיין פריינד האט אין דעצעמבער 1905 געגעבען פאר דער ארגאניזאציע וואס מאגנעס, פראפעסאר ריטשארד גאטהייל און פראפעסאר ישראל פרידלענדער האבען ארגאניזירט אין ניו־יארק צו פארזארגען וואפען פאר דער זעלבסטשוץ אין רוסלאנד. מיין פריינד האט מיר דערקלערט, אז די 25 דאלאר איז געווען זיין פארדינסט פאר דריי וואכען ארבעט.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האבער
ניו יארק

# זכרון גאַראַנטירט נישט פאַר ווייטען אַמאָל

פון דר. א. קלאַרמאַן



שוב'ער דר. קלאַרמאַן:

אין „טאָג־מאָרגען זשורנאַל" פון דינסטאַג, דעם 28טען מערץ, אין אייער קאָלום, אונטער'ן קעפּעל. צוויי באַזונדערע וועלטען אין איין הויז", גיט איר איבער וואָס אייערער אַ לעזער, וואָס שרייבט זיך אונטער „משה מ.", דערציילט דאָס אין 1914, אין דעם יאָהר, ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכען, האָט ער געוואוינט אין לעמבערג, און ווען די רוסישע אַרמיי האָט געהאַלטען ביים אַריינדרינגען קיין לעמבערג, האָט ער געמאַכט פּליטה קיין ווין, און אַזוי ווי ער איז דעמאָלט אַלט געווען זיבעצען יאָהר, צו־יונג צו גיין אין מיליטער־דינסט, האָט ער זיך אַנגעשלאָסען אין דעם „ציוניסטישען ווערקשטאַט פאַראיין" און דאָרטען זיך געלערנט דעם פאַך פון עלעקטרישען מעכאַניק. די אַנפירונג פון דעם דאָזיגען פאַראיין איז דאַן געווען אונטער דער השגחה פון דר. שמריה לעווין, ז"ל. צווישען אַנדערעם דערציילט מר. משה מ., אַז די צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אינ'ם „ציוניסטישען ווערקשטאַט פאַראיין", איז פאַר אים געווען באַזונדערס זעהר אינטערעסאַנט, ווייל ניט איין מאָל האָט ער דאָרט געזען דורך דער צייט אונזערע חשוב'ע ציוניסטישע פיהרער, ווי דר. חיים ווייצמאַן, דר. נחום סאָקאָלאָוו, מנחם מענדעל אוסישקין און ראַבינער דר. חיות.

אַבער, לײדער, האָט דער מר. משה מ. אַנגעשריבען אין דעם בריוו זיינעם אין אייער קאָלום עפּעס, וואָס איז ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. אַנהויבען מיט דר. שמריה לעווין, ז"ל, וואָס אונטער זיין השגחה זאָל זיך האָבען געפונען דער באַטרעפענדיגער ציוניסטישער ווערקשטאַט פאַראיין, האָט ער זיך געפונען אין יענער צייט אין אַמעריקע, פון מערץ־אַפּריל 1914 ביז יולי, 1920, ווען ער איז געפאָהרען צו דער גרויסער ציון קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין לאָנדאָן און געווען די ערשטע גרויסע וועלט־ציוניסטישע קאָנפערענץ זייט די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכען אין אויגוסט 1914. און אַזוי ווי דר. ווייצמאַן איז אין יענער צייט געווען זעהר באַשעפטיגט אין דער לאַבאָראַטאָריע, וואו ער האָט אויסגעאַרבעט די וויכטיגע מאַטעריאַלען פאַר ענגלאַנד, און דער זעלבער צייט געווען אויך פאַרנומען וועגען הכנות פאַר דער באַלפור־דעקלאַראַציע, און דערצו, איבערהויפּט, אַלס ענגלישער בירגער, האָט ער זיכער ניט געקאָנט קומען קיין ווין, וואָס איז דאַן געווען אַ גרויסער טייל פון די צענטראַל־מאַכטען, צוזאַמען מיט דייטשלאַנד.

וואָס אַנבאַלאַנגט סאָקאָלאָוו, אוסישקין און דר. שמריה לעווין, זענען זיי געווען בירגער פון רוסלאַנד. דער גרויסער טייל פון די אַליאירטע מאַכטען — האָבען זיי אוודאי ניט געקאָנט זיין אין יענער צייט אין ווין. מען דאַרף האָבען אין זינען, אַז די מלחמה, וואָס האָט זיך אַנגעהויבען אין אייראָפּע, דעם 31טען יולי, 1914, האָט זיך געענדיגט ערשט סוף 1918, און דר. שמריה לעווין האָט דעמאָלט זיך נאָך געפונען אין אַמעריקע. מיט איין וואָרט: קיינער פון די אויבענ־רעכענטע, באַרימטע ציוניסטישע פיהרער און קיין אַנדערער אויסער זיי פון די אַליאירטע לענדער האָט געקאָנט, אַ קורצע צייט נאָך דער

מלחמה, האָבן אַ מעגליכקייט צו באַזוכן די עסטרייכישע הויפּטשטאָט, ווין.

דער איינציגער וויכטיגער ציוניסטישער פירער, וואָס האָט דעמאָלט יאָ געהאַט אַ מעגליכקייט, און ער האָט זי אויסגענוצט דורך אַ באַזוך אין ווין — איז געווען דר. האַנטקע, אַ מיטגליד פון׳ם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט. ער, אַלס רייטשער איד, האָט דורך יענער צייט, אַחוץ ווין, באַזוכט אויך אַנדערע שטעט אין עטליכע לענדער פון די „צענטראַלע מאַכטן״.

איך גלויב, אַז די אַלע פאַקטן, וואָס איך האָב דאָ געבראַכט, וועלן באַשטעטיגן מיין באַהויפּטונג, אַז ניט אַלץ, וואָס מר. משה מ. האָט געשריבן אין זיין בריוו צו אייער קאָלום, שטימט מיט דער ווירקליכקייט.

מיט דרך ארץ,

**דזשוליוס האַבער, ניו יאָרק.**

פון אייער שרייבן, חשוב׳ער פריינט, דזשוליוס האַבער, איז קלאָר צו זען, אַז איר זענט אַ מומחה אויפ׳ן געביט פון דער ציוניסטישער געשיכטע און עס איז נאַטירליך פאַר אייך צו באַמערקן אַ טעות, ווילענדיג אָדער ניט־ווילענדיג, אויף דעם באַטרעפענדיגען געביט און רעאַגירן וועגן דעם, ווען עס איז דאָ אַ געלעגנהייט, און מיר שאַצן אָפּ די אויפמערקזאַמקייט, וואָס איר ברענגט דעם בריוו פון מר. משה מ., מיט אַ צוגאָב פון אַ תיקון־טעות, פאַר וועלכן לייענער פון דעם קאָלום וועלן אייך געוויס זיין דאַנקבאַר, אָבער מיר זענען גענייגט צו גלייבן און זענען אפילו זיכער, אַז דער שרייבער פון דעם בריוו, מר. משה מ., אויף וועלכן איר באַציט זיך מיט אייער שרייבן, האָט ניט סתם אויסגעטראַכט די אינפאָרמאַציע וועגן באַרימטע ציון־פירער, וואָס האָבן באַזוכט דעם „ציוניסטישן ווערקשאַפט פאַראיין״ אין ווין בימים ההם.

ערשטענס, קאָן זיין, אַז דורך דער צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דער באַטרעפענדער ציוניסטישער פאַך־שולע, האָט ער זיך אָנגעהערט פון אַנדערע וועגן באַזוכן פון באַרימטע ציון־פירער אין דער שול, און ער איז געווען אַזוי באַאיינדרוקט פון וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט, אַז מיט יאָרן שפּעטער זענען דאָס ביי אים געוואָרן טיילן פון דעם, וואָס ער האָט אַליין געזען און איבערגעלעבט. דאָס קאָן פּאַסירן און עס פּאַסירט מיט פיל מענשן, באַזונדערס מיט אַזעלכע, וואָס האָבן אַ סך איבערגעלעבט אין זייערע פריע יאָרן און אין זייער זכרון מישן זיך בילדער, וואָס זיי אַליין האָבן געזען און איבערגעלעבט, מיט אַזעלכע, וועגן, וועלכע זיי האָבן געהערט פון אַנדערע.

אגב, קאָן אויך זיין מעגליך, אַז איינעם, אָדער אַ פּאָר, וויכטיגע געסט האָט ער טאַקע אַליין געהאַט די זכיה צו זען אין דעם ציוניסטישן ווערקשאַפט פאַראיין אין ווין, און געמיינט, אַז עס זענען געווען פון די, וואָס ער מר. משה מ. האָט אויסגערעכנט, ניט פילענדיג, אַז ער מאַכט אַ טעות.

יעדנפאַלס, פריינט דזשוליוס האַבער, פאַרדינט איר אַ גרויסן דאַנק פאַר אייערע קאָרעקטיווע באַמערקונגען.

---

# ווען ראָליע פון דריטען צד איז נויטיג

פון דר. א. קלאַרמאַן




שוב'ער דר. קלאַרמאַן.

מיט אייער דערלויבעניש, וואָס איך האָף, אַז איר וועט מיר געבן, ווענד איך זיך צו אייך מיט די פאָלגענדע שורות מיינע, אין באַצוג צו אייער קאָלום פון ערב שבת, דעם 13טען אַפּריל, אונטער'ן קעפּעל: „זכרון גאַראַנטירט ניט פאַר ווייטען אַמאָל".

אין דעם קאָלום האָט דער שרייבער זיינער, דזשוליוס האַבער, געהאַט דעם מוט צו רעאַגירן, ווי אַ קאָמפּעטענטער פאַכמאַן, אויף געוויסע „היסטאָרישע" באַהויפּטונגען פון איינעם, וואָס האָט זיך אונטערגעשריבען אונטער זיינע „זכרונות" משה מ., וועגען דער ציוניסטישער טעטיגקייט אין ווין אין 1914 — אין דעם ערשטען יאָר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער דאָזיגער בריוו פון מר. האַבער, גלויב איך, איז אַ וויכטיגער ביטראַג צו דער געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין יענער צייט, פאַר וועלכען ער פאַרדינט אָנערקענונג און דאַנק.

און איצט וועל איך פּרובירען רעגיסטרירען אייניגע פּערזענליכע דעראינערונגען מיינע פון יענער צייט און פון יענעם אָרט, מיט וועלכע מר. משה מ. האָט זיך באַנוצט אין זיין בריוו צו אייער קאָלום פון דעם 28טען מערץ.

דער עלפטער ציוניסטישער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אין ווין, עסטרייך, אין אויגוסט, 1913. צו דעם דאָזיגען קאָנגרעס האָבען אַ גרופּע יונגע בחורים ביי אונז אין שטעטעל הוסיאַטין, אין גאַליציע, באַשלאָסען, אַז זיי מוזען אַלע זיך באַטייליגען אין דעם קאָנגרעס, נאַטירליך, ניט ווי מיטגלידער, נאָר בלויז ווי ניט־געבעטענע געסט. מיין ווייניגקייט איז געווען איינער פון דער גרופּע.

די גרופּע אונזערע, אַ־פּאָר פון זיי נאָך כמעט אינגלעך, וואָס זענען געווען אָפּהענגיג אַן די עלטערן מיט יעדען גראָשער, וואָס זיי האָבען געדאַרפט אויסגעבען אויף זיך, האָבען געהאַט גרויסע שוועריגקייטען ביים מאַכען די הכנות פאַר זייער וויכטיגער אונטערנעמונג, אָבער ווען די צייט איז געקומען, האָבען מיר באַוויזען צו זיין אין עסטרייכ'ס הויפּטשטאָט, און אפילו באַוויזען צו באַזאָרגען זיך אויך מיט אַלע פּריווילעגיעס, וואָס קאָנגרעס־דעלעגאַטען האָבען געקראָגען פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, ביי אַלע הוצאות, וואָס זיי האָבען געדאַרפט מאַכען, מיט זייער אַנוועזענהייט אויפ'ן ציוניסטישען קאָנגרעס.

אויף איבערצוגעבען איינדרוקען פון די צען טעג, וואָס מיר האָבען פאַרבראַכט אין ווין ביי די „זיצונגען" פון קאָנגרעס, איז אין אַ קאָלום פון אַ צייטונג קיין פּלאַץ ניטאָ. נאָר וואָס מיר פּערזענליך אַנבאַלאַנגט, קאָן איך זאָגען, אַז ווען איך זאָל לעבען מתושלח'ס יאָרן וועל איך ניט פאַרגעסען די צוויי הויפּט זיצונגען פון דעם קאָנגרעס, די דערעפענונג און די שליסונג פון דער היסטאָרישער געשעעניש אינ'ם לעבען פון אונזער פאָלק.

ביי דעם דאָזיגען קאָנגרעס האָבען מיר, די גרופּע יונגע בחורים פון דעם גאַליציאַנער שטעטעל הוסיאַטין, געהאַט די געלעגענהייט און דאָס גליק צו זען מיט אונזערע אייגענע אויגען באַרימטע אידישע פּערזענליכקייטען, אפשר מער ווי דער מר. משה מ. האָט געזען אין דער צייט, וואָס ער איז געווען אין ווין.

צווישען די, וואָס מיר האָבען געזען, ניט איין מאָל, נאָר מערערע מאָל, זענען געווען: חיים נחמן ביאַליק; דר. וואָלפסאָן מיט דר. הערצל'ס טאָכטער; דר. טשלענאָוו, זשאַבאָטינסקי, און כמעט אַלע ציוניסטישע פירער. מיר האָבען

## טאָג־מאָרגען זשורנאַל, אפריל 27, 1963

דאַרט געטראָפען אַ סך באַריהמטע העברעאישע שרייבער, צווישען וועלכע עס האָבען געצייגען באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט דוד פרישמאַן. עס איז ניט מעגליך אויסצורעכענען אַלע גדולים און נכבדים, וואָס מיר האָבען געהאַט דעם זכות צו זען אויפ׳ן 11טען ציוניסטישען קאָנגרעס אין ווין, אויף דעם באַשרענקטען פּלאַץ פון אַ קאָלום.

איז מיין השערה, אַז דעם מר. משה מ., דעם שרייבער פונ׳ם בריוו אין אייער קאָלום פון 28טען מערץ, איז אין דער צייט, וואָס ער איז געווען אין ווין, אין יאָר 1914, אויך אויסגעקומען צו זען אַ סך ציוניסטישע גרויסע פּערזענליכקייטען, צווישען זיי די, וואָס ער האָט אויסגערעכענט אין זיין בריוו.

אַ סך פון די פליכטלינגע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבען דאַן געזוכט זיכערקייט אין עסטרייך, באַזונדערס אין איר הויפּטשטאָט. לאָזט זיך גלויבען, אַז משה מ. איז געווען אָן אָפטער באַזוכער אין די ציוניסטישע אָפיסעס פונ׳ם צווייטען באַצירק, אויף דער צירקוס גאַס און טאַבאָר שטראַסע, און אַז פון איינעם פון די אָפיסעס האָט מען אים אַריינגעגעבען אין אַ שטאָטישער פאַך־שולע, ווייל איך בין מסופק אויב עס האָט אין יענער צייט עקזיסטירט אין ווין אַ ציוניסטישע פאַך־שולע, און אָט די פּאַסירונגען האָבען אין משה מ.׳ס מוח זיך אַביסעל צעמישט אין זיין זכרון. אָבער איך גלויב ניט, ווי מר. האַבער באַהויפּטעט, אַז וואָס ער האָט דערציילט איז „אַן אויסגעטראַכטע מעשה, ניט געשטויגען און ניט געפלויגען". עס איז ריכטיגער ווי איר, חשוב׳ער דר. קלאָרמאַן, האָט אויסגעפירט, אַז „איבערלעבונגען פון כמעט פופציג יאָר קאָנען זיך אויסמישען און זיין אַ מוקדם למאוחר, ניט אין דער אָרדענונג".

איך האָף, אַז אין דער פאַרטיידיגונג פון מר. משה מ. וועט איר געפינען דעם בריוו מיינעם פאַר גענוג וויכטיג. ער זאָל געדרוקט ווערען אין אייער קאָלום.

מיט גרויס דרך ארץ,

**חיים ראָטה, ברוקלין.**

נ. ב. — פון דער גרופּע חברים מיינע, וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דעם 11טען ציוניסטישען קאָנגרעס, זענען צוויי אומגעקומען דורך די הענט פון די בלוטיגע נאַציס, ימח שמם וזכרם. איך און מיין פריינט משה מאָרדער, וואָס וואוינען אין ניו יאָרק, זענען לאַנדסלייט פון הוסיאַטין, גאַליציע און מר. משה מ., וועמעס בריוו איז געווען געדרוקט אין אייער קאָלום פון דעם 28טען מערץ, שטאַמט פון לעמבערג.

מר. האַבער איז מיר אויך באַקאַנט פון די פליכטלינג־יאָרען אין ווין.

**הנ"ל.**

דער בריוו אייערער, חשוב׳ער פריינט פּ. ראָטה, קאָן דינען ווי אַ „כתוב השלישי", וואָס זאָל מכריע זיין און קלאָרער מאַכען די פּאָזיציע פון דעם גרויסען פראַגע־צייכען? וואָס האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווי פון זיך אַליין, צווישען דעם בריוו פון מר. משה מ., וואָס איז דערשינען אויף דעם אָרט דעם 28טען מערץ, און דעם בריוו פון דעם חשוב׳ן מר. דזשוליוס האַבער, פון דעם 13טען אַפּריל, וועלכער האָט אַרויסגערופען צווייפעל אין דער אמת׳דיגקייט פון דעם, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרען פון דעם כתוב ראשון.

אַ דאַנק אייער אומפּאַרטייאישער מיינונג, וואָס שטימט מיט אונזער ענטפער אויף פריינט דזשוליוס האַבער׳ס קריטישען בריוו, דאַרף דאָס פּראָבלעם אַרום דעם וויכטיגען ענין — ווי מיר גלויבען — דערקלערט ווערען ווי געלייזט.

יהודה שפיגל,
רחוב בן יהודה 105,
תל אביב.

תל אביב, יום ב׳, ז׳ ניסן תשכ"ג
(1.4.1963)

מיין זעהר ליעבער פריינד יוליוס האבער, שלום רב לך!

פאר מיר ליגט אצינד דיין זעהר ווילקאמענער ליעבהארציגער בריעף דאטירט 24.3.1963 . דער גייסט און די ווארימקייט פון דעם בריעף פארביטען מיר יוצא צו זיין מיט א פארמעלען תודה רבה, פון דעם סארט וואס געהן צוועלף אויף׳ן טוץ.

איך וויל אין די פאלגענדע שורות פריעווען, דיין פאנטאזיע אביסעל צו פראוואצירען און דיך אריינבעהמען אין דער אטמאספערע פון מיין איניקעלס בר-מצוה.

פאר מיר דא, און פאר די וואס האבען אונז דערפרעהט מיט זייער קומען צו דער שמחת הבר-מצוה, האמיר היי-יאהר צווי "שבת הגדול", איינער פרשת ויקרא, און דער לוים דעם לוח, פרשת צו. איך וויל דיך אריינפיהרען אין בית הכנסת און דיך לאזען הנאה האבען.

צופעליג האט דעם שבת פרשת ויקרא אויך דעם חזן׳ס א איינגאלע געפייערט זיין בר-מצוה, דער בן החזן האט בעקומען "אחרון" און מיין איניקעל "ויקרא" מיט א הפטרה "אפ-לאנג-דיסטענס". ער האט בעלייענט זיין "עליה" און דאן בעזאגט די הפטרה. האבער ברודערקע, וואו עס איז דא א איד מיט א ריין אידיש הארץ, דעם ווינש איך אז ער זאל זוכה זיין צו אזאלכע באגליקענדע מאמענטען ווי איך האב זיי ערלעבט בשעת מיין איניקעל האט מיט א קלאהרער אויסשפראכע און מיט דער טראדיציאנעלער בעטאנונג געזאגט די הפטרה.- דאס וואס איך האב ביז אצינד געשריבען בארעכטיגט נאך נישט דעם שבת פ׳ ויקרא צו רופען "שבת הגדול", דער עיקר איז אז דעם חזן׳ס איינגאלע איז אן אויסערגעוועהנליך טאלענטירטעס איינגאלע; ער האט בעדאווענט פאר׳ן עמוד פון "שוכן עד" ביז׳ן סוף. איך האב מיט מיינע אויגען בעזעהען ווי אידען האבען זיך געווישט די אויגען, אזוי האבען זיי אינסטינקטיוו רעאגירט אויף די הארצצאפעניש. -די שול איז געווען אזוי פול אז ס׳איז נישט געווען אפילו קיין שטעה פלאץ. (אין איין וועגס: סעם האלברעכט איז אויך געווען).-נאך דעם דאווענען איז זיך דער עולם צוגאנגען, איש לאוהליו ישראל". דער נאהענטער עולם, קרובים און פריינדע, זענען ארויפגעקומען צו אונז אין שטוב. די קינדער האבען פארבערייט א קאמביניערטעס בופעט, מיט כל-מאמינים און כל-טוב. דאס האט מיך פעזענליך דערמאנט אן יענע אלטע גוטע צייטען אין ציוניסטישען קלוב, ווען די שאכשפיעלער און די קיביצער האבען געזונגען: "זענען מיר בעגאנגען צו דערלאנגען, אביסאלע משקה פון דער פליאשקע און בענומען צום גומען".

אז דער טיש איז "ריין געווארען", כלחוך השור". איז זיך אויך דער יעזער עולם אהיימגעגאנגען, עסען סעודת שבת, און חאפען א דרימעל, שבת איז דאך די ראשי-תיבות פון שינה בשבת תענוג. נאך דעםשלאף, און נאך הבדלה (ווער ס׳האלט נאך דערפון) איז מען זיך צוזאמען געקומען אין "האל" פון "בית-המהנדס" אין רחוב דיזענגאף.

דער זאאל איז געווען גוט באלייכטעט, די טישען געשמאקפול דעקארירט, און די "בופעטס" האבען ממש געבעטען:"אידישע קינדער האט רחמנות און נעהמט עפיס אין מויל אריין." אויב רחמנות,ווער וועט זיין אזוי גרויזאם און נישט טון וואס מ'בעט. דערווייל קומען געסטע פון די קיבוצים אין גליל, פון חיפה, פון תל-אביב און אומגעבונג, פון ירושלים, אפילו פון אילת. אלע קרובים וואס דא אין לאנד. און די גרעסטע צאהל פון אורחים זענען געווען חברים און חברות פון מיינע קינדער. א שטימונג האט געהערשט אין זאאל, הלואי מיר זאלען זוכה זיין צו זעהען אלע אידען אזוי פרעהליך א גאנץ יאהר.

בשעת איך שרייב דיעזע שורות קלינגען מיר אין די אויערן די ווערטער פון דעם נביא ישעיה אויס דעם מויל פון מיין איניקעל:

"עם זו יצרתי תהלתי יספרו - - - - - - - - און ענדיגט:
רנו שמים כי עשה ה' הריעו תחתיות ארץ פצחו הרים רנה
יער וכל עץ בו כי גאל ה' יעקב ובישראל יתפאר".

און דאס דרייצעהניעהריגע חזן'דיל היפנאטיזירט דעם עולם אזוי ווייט אז מ'פארגעסט אויף א מאמענט אלעס וואס איז וואכעדיג און מאטעריאליסטיש.

דיין שרייבען, ליעבער פריינד האבער, איז ביי מיר זעהר חשוב איך האב איהם מעהר ווי איין מאל, און מיט סאטיספעקשאן געלעזען.

דער בר-מצוה, זיינע עלטערן און איך דאנקען פאר די גרויסציגיגע מתנה.

מיט האפנונג און פרייד ערווארט איך דיין באלדיגען בעזוך דא אין לאנד.

זיי באגריסט אין בעסטער פריינדשאפט, און זיי מיין דאלמעטש און גיב מיין גרוס און רעספעקט צו גב' האבער.

דיין

[illegible]

טאָג-מאָרגען זשורנאל, פעברואר 26טער 1963

## אַ וויצמאַן-עפּיזאָד

חשוב'ער רעדאַקטאָר:

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם 10-טען יאָרצייט פון דר. חיים וויצמאַן ז"ל ווערט פיל געשריבען און עס ווערט דערמאָנט זיין אומדערמידליכע ארבעט לטובת ישראל, וויל איך דערציילען אַן אינטערעסאַנטען עפּיזאָד, וואָס דר. וויצמאַן האָט איבערגעגעבען צו אונז, דעלעגאַטען צום 21-טען ציוניסטישען קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין באַזעל אין דעצעמבער 1946.

אזוי ווי מען האָט זיך געגרייט צו פייערן מיט איינינע מאָנאַטען שפּעטער דעם יובל פון אַ האַלבען יאָרהונדערט זינט דר. הערצל האָט צוזאַמענגערופען דעם ערשטען ציוניסטישען קאָנגרעס (אין אויגוסט 1897), האָט די לאָקאַלע אידישע קהילה פאַראַנשטאַלט אַן אויפנאַמע פאַר די דעלעגאַטען צום 21-טן קאָנגרעס, טאַקע אין דעם זעלבען זאַל, וואו דער ערשטער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען, אין דער שטאָטישער קאַסינאָ. די הויפּט רעדנער זיינען געווען דר. וויצמאַן און דר. סטיפען וויז. זיי האָבען איבערגעגעבען שטריכען און עפּיזאָדען פון דעם צווייטען ציוניסטישען קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין יאָר 1898, אויך אינ'ם זעלבען זאַל, אין וועלכען זיי, דר. וויצמאַן און דר. וויז, האָבען זיך צום ערשטען מאָל באַטייליגט און זיך באַקענט מיט דר. הערצל.

דר. וויצמאַן האָט אונז דאָ דערציילט, אַז אַזוי ווי ער איז דעמאָלט (ביים צווייטען קאָנגרעס) געווען דער אינגסטער דעלעגאַט, האָט אים הערצל געבעטען ער זאָל



דר. חיים וויצמאַן

צווישען די דעלעגאַטען. פּלוצינג האָט ער, וויצמאַן, באַמערקט ווי אַ גרופּע דעלעגאַטען פון רוסלאַנד פירען צווישן זיך אַן אייגענע פאַרזאַמלונג, האָט ער זיי געבעטען זין צו פאַרהאַלטען רואיג, ווייל דאָס האָט געשטערט דעם פאָרזיצער דר. הערצל, אָנצוגיין מיט דער זיצונג. אָבער, ווי וויצמאַן האָט זיך אויסגעדריקט, „זיי האָבען מיך געהערט ווי דעם פאַראַיאָריגן שניי"; ווען וויצמאַן איז צו זיי צוגעגאַנגען דאָס צווייטע מאָל, האָט מנחם שיינקין ארויסגענומען פון זיין קעשענע אַ קליין גלעקעל, אַ קלונג געגעבען און דערקלערט זיין זיצונג פאַר געשלאָסען. דר. הערצל און וויצמאַן האָבען זיך צעלאַכט און מיט זיי דער גאַנצער עולם.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האַבער,

ניו יאָרק

יהודה שפיגל,
רח' בן יהודה 105,
תל אביב.

תל אביב, יום ג' ט' חשון תשכ"ב

(6.11.1962)

מיין זעהר ליעבער פריינד האבער, זיי הארציג באגריעסט מיט
א בריימען שלום , דו און דיין ליעבע לעבענסבאגלייטערין !

איך ענטפער ערשט היינט אויף דיין חשוב'ן בריעף דאטירט
19טען אקטאבער, ווייל פריעהער האב איך לוידער נישט
געקאנט. איך וויל דיר נישט חנפ'ענען, אבער איך מוז זאגען
אז אלעס וואס דו האסט געשריבען איז ביי מיר חשוב און
אינטערעסאנט. מ'באגעגענט זיך מיט מענשען מיט וועלכע מ'איז
אמאל געגאנגען א היבש שטיק וועגס ,און היינט אויף דער
עלטער זעהט מען אז דער וועג איז געווען דער ריכטיגער, אזוי
אז ס'גליסט זיך א שפיי צו טון אין דער האנד און רייבען איין
האנד מיט דער אנדערער,און מזוי אויף א מינוט זיך צוריק
פארזעצען אין דער צייט,וואס פארגלייכענדיג מיט דער
היינטיגער צייט, איז דער הימעל געווען באהאנגען מיט
פידעלעך און מיר האבען ארומשפאציערט אין גן-עדן.

אצינד צוריק צו דער "פראזא", צו דער ווירקליכקייט. דיין-אפיער
שנה-טובה קארטעל האבען מיר דערהאלטען און נאדיר א הארציגען
דאנק!

ביז היינט האב איך אדון משה קרעמער פאר מיינע אויגען נישט
געזעהען.

מיט דעם בצור פון גב' און א' וויינבערג האב איך מיך ווירקליך
זעהר געפרעהט. די גב' וויינבערג האב איך שוין פריעהער קענען
געלערנט,אין יאהר 1925,אין קרייז פון מיינע משפחה. א דאנק
פאר די פריינדליכע רעקאמאנציע!

אויך דער בעזוך פון גב' קירשענבוים –מארגאשעס איז ביי מיר
געווען א זעהר אנגענעהמע איבעראשונג. קומט דיר א ווארימער
יישר-כח! און דאס זאג איך בקול רם!

סאם האלברעכט איז אין אנהויב זאמער אוועק אין די"קיהלע לענדער"
(אמאל האט מען ביי אונז גע'חלום'ט פון די ווארימע לענדער) און
צווישען ראש השנה און יום כפור האט ער זיך איזיאווועט און
מעהר האב איך איהם נישט געזעהן ביז היינט. איך האף אז ס'געהט
איהם גוט.

איך דאנק דיר נאך אמאל פאר דיין חשוב'ן בריעף און באגריעס
דיך און דיין בעסערע העלפט גאר פריינדליך. און אז דו באגעגענסט
א פריינד ,גריעס איהם פון מיר.
דיין פריינד יהודה שפיגל

## דערמאָנט די געשיכטע וועגן מאַריאַ טערעזאַ־טאַלערס

חשוב׳ער רעדאַקטאָר!

אין זיין וועכענטליכען אַרטיקעל „געשעעניש פון דער גרויסער וועלט" פון אייער חשוב׳ן מיטאַרבעטער א. פיינמאַן, דערמאָנט ער אויך מאַריאַ טערעזאַ זילבערנע טהאַלערס וואָס איז אויך געווען גאַנגבאַר אין עטיאָפּיע.

אין צוזאַמענהאַנג מיט די מאַריאַ טערעזאַ טהאַלערס און דער מדינה עטיאָפּיע, דערמאָן איך זיך וואָס איז זיך פאַרלאָפען אין די גאַסן פון ירושלים אין יאַנואַר, 1936. ווי מיר קענען זיך דערמאָנען, איז מוסאָליני׳ס לופט־וואַפע, וואָס איז געווען אָנגעפירט פון זיינס א זון, איבערפאַלען דאָס לאַנד פון דעם נעגוס אין סעפּטעמבער 1935. דעמאָלט האָב איך זיך געגרייט צו פאָרען מיט דער שיף פון סועץ קאַנאַל קיין דזשיבוטי, דער נאָענטסטער האַפען פון אַדיס אַבעבאַ, הויפּטשטאָט פון עטיאָפּיע. ווען איך בין אַריינגעקומען אין אַמעריקאַנישען קאָנסולאַט אין סועץ, בין איך געוואָר געוואָרן, אַז עס גייט אָן א קריג און די איטאַליענער האָבען אויך דאָרטען א גרויסע לופט וואַפע, און עס איז ניט ראַטזאַם זיך צו לאָזען אויף דעם נישט זיכערען וועג. נאַטירליך, האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין תל־אָביב.

מיט עטליכע חדשים שפּעטער, אין יאַנואַר אָדער פעברואַר 1936, האָב איך בייגעוואוינט א סצענע אין די גאַסען פון ירושלים. ווען דער קריג איז אָנגעגאַנגען אין עטיאָפּיע א לענגערע צייט, איז דער נעגוס (דער קעניג) און זיין פרוי און פּאַקטיש די גאַנצע סוויטע אָנגעקומען קיין ירושלים. דער קעניג און זיין סוויטע זיינען געפאָרען אין טעקסים פון דער באַן צו די היימען וואָס די קאָפּטישע קירכע האָבען אויפגעהאַלטען אין ירושלים, אָבער די דינערשאַפט, אפשר 30 פּערזאָן, זיינען געגאַנגען צו פוס פון דער באַן און געטראָגען אויף די אַקסלען קאַסטענס מיט די מאַריאַ־טערעזע טהאַלערס. איין קאַסטען איז אַרונטערגעפאַלען און די זילבערנע טהאַלערס האָבען זיך צעשאָטען אין דער גאַס און אינגלעך האָבען געוואָלט כאַפּען די טהאַלערס. די דינערשאַפט און די פּאָליציי האָט זיי צעטריבען. יעדענפאַלס, מיט עטליכע וואָכען שפּעטער זיינען די טהאַלערס פאַרקויפט געוואָרען אין ירושלים פאַר 65 אַמעריקאַנער סענט א שטיק.

נאָכדעם ווי דער נעגוס האָט פאַרבראַכט אַלס גאַסט פון דער ענגלישער מאַנדאַט־רעגירונג עטליכע וואָכען, איז ער אָפּגעפאָרען קיין זשענעווע, וואו די פעלקער־ליגע האָט אָפּגעהאַלטען די זיצונגען. (איך בין דאַמאָלס אויך געווען אין דער שווייץ). ווען דער קעניג האָט אַדרעסירט די דעלעגאַטען און זיך באַקלאָגט אויף מוסאָליני׳ן, האָט אַן איטאַליענישער צייטונגס־מאַן אויף אים געוואָרפען א בוך. באַלד האָט דער מאַן געמוזט פאַרלאָזען דעם זאַל. דער קעניג האָט געוואָרענט די דעלעגאַטען, אַז אויב מען וועט נישט באַלד מאַכען אַן אָפּשטעל, וועלען אויך אַנדערע דעספּאָטען אַטאַקירען היינט די מדינה און מאָרגען אַן אַנדער מדינה און עס קען פירען צו א וועלט־מלחמה. אַזוי ווי מען האָט דעמאָלט נישט אָפּגעשטעלט מוסאָליני׳ן אין עטיאָפּיע, אין שפּעטער איז אויך היטלער דערשינען אויף דער סצענע און אַטאַקירט טשעכאָסלאָוואַקיע און דאָס האָט געפירט, ווי דער נעגוס האָט געוואָרענט, צו דער וועלט־מלחמה.

מיט דרך־ארץ,

דזשוליוס האבער,

ניו יאָרק.

טאג־מארגען זשורנאל אקטאבער 10, 1962

טאג_מארגען זשורנאל, נאוועמבער 2, 1957

**וועגן ישראל־אתרוגים**

חשוב'ער רעדאקטאר,

אין צוזאמענהאנג מיט דעם ארטיקעל „אתרוגים־סעזאן איצט אין פולן גאנג", פון אייער חשוב'ן מיטארבעטער דר. הלל זיידמאן, וועט איר מיר דערלויבן איבערצוגעבן די פאלגענדע פאסירונג וואס עס האט מיר דערציילט מיינער א פריינט, א באוואוסטער ציוני. אזוי ווי יעדעס יאר, איז ער אויך דאס יאר געווען אין דער איסט־סייד צו קויפען אן אתרוג, אין איין געשעפט וואס דער אייגענטימער איז א רב, א ציוני, האט מיין פריינט אויסגעקליבען אן אתרוג. אבער איידער ער האט נאך באצאלט איז ארייגעקומען אין סטאר מיין פריינט'ס א באקאנטער און האט אים אויפמערקזאם געמאכט, דאס דער אתרוג וואס ער קויפט איז נישט פון ארץ ישראל, נאר א יאנאווער... מיין פריינט האט געפרעגט דעם רב: „איר א ציוני, פארקויפט יאנאווער אתרוגים־" דער ענטפער איז געווען: מיר האבען אויך אתרוגים פון ארץ ישראל. מיין פריינט איז אוועק, פאר/אזוס דאס געשעפט, און ביז איצט קען ער אלץ נישט פארגעסען דאס א פירענדע פיגור פון דעם רעליגיעזען ציוניזם אין ניו־יארק זאל אזוי האנדלען...

אויך אייער מיטארבעטער מנשה אונגער, האט אין איינעם פון זיינע ארטיקלען וועגען אתרוגים, איבערגעגעבען דאס געוויסע חסידישע רביים נוצען נישט קיין ארץ ישראל אתרוגים. די סיבה איז, אז דער ארץ ישראל אתרוג איז געגרעפטעט מיט א לימאן. דא ווילט זיך פרעגן: ווער האט עס אין די 27 יאר פון ענגלישען מאנדאט איבער ארץ ישראל און איצט שוין באלד צען יאר אלס מדינת ישראל, געשטערט די חסידישע רביים צו זען דאס זייערע אייגענע מענשען זאלען פלאנצען אין ארץ ישראל אתרוגים און זיי גרעפטען מיט דעם גריכישען אדער איטאליענישען אתרוג, וואס איז כשר ביי זיי?

מערקווירדיג, פרומע אידן, וואס האבען זיך שוין מערערע מאל פאררופען אויף הגאון ר' צבי פסח פראנק פון ירושלים ווען עס איז געקומען צו קריטיקירען די פירער פון מדינת ישראל, האבען אבער איצט, ווען הרב פראנק איז ארויסגעקומען מיט א רוף צום אמעריקאנער אידענטום, צו בענטשען איבער אן ארץ ישראל אתרוג, די זעלבע פרומע איגנארירט זיין רוף.

עס ווילט זיך האפען, דאס מיט דער צייט וועלען אויך די יעניגע וואס ניצען נאר פרעמדע אתרוגים, איינזען דאס אויב מען דערווארט דאס די עקאנאמישע לאגע פון מדינת ישראל זאל זיך בעסערן, מוזען מיר געברויכען ארץ ישראל פראדוקטען, איבערהויפט אתרוגים. עס קען זיין דאס עס קאסט א דאלאר אדער צוויי מער, אבער עס איז נאר איין מאל אין יאר.

מיט דרך ארץ,

ח׳שוליוס האבער, ניו יארק.

אקטאבער 10, 1962

די אונטערשטע רעקלאמע, באווייזט ווען מען רעאגירט אויף אן עתלה צווינגט מען די באטרעפענדע פערזאנען גוט צו מאכען די עתלה. בעסער שפעטער איידער קיין מאל.

## ערשטער יאַריד אין ישראל

ליב׳ער רעדאַקטאָר!

דער אינטערעסאַנטער באַריכט פֿון אײַער חשוב׳ן קאָרעספּאָנדענט דוד פֿלינקער: „33 לענדער פֿאַרטראַטן ביים מזרח־יאַריד אין תל־אביב", דערמאָנט מיך די ערשטע אויסשטעלונג (יאַריד) פֿון 1924. עס איז געווען פּורים־צייט, און דער מאָלט איז פֿאַרענדיגט געוואָרן אַ געבײַדע — אויב איך מאַך נישט קיין טעות, איז עס געווען פֿאַר אַ שול — און דאָרטן איז פֿאָרגעקומען די ערשטע אויסשטעלונג. איך דערמאָן זיך, ווי עס האָט זיך געדאַשט אין שטעטל. דעם אָונט פֿון דער דערעפֿענונג האָב איך באַגעגנט אַן אידישן סטודענט פֿון אַמעריקע, דאָס איז דער איצטיקער פּרעזידענט פֿון דער באַוואוסטער הדסאָן פּילפּ און פּאַפּיר קאָרפּאָראַציאָן", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פֿון דעם באַוואוסטן ציוניסט און פּילאַנטראָפּ, אברהם מאַזער ז״ל, וואָס האָט אויך געהאָלפֿן גרינדן די אַמעריקאַנער פּאַפּיר־פֿאַבריק אין מדינת־ישראל. דער זון פֿון אברהם מאַזער, ווי שוין געזאָגט, האָט דעמאָלט שטודירט אין דער „הרצליה" גימנאַזיע אין תל־אביב, און אין זיין פֿרייער צייט האָט ער געהאָלפֿן אין דער אַרבעט פֿונ׳ם יאַריד.

דער צווייטער און דריטער יאַריד זענען שוין פֿאָרגעקומען אין אַ גרעסערן אָרט, וואָס די אַמעריקאַנער פֿאַרזיכערונגס־געזעלשאַפֿט „יהודה" — היינט באַוואוסט אלס „איבסטערן לאַיף" — האָט אויפֿגעבויט דעמאָלט אין תל־אביב. אָבער אויך דאָס פּלאַץ איז שוין געוואָרן קליין, און אין 1934 האָט מען אויפֿגעבויט, וואָס האָט געזאָלט הייסן סטאַבילע געבײַדעס פֿאַר די אויסשטעלונגען ביים ים. די אויסשטעלונג אין 1934, ווי מיר געדענקען, איז געווען אַ גרויס דערפֿאָלג.

אין צוויי יאָר שפּעטער האָבן מיר זיך ווידער געגרייט פֿאַר דער אויסשטעלונג. לײדער, זענען דעם 19טן אַפּריל, 1936, אויסגעבראָכן די אומרוען, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן ביז צו דער וועלט־מלחמה. אָבער דאָס אָרט וואו דער יאַריד האָט געדאַרפֿט אָפּגעהאַלטן ווערן, איז אויסגענוצט געוואָרן צו בויען דעם פּראָוויזאָרישן האַפֿן אין תל־אביב. אין דער צייט פֿון די אומרוען, וואָס דער ירושלים׳ער מופֿתי האָט אויסגעאַרבעט מיט זיינע אַראַבישע גענגסטערס, האָבן זיי געווירקט אויף די אַראַבער צו צומאַכן דעם האַפֿן אין יפֿו. מיט דעם האָבן זיי געוואָלט אויסהונגערן דעם ישוב. אָבער אונזערע אַקטיווע מענטשן האָבן באַלד אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע פֿאַר אַ האַפֿן אין תל־אביב. דער איד אין דער גאַס האָט זיך געפֿרעגט: וואו וועט מען נעמען די גרויסע געלטער אַפילו פֿאַר אַ צייטווייליגן פּאָרט, און ווען עס דערלויבט וועט ווערן פֿון דער ענגלישער מאַנדאַטן־מאַכט. באַלד איז געקומען דער ענטפֿער, וואָס די צייטונגען האָבן געבראַכט, אַז אויף דעם נעקסטן פֿרימאָרגן וועלן די גרויסע בענק פֿאַרקויפֿן אַקציעס פֿאַר דעם פּאָרט. יעדע אַקציע וועט קאָסטן 1 פֿונט (פֿינף דאָלאַר), וואָס איז דעמאָלט געווען אַ גרויסע סומע.

ווען איך בין צומאָרגנס געשטאַנען אין דער „ליין" צו קויפֿן עטליכע אַקציעס, איז פֿאַר מיר געשטאַנען אַן עלטערער איד, זעהר אָרים געקליידעט, און זיך געבייזערט אויף דעם קלויערק פֿון דער באַנק. דער איד, זאָגט ער, האָט געבעטן 10 אַקציעס, און דער קלויערק האָט אים עטליכע מאָל איבערגעפֿרעגט, צי ער האָט מיט זיך 10 פֿונט (פֿופֿציג דאָלאַר), ווייל מעגליך דער קלויערק האָט נישט געגלייבט, צי דער אַלטער, אָרים־געקליידעטער איד פֿאַרמאָגט די סומע פֿון 10 פֿונט. דאָס האָט שוין דעמאָלט באַוויזן, אַז דער ישוב איז געווען אָפּטימיסטיש און געהאַט פֿיל גלויבן, און אָט־דער גלויבן האָט געפֿירט צו דער היינטיגער מדינת־ישראל.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האַבער

ניו יאָרק.

צום הונדערסטען געבוירענטאָג פון דר. ריטשארד גאָטהייל, איז דאָס פּאָרטרעט פון דעם ערשטען פּרעזידענט פון די ציוניסטען פון אַמעריקע, אויפגעדעקט געוואָרען אין ציון הויז אין תל אָביב.

דאָס בילד וואָס הענגט אין דעם גרויסען זאַל פון דעם ציון הויז אין תל אָביב איז אַ מתנה פון דזשוליוס האבער און זיין קוזין סעם מאַרקוס פון גרעיט נעק, לאָנג איילענד. ביי דער געלעגענהייט האָט מען געליען פון די ציוניסטישע אַרכיוועו אין ירושלים, בריוו וואָס זיינען אויסגעטוישט געוואָרען צווישען דר. הערצל און דר. גאָטהייל.



R. RICHARD GOTTHEIL

דזשוליוס האבער, פון די סאַמע ערשטע ציוניסטען אין אַמעריקע, האָט אין זיינע באַמערקונגען דערציילט, ווי אַזוי דר. גאָטהייל האָט באַקעמפט אין די ערשטע יאָרען פון הערצל׳ס ציון־באַוועגונג, די געגנער אין רעפאָרם לאַגער, וואָס ניט נאָר האָבען זיי באַקעמפט די באַוועגונג, נאָר זיי האָבען אויך באַקעמפט הערצל׳ען פּערזענליך, און דאָס האָט באַוואויגען דר. גאָטהייל צו זיין אויף דער וואַך, וואָס איז אין יענע יאָרען ניט געווען אַזוי לייכט.

מר. האבער׳ס צוויי איינִיקלעך (סאַבראַלער) האָבען אויפגעדעקט דאָס פּאָרטרעט.

## אַן „עספּעקולאַנטאָר" צום הר ציון

חשוב׳ער רעדאַקטאָר:

איך שרייב אייך דאָס בריוועל פון ירושלים, וואו די ערשטע טעג פון פסח האָבען איבער 25 טויזענט אידען באַזוכט דעם הר ציון. דאָס איז געווען די גרעסטע צאָל אידען, וואָס האָבען באַזוכט אין איינע צוויי טעג דעם הר ציון זינט די מדינה איז פּראָקלאַמירט געוואָרען.

צום באַדויערן איז דאָס אַרויפקלעטערן צום הר ציון אַביסעל שווער פאַר׳ן עלטערן עלעמענט, פון וועלכען די מיינסטע באַשטייט.

ווען איך האָב זיך דאָ איבערגערעדט מיט מיינעם אַ פריינט, דר. שרגאי קלעי, אינספּעקטאָר פון דעם שול־וועזן אין ירושלים, האָט ער מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז עס וואָלט געווען ראַטזאַם, אַז עמיצער וואָס קען באַהויפּטען צו ספּענדען אַ געוויסע סומע, וואָס איז נישט אין די זעהר גרויסע געלטער, און אויפשטעלען אַן „עסקעילעיטאָר", וואָס וועט העלפען דעם עלטערן עלעמענט אַרויפצוקריכען אויף דעם הר ציון. דער נאָמען פון דעם נדבן וועט זיין אויף אייביג פאַרבונדען מיט דעם אַרויפגיין אויף דעם הר ציון.

~~לעצטענס געהערט~~ אונטערהאַנדעלט מיט אַ רייכען איד, אַז זיין נאָמען וועט זיין אויך פאַרבונדען אויף אייביג, אַז דער וועג צו דער העברעאישער אוניווערזיטעט דאָ אין ירושלים וועט זיין אָנגערופען אויף דעם אידענ׳ס נאָמען פאַר אַ געוויסער נדבה לטובת דעם אוניווערזיטעט.

לעצטענס ווייסט מען שוין אין מדינת ישראל וועגן עסקעלעיטאָרס, ווייל ערשט מיט אַ וואָך צוריק האָט מען אין תל אביב געמאַכט אַזאַ עסקעילעיטאָר. עס איז נישט פאַרבונדען מיט קיינע מיליאָנען. דער יעניגער וואָס קען אַפּאָרדען צו ספּענדען עטליכע צענדליג טויזענט דאָלאַר, וועט עס קויפען אַן אייביגע מציאה.

לאָמיר האָפען, אַז אימיצער פון אייערע געשעצטע לייענער וועט זיך אָפּרופען.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האַבער,

ניו יאָרק, ירושלים.

## זכרונות וועגן פנחס רוטענבערג

חשוב׳ער רעדאקטאר!

אין צוזאמענהאנג מיט דער סעריע ארטיקלען וואס אייער חשוב׳ער מיט־רעדאקטאר אהרן אלפערין האט געשריבען אין „טאג מארגען־זשורנאל” וועגען פנחס רוטענבערג און די קאנצעסיע פאר זיין עלעקטריפיקאציע פלאן אין ארץ ישראל, וויל איך אים צוערשט באגריסען פאר דער פינקטליכקייט, איבערהויפט וואס אנבאלאנגט רוטענבערג׳ס באזוך דא אין אמעריקע.

איך דערמאן זיך, ווי ער איז געקומען צו אונזער ציוניסטישער קאנווענשאן אין פילאדעלפיע, אין 1922. אזוי ווי די קאנווענשאן איז געווען די ערשטע זינט מיר האבען מיט א יאר פריער אפגעהאלטען די זי־א־איי קאנווענשאן אין קליוולאנד, וואו מיר, די וויצמאן־ליפסקי פראקציע האט איבערגענומען די לייטונג פון דער בראנדייס־מאק פראקציע, איז די קאנוועגשאן געווען א ראשענדיגע. מען האט זיך געראשט דאס דער אדער יענער פון די פירערס פון דער בראנדייס־מאק גרופע קומט צו דער קאנוועגשאן, צו זען אויב מען קען מאכען שלום.

דעמאלט איז דערשינען אויף דער פלאטפארמע פנחס רוטענבערג און אין א לענגערער רעדע ארומגערעדט זיין גרויסען פראיעקט צו עלעקטריפיצירען ארץ ישראל, א חוץ ירושלים, וואס איז שוין דערמאלט איבערגעגעבען געווארען צו אן אנדער געזעלשאפט.

נאך רוטענבערג׳ס רעדע, האבן די דעלעגאטען צוגעזאגט, ווער מער ווער ווייניגער, און אויפ׳ן ארט זיינען פארקויפט געווארען פאר איבער 250,000 דאלאר אקציעס פון דער נייער געזעלשאפט. איך האב געקויפט פאר 1,000 דאלאר אקציעס.



פנחס רוטענבערג

מיט עטליכע חדשים שפעטער, האט מען אונז גערופען צו א פארזאמלונג אין ניו יארק. דארטען איז דערשינען, אויב איך מאך נישט קיין טעות, בערנארד ראזענבלאט און דערקלערט דאס אויב ווער פון די קויפערס פון די אקציעס פון דער געזעלשאפט צו עלעקטריפיצירען ארץ ישראל וויל, קען ער ענדערן זיין קויף־פלאן און פאר דעם געלט קויפען די באנדס פון דער שטאט תל־אביב, וואס צאלט זעקס א האלב פראצענט.

א. אלפערין דארף ווייטער אנגיין מיט דער וויכטיגער ארבעט אונז איבערצוגעבען אזעלכע וויכטיגע און אינטערעסאנטע געשיכטעס פון די ערשטע בויער פון מדינת ישראל.

מיט דרך ארץ

דזשוליוס האבער
ניו־יארק.

טאָג־מאָרגען זשורנאל, אַפּריל 24טער 1962

# אַנדענק פון ריטשארד גאָטהייל, ערשטער פּרעזידענט פון אַמעריקאַנער ציוניסטען, געערט אין תל־אָביב

תל־אָביב, ישראל, אפריל 23 (איטאַ) — דער אַנדענק פון פּראָפעסאָר ריטשארד גאָטהייל, ערשטער פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז דאָ געערט געוואָרען לכבוד זיין 100סטען געבורטסטאָג. די פייערונג אונטער דעם נאָמען „הונדערט יאָר פון אַמעריקאַנער אידענטום" איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין הויז פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

רעדעס זיינען געהאַלטען געוואָרן פון טשארלס פּאָטמאַן, דירעקטאָר פון הויז פון די אַמעריקאַנער ציוניסטען אין תל־אָביב, דר. אַלעקסאַנדערביין, דירעקטאָר פון צענטראַלען ציוניסטישען אַרכיוו, דזשוליוס הייבער, שריפטשטעלער און ציוניסטישער וועטעראַן, לואיס סיטקאָף, פּאָרזיצער פון דער בני־עליה קאָמיטע פון אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

א פּאָרטרעט פון פּראָפעסאָר גאָטהייל איז אויפגעדעקט געוואָרען אין לאָבי פון דעם הויז פון די אַמעריקאַנער ציוניסטען.

---

## טאָג־זשורנאל
## פעברואר 17טען 1962

# לעקציע פון דזשוליוס האבער אין מיאַמי

דער באַוואוסטער ציוניסט דזשוליוס האבער וועט אַדרעסירען דעם ציוניסטישען לאָנטשאָן קלוב דעם מיטוואָך, דעם 21טען פעברואר, 12:30 בייטאָג, אין ריץ פּלאַזאַ האָטעל, 1701 קאָלינס עוו., מיאַמי ביטש. די טעמע וועט זיין: „פּראָפעסאָר ריטשאַרדען גאָטהייל, דער גרינדער און ערשטער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין אַמעריקע", די היינטיגע „זי־אָ־עי", וועמעס 100־טער געבורטסטאָג ווערט איצט געפייערט פון די ציוניסטען איבער אַמעריקע.

טאָג־זשורנאַל, יאַנואַר 26טען 1962

# דר. ריטשאַרד גאָטהייל, 1טער פּרעזידענט פון אַמעריקאַנער ציוניסטען

**הונדערט יאָר נאָכ'ן געבורט פון דעם ערשטען ציוניסטישען פירער, וועלכער האָט פאַרשפּרייט הערצל'ס ציוניסטישע אידעע אין אַמעריקע. — זיין בריוו־אויסטויש מיט דר. הערצל'ען.**

פון יוליוס האַבער

דער 100טער געבוירענטאָג פון פּראָפעסאָר ריטשאַרד גאָטהייל, בויער פון אַמעריקאַנער ציוניזם, וואָלט געדאַרפט געפייערט ווערן פון ציוניסטען פון אַלע שאַטירונגען, ווייל גאָטהייל איז געווען דער פירער פון אַלע ציוניסטען דאָ און מיר געדענקען ווי ביי דער ציוניסטישער קאָנווענשאָן אין יוני, 1903, אין פּיטסבורג, וואו דר. גאָטהייל, דאַמאָלס שוין אַ פולער פּראָפעסאָר פון קאָלומביאַ אוניווערזיטעט, איז צום 6טען מאָל דערוויילט געוואָרן פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע, האָבען פאַר אים געשטימט כמעט אַלע דעלעגאַטען אָן אונטערשייד פון ריכטונג, וואָס האָבען אָנטייל גענומען אין דער קאָנווענשאָן.



דר. ריטשאַרד גאָטהייל

דר. גאָטהייל'ס 100טער געבוירן־יאָר פירט אונז צום „הערליכען טאָג" (ווי ער האָט זיך פיל מאָל אויסגעדריקט) פון דעם 28טען סעפּטעמבער, 1897, אַ חודש נאָך דעם ערשטען ציוניסטישען קאָנגרעס אין באַזעל, ווען גאָטהייל האָט געשריבען זיין ערשטען בריוו צו דר. טעאָדאָר הערצל קיין ווין.

גאָטהייל שרייבט צו הערצל'ען, אַז ער באַדויערט וואָס ער האָט ניט געקענט זיין ביים קאָנגרעס, אָבער ער וועט זיין ביים צווייטען קאָנגרעס, קיין אונטערשייד וואו דער קאָנגרעס וועט אָפּגעהאַלטען ווערן.

אויף דער עצה פון זיין פאָטער, דר. גוסטאַוו גאָטהייל, דאַמאָלס דער ראַבאַי פון טעמפּעל עמנואל, האָט זיך דר. ריטשאַרד גאָטהייל דורכגעשמועסט מיט ראַבאַי סטיפען ס. וויז, דאַמאָלס דער גייסטיגער פירער פון דער קאָנגרעגיישאָן „בני ישורון", אָדער ווי זי איז דאַמאָלס געווען אָנגערופען, „די מעדיסאָן עוועניו סינאַגאָג", און צוזאַמען האָבען זיי זיך אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבעט צו אָרגאַניזירען די ציוניסטען פון ניו יאָרק, אונטער'ן נאָמען „די פעדעראַציע פון ציוניסטען פון גרויס ניו יאָרק", מיט גאָטהייל'ן אַלס פּרעזידענט און וויז'ן אַלס סעקרעטאַר.

דר. גאָטהייל און ראַבאַי וויז האָבען אַרויסגעלאָזט אַ רוף צו די ציוניסטען איבער'ן לאַנד, צו גרינדען אַ קערפּערשאַפט וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע ציוניסטען אין אַמעריקע. זיי האָבען זיך באַלד אָנגעשטויסען אין זייער טעטיגקייט אָן אַן אַנדער ציוניסט, דר. מיכל זינגער, דער אַרויסגעבער פון דער צייטונג „טאָלעראַנט", וואָס האָט שוין געהאַלטען אין אָרגאַניזירען ציון פאַראיינען אין און אויסער ניו יאָרק.

באַלד האָט זיך געשאַפען בייז בלוט צווישען דר. גאָטהייל און דר. זינגער. מיר זעען דאָס פון דעם בריוו, וואָס דר. גאָטהייל האָט געשריבען צו דר. הערצל'ען קיין ווין.

דעם 18טען פעברואַר ענטפערט הערצל גאָטהייל'ס בריוו:

„דער גאַנצער ענין וועגען זינגער'ן איז מיר נישט צום האַרצען. זינגער שיקט מיר באַריכטען פון זיינע טעטיגקייטען פאַר אַ לאַנגער צייט, און כ'האָב ניט קיין גרונט צו צווייפלען אין זיין גוטער אַרבעט, איך באַקום רעגולער פון אים באַריכטען. אַזוי ווי עס איז אַ ווייטע שטרעקע פון מיר צו אייך, קען איך נישט וויסען וואָס עס קומט דאָרט פאָר, בעט איך אייך, הער גאָטהייל, מיר שיקען אומפּאַרטייאישע באַריכטען וואָס וועלען געדרוקט ווערן אין אונזער וועכענטליכער צייטונג".

גאָטהייל און וויז האָבען אין צווישען צייט אָפּגעגעבען פיל צייט צו רופען אַ קאָנפערענץ פון ציוניסטישע פאַראיינען איבער'ן לאַנד צו אָרגאַניזירען איין גרויסע קערפּערשאַפט, און ענדליך איז געקומען דער טאָג פון דעם 28טן יוני, 1898, ווען דר. וויז, אויפ'ן אויפטראָג פון דר. גאָטהייל, האָט מיטגעטיילט צו הערצל'ען, אַז זיי האָבען גערופען אַ קאָנפערענץ צו אָרגאַניזירען די פעדעראַציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטען. נאָך דער קאָנפערענץ, האָט דר. הערצל באַקומען אַ באַריכט, אַז דר. גאָטהייל איז דערוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט און דר. וויז אַלס סעקרעטאַר פון דער נייער ציוניסטישער פעדעראַציע, און אַז דר. גאָטהייל און זיין פרוי עמאַ, ווי אויך [illegible]. ראַבאַי וויז, זיינען דערוויילט געוואָרען אַלס דעלעגאַטען צום קאָנגרעס.

ביים 3טען קאָנגרעס אין באַזעל,

האט הערצל צוגעטיילט דאס ווארט צו דר. נאטהייל'ן, און אין א לענגערער רעדע האט נאטהייל איבערגעגעבן איינצעלהייטן וועגן דער ציוניסטישער ארבעט אין די פאראייניגטע שטאטן.

עטליכע חדשים נאכ'ן דריטן קאנגרעס, האט הערצל געשריבן צו נאטהייל'ן, אז אזוי ווי נאכ'ן 1טן יאנואר, 1900, וועט די ציוניסטישע וואכן־צייטונג „די וועלט" אויך האבן א ביילאגע אין אידיש, זאל נאטהייל זיך שטעלן אין פארבינדונג מיט דעם אידישען פאעט מארים ראזענפעלד, און אים אנבאטען דעם פאסטען אלס דער אמעריקאנער קארעספאנדענט פאר דער צייטונג. ער דארף שרייבן א וועכענטליך ארטיקעל ווי אויך וויכטיגע נייעס פון אמעריקאנער אידישען לעבען און זיין געהאלט דארף זיין מעסיג.

דר. הערצל, ווי שוין באקאנט, פלעגט באקומען צושריפטען פון דער גאנצער אידישער וועלט, אבער נאר די מער ערנסטע, וואס האבן געקענט ברענגען נוצען דער נייער באוועגונג האט ער געשאנקען אויפמערקזאמקייט. ווען פרעזידענט וויליאם מעקינלי האט קאנדידירט פאר א צווייטען טערמין, איז געקומען צו הערצל'ען א בריוו פון א ציוניסט פון סינסינעטי מיט'ן נאמען ב. הילף. ער גיט איבער, אז ער ווייסט פון א זיכערען קוואל, אז פרעזידענט מעקינלי איז ניט גלייכגילטיג צו דער ציוניסטישער באוועגונג, און אז דר. נאטהייל זאל זיך מיט אים זען ערב די וואלען, ווייל ער קען מעגליך באאיינפלוסען ער זאל ארויסקומען פאר'ן ציוניזם. דר. הערצל האט איבערגעשיקט א קאפיע פונ'ם בריוו צו דר. נאטהייל מיט א באמערקונג, אזוי ווי ער האט געהערט, אז אסקאר שטרויס, דער אמעריקאנער אמבאסאדאר אין טערקיי, וועט באלד באשטימט ווערען צו זיין דער אמעריקאנער פארטרעטער ביים פרידענס געריכט אין האג, האלאנד, זאל נאטהייל אויך רעדען מיט'ן פרעזידענט, אז ער זאל באשטימען אים, דר. נאטהייל'ן אלס אמבאסאדאר אויף שטרויס'עס ארט קיין טערקיי. דר. הערצל ענדיגט זיין בריוו צו נאטהייל'ן, אז אזוי ווי דאס איז א דעליקאטער ענין, לאזט ער עס איבער צו אים ער זאל האנדלען ווי ער פארשטייט.

אויף א בריוו פון דר. הערצל צו נאטהייל'ן, אז עס וואלט געווען א גוטע זאך ווען דער באוואוסטער ציוניסט, יעקב דע האז, זאל קומען קיין אמעריקע וואו ער וואלט געקענט ברענגען ניצען דער ציוניסטישער באוועגונג, האט נאטהייל באלד טעלעגראפירט צו הערצל'ען, אז ער איז קעגען דע האז'ס קומען, ווייל די קאסע פון דער ציוניסטישער פעדעראציע איז ליידיג. אויף דער טעלעגראמע האט דר. הערצל אין א לענגערן בריוו צו נאטהייל'ן אויפגעקלערט, אז נישט די ציוניסטישע לייטונג שיקט אים, דע האז קומט אין די אינטערעסען פון דער אידישער (ציוניסטישער) קאלאניאל באנק, כדי צו ארגאניזירן דעם פארקויף פון די אקציעס פון דער באנק, און די באנק וועט דעקען אלע אויסגאבען. ערשט ביי דער 5טער ציוניסטישער קאנווענשאן אין באסטאן אין יוני, 1902, האט נאטהייל נאכגעגעבן, אז יעקב דע האז זאל דערוויילט ווערען אלס דער סעקרעטאר פון דער פעדעראציע פון די אמעריקאנער ציוניסטען.

אין די אויסטויש בריוו צווישען נאטהייל'ן און הערצל'ען זעט מען ווי נאטהייל האט ממש פארגעטערט הערצל'ען. ער איז געווען גרייט צו טאן וואס נאר דר. הערצל האט פון אים פארלאנגט. אזוי זעען מיר, אז ווען הערצל איז געוואר געווארען, אז די אמעריקאנער פירמע „רעמינגטאן — ראנד" ארבעט אויף א שרייב־מאשין מיט העברעישע אותיות, האט ער זיך געווענדעט צו נאטהייל'ן, אז ער זאל געוואר ווערן איינצעלהייטען וועגן דער שרייב־מאשין. ווען די מאשין וועט זיין צו פארקויפען, און וויפיל עס וועט קאסטען. נאטהייל'ס ענטפער איז געווען, אז די מאשין וועט זיין פארטיג אין א חודש ארום און דער פרייז וועט זיין 300 דאלאר. אבער אזוי ווי דר. נאטהייל האט א פריינט, וואס ארבעט ביי דער געזעלשאפט, וועט ער באקומען די ערשטע שרייב־מאשין פאר הערצלען. הערצל האט באלד ארויסגעשיקט א טשעק אויף דער באנק פון די ברידער לאזארוס, אין וואל־סטריט, אויף דער סומע פון 150 דאלאר. נאטהייל האט שפעטער דערקלערט, אז דר. הערצל האט די מאשין געדארפט פאר א מתנה צו דעם סולטאנ'ס הויף אין קאנסטאנטינאפאל, און אז הערצל האט באצאלט פאר דער מאשין פון זיין אייגענער קעשענע.

אין זומער פון 1903, ווען דר. הערצל האט זיך געגרייט אויף זיין רייזע קיין רוסלאנד, און פון דארטן קיין באזעל צום זעקסטען ציוניסטישען קאנגרעס, האט ער באקומען א זעהר וויכטיגען בריוו פון דר. נאטהייל'ן:

„פליצים איז צו מיר געקומען מיין פריינד דר. סאלאמאן שעכטער, וואס רייכע אידישע פינאנציערס מיט יעקב ה. שיף אין דער שפיץ, האבן אים ארויסגעבראכט פון ענגלאנד ער זאל ווערען דער אנפירער פון אידישען טעאלאגישען סעמינאר אין אמעריקע. און מיר דערקלערט, אז ער פארט צו דעם ציוניסטישען קאנגרעס קיין באזעל, אבער נישט אלס דעלעגאט, נאר אלס באאבאכטער. ווען מיר וועלען זיך באגעגענען אין היידעלבערג און פון דארטען קיין באזעל, האב איך פון אים ארויסבאקומען מערערע איינצעלהייטען. ער פארט

אין די אינטערעסען פון די אידישע פינאַנסירען. ווי עס זעט אויס, זיינען זיי פאַראינטערעסירט אין דער באַגדאַדער באַן־ליניע, וואָס די דייטשען פלאַנירען שוין אַ לענגערע צייט. אונזער פּרעזידענט טעאָדאָר רוזוועלט ווי אויך דער סטעיט סעקרעטאַר דזשאַן העי, ווייסען אויך פון זייער באַגדאַד פּלאַן. לעצטענס האָט אָסקאַר שטרויס באַמערקט, אַז עס קען העלפען, אַז אידען זאָלען זיך באַזעצען אין מעסאָפּאָטאַמיע. מיר מוזען אין באַזעל באַפריינדען פּראָפעסאָר שעכטער דורך אונזער פריינט הערבערט בענטוויטש".

ביים זעקסטען קאָנגרעס וואו עס איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע צי מען זאָל שיקען אַן אונטערזוכונג קאָמיסיע קיין אוגאַנדע, און די מייסטע דעלעגאַטען פון רוסלאַנד זיינען ארויסגעקומען קעגען, האָט דר. יוסף בלושטיין, איינער פון די גרינדער פון די חובבי ציון אין ניו יאָרק, געשטימט פאַר דער רעזאָלוציע. צוערשט איז געווען די פראַגע, אויב ער קען איבערהויפּט זיין אַ דעלעגאַט, ווייל ער איז געשיקט געוואָרען פון דער גרופּע „די פאַראייניגטע ציוניסטען פון אַמעריקע", וואָס איז געווען אַ געגנערישע גרופּע צו דער ציוניסטישער פעדעראַציע. דאָס האָט ארויסגערופען ביין בלוט צווישען די אַמעריקאַנער דעלעגאַטען ביים קאָנגרעס. מיר זעען דאָס פון דעם בריוו וואָס דר. גאָטהייל האָט געשריבען צו דר. הערצל'ען עטליכע וואָכען נאָך דעם קאָנגרעס.

נאָך דעם בריוו באַקומט דר. גאָטהייל אַ קאָנפידענציעלן בריוו פון דר. הערצל'ען, וואו דער ציוניסטישער פירער שרייבט, אַז עס איז צו איהם געקומען אַ מאַן מיט'ן נאָמען ווייגער אָדער ווינער, פון אַמעריקע, און פון איהם פאַרלאַנגט אַ גרויסע סומע געלט און אַז אויב ער וועט נישט באַקומען די סומע, וועט ער פאַרעפענטליכען דאָס געשפּרעך וואָס ער, הערצל, האָט געהאַט אין פּעטערבורג מיט'ן צאַרישען מיניסטער פאָן פּלעווע. אַזוי ווי אין דעם געשפּרעך איז אויך באַרירט געוואָרען וועגען דעם סולטאַן און זיין האַלב באַנקראָטירטער אימפּעריע, און דר. הערצל האָט נאָך אַלץ געהאָפט איהם אַ טשאַרטער פאַר ארץ ישראל, האָט ער נישט געוואָלט, אַז דאָס געשפּרעך זאָל פאַרעפענטליכט ווערן. ווען גאָטהייל האָט איבערגעלעזען דעם נאָמען, האָט ער באַלד איינגעזען, אַז דער באַטרעפענדער ווינער איז פון אַ פאַמיליע מיט וועמען ער איז געווען באַפריינדעט. דאָס האָט איהם פּשוט קראַנק געמאַכט. ער האָט די גאַנצע זאַך איבערגעגעבען צו דער פינקערטאָן דעטעקטיוו אַגענטור. דער ענטפער איז געווען, אַז דער איד איז געבוירען אין ביאַליסטאָק און איז געווען באַשעפטיגט אַלס אַ שפּיאָן ביי גראַף „קאַסינאַ", דער רוסישער אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן. גאָטהייל האָט אין זיין ענטפער באַרואיגט דר. הערצל'ען, אַז גראָד האָט די דאַמאָלס באַוואוסטע טעגליכע צייטונג „די ניו יאָרק וואָרלד", באַשריבען דעם מענטשען אַלס שפּיאָן.

דער לעצטער בריוו פון דר. גאָטהייל צו דר. הערצל'ען איז געשריבען געוואָרען דעם 1טען פעברואר 1904. אין דעם בריוו באַקלאָגט זיך דר. גאָטהייל, אַז זיין געזונט איז נישט גוט, און זיין דאָקטאָר האָט איהם געראָטען, אַז ער מוז איבערגעבען אַלע זיינע טעטיגקייטען. דאָס מיינט, אַז ער מוז רעזיגנירן אַלס פּרעזידענט פון דער ציונ. פעדעראַציע, איבערהויפּט מוז ער האָבען אַ לענגערע צייט זיך אויסצורוען. גאָטהייל האָט אויך באַמערקט אין דעם בריוו, אַז ער איז געוואָר געוואָרען, אַז דער אידישער באַנקיר און פילאַנטראָפּ יעקב ה. שיף פאָרט אָפּ קיין עגיפּטען און פּאַלעסטינע.

דר. הערצל, וועלכער איז שוין דאַמאָלס געווען קראַנק, האָט געטרייסט גאָטהייל'ן, אַז ער האָפט, אַז אַ גוטער אָפּרו וועט איהם העלפען אין זיין געזונט, און ער בעט, אויב גאָטהייל קומט אין אַן אייראָפּעאישען קוראָרט צו רעדן, ווייל ער וויל זיך מיט איהם טרעפען.

מיט עטליכע וואָכען שפּעטער האָט דר. הערצל טעלעגראַפירט 3 מאָל אין איין וואָך צו גאָטהייל'ן וועגען שיף'ס רייזע קיין עגיפּטען, ווייל הערצל האָט זיך געוואָלט באַגעגענען מיט יעקב ה. שיף. און מיט דעם האָט זיך געענדיגט די קאָרעספּאָנדענץ צווישען גאָטהייל'ן און הערצל'ען, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען דעם הערליכען טאָג פון 28טען סעפּטעמבער, 1897. דעם 3טן יולי, 1904, איז דר. הערצל געשטאָרבען אין עלטער פון 44 יאָר. גאָטהייל איז געבליבען אַ ציוניסט ביז זיין טויט אין 1936.

יהודה שפיגל,
רח' בן יהודה 105,
תל אביב.

תל אביב, יום ה', כ"ג חשון תשכ"ב
(2.11.1961)

מיין ליעבער פריינד יואל האבער, איך באגריעס דיך און
דיין רעספעקטיערטע בעסערע העלפט מיט דעם טראדיציאנעלען
גרוס "שלום עליכם"!

בשעת איך נעהם מיך שרייבען די פאלגענדע שורות ליגט פאר
מיר דיין בריעף, דאטיערט דעם 26טען אקטאבער. עס איז ביי
מיר קיין שום ספק אז מיט דיין שרייבען, און די זעהר אינטע-
רעסאנטע ציטאטס-אויסשניטע, האסטו די כוונה געהאט מיר א זעהר
אנגענעהמען מאמענט צו פארשאפען, אבער איך צווייפעל זעהר אויב
דו האסט א בעגריף, און אויב דו קאנסט דיר פארשטעלען, ווי איך
האב מיך געפרעהט, נישט נור מיט די אותיות, נור מיט דעם טאן.
איך דריק דיין האנד מיט אמת'דיגער פריינדשאפט! ווער נאך פון
מיינע פריינדע דארט ווייסט אזוי גוט ווי דו, אז ביי מיר ווערט
דאס ווארט פרייד מיט "קעפיטאל לעטטערס" געשריבען.

פריינד סעם האלברעכט בעזוכט מיך זעהר אפט, און נאטירליך איז
דאס געשפרעכס-טהעמא: די מענשען, די צייט און די אטהמאספערע
פון די אמאליגע עסטרייכישע אונגארישע ציוניסטען. אצינד קומסט
דו מיט דיין אויבענדערמאנטען ווילקאמענעם בריעף און דערמאנסט
אויך די נאך פארהאנענע אמאליגע חברים פון יענעם אויסערגעוועהנ-
ליכען פאראיין. פאר מיר באדייטעט דאס געפיהלסמעסיג א מין "חַדֵּשׁ
יָמֵינוּ כְּקֶדֶם".... ( איך בעט דיך, נישט אויסצוטייטשען די פאר
פינסאלען אז איך האב נישט מעהר וואס צו זאגען, נור אז איהר
דארט זאלט אויך אויף א מאמענט א קלעהר טון און הנאה האבען).

צו דעם פאמיליענצואוואקס פון דיין יונגסטען איייניקעל ווינש
איך דיר אז דו זאלסט זוכה זיין צו טאנצען אויף זיין חתונה.

מיט אינטערעס און שפאנונג ערוואַרט איך אייער, דאס הייסט מיסעס
האבערס און דיין קומען צו דער מצוה פון דיין סאכטערס עלטעסטען
איינקעל. יהי רצון, ס'זאל נור זיין שמחות ביי אידען בכל מקום שה

איך דאנק דיר פאר דיינע איבערגעבען גריסע פון אונזערע פריינדע
מ. געסטריי און קלמן מאהלער, און זיי אדוי גוט, גריעס זיי און
אלע אנדערע פריינדע, שֶׁאִי אֶפְשַׁר לְפוֹרְטָם כִּי רַבִּים הֵם.

צולעצט פאלט מיר איין דיך צו בעטען בְּכָל לָשׁוֹן שֶׁל בַּקָּשָׁה, אַז משיח
וועט אם ירצה השם קומען במהרה בימינו און דו וועסט דיך מיט
איהם פאטאגראפיערען, זאלסטו נישט פארגעסען מיר צו שיקען
א פָּאָסְקָא. און ביז אהין זייד אלע, אלע, אלע געזונד און
שטארק!

אייער פריינד

[signature]

פאַר אַ פּאָר טעג איז [illegible] שוואַך
בין איך געווען. די [illegible]
אין נתניה. [illegible]
[illegible]

יהודה שפיגל,
רח' בן־יהודה 105,
תל אביב/ישראל.

תל אביב, יום ג!,כ"ד אלול תשכ"א

5.9.1961

מיין ליעבער פריינד יוליאוס האבער, שלום רב לך!

איך האב דערהאלטען דיין שנה טובה וואונשקארטע . אזוי
ווי איך האב א טבע פון תמיד אן צו זוכען אין יעדער זאך
א גוטע כוונה, זעה איך אין דיין וואונשקארטע א־דאפעלטע
כוונה: ערשטענס, א זיי געזונד, א געזעגענען זיך נאך דיין
אוועקפאהרען פון דאנען און, צווייטענס, א פריינדליכען
עהרליכען וואונש צום נייעם יאהר. ווי שטעהט דארט געשריבען
אין די קליינע אותיות:"מצוה גוררת מצוה", קומט דאך אויס
אז איך מוז צוויי מאל דאנקען, און דאס טו איך מיט פארגניגען.

א הארציגען דאנק אייך, זעהר געעהרטע מיסעס האבער, פאר
איי/ערע ווינשע צום נייעם יאהר, און דיר, פריינד יוליאוס,
ווינש איך מיט'ן גאנצען הארצען אז דו זאלסט, צוזאמען מיט
דיין געטרייער לעבענסבאגלייטערין, א סך גליקליכע יאהרען
אין פריעדען און פריידען לעבען ביז צו דער ישועה שלימה,
פאר דעם כלל ישראל.

לשנה טובה תכתבו ותחתמו!
לחיים טובים ולשלום!

אייער, אין פריינדשאפט,

# פינף וואָכען ביים אייכמאַן־פּראָצעס אין ירושלים

**איינדרוקען פון די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען. — אַדאָלף אייכמאַן ביים פּראָצעס און אין זיין טורמע־קאַמער.**

פון יוליוס האַבער

די פינף וואָכען, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין בית המשפט אין ירושלים ביי דעם אייכמאַן־פּראָצעס, האָב איך טאָג־טעגליך אָבּ־זערווירט דעם גע'משפט'ן מאַסען־מערדער אין זיין גלעזערנער שטייג. ציערשט האָב איך געדענקט צו פאַרנאָטירען בלויז די הויכפּונקטען פון'ם פּראָצעס. איך האָב אָבער איינגעזען, אַז דער גאַנצער משפט איז איין גרויסער הויכפּונקט.

ווען אייכמאַן איז צוערשט אויפגעטראָטען אַלס עדות איז זיין פאַרטיידיגונג, האָט דער הויפּט־ריכטער משה לאַנדוי אים געפרעגט, צי ער וויל עדות זאָגען אונטער אַ שבועה. דער ענטפער איז געווען יאָ, ער וויל שווערן, אָבער נישט ביי קיין ביבל, נאָר ביי גאָט. אַזוי ווי איך בין די גאַנצע צייט געזעסען אין דער דיפּלאָמאַטישער רייע, נעבען די באָאָבאַכטער פאַר דער דייטשער רעגירונג, האָב איך זיך צוגעהערט ווי אַזוי אָט די דייטשען האָבען רעאַגירט אויף אייכמאַנ'ס ענטפער. איינער פון זיי האָט באַמערקט צום אַנדערען: אין וועלכען גאָט גלויבט ער איבערהויפּט? זיכער נישט אינ'ם אידישן גאָט, און אויך נישט אינ'ם קריסטליכען גאָט. זאָלען מיר אָננעמען, אַז ער גלויבט נאָך אַלץ אין זיין „גאָט", אין היטלער'ן?

ווי שוין באַקאַנט, האָט אייכמאַנ'ס ענטפער געמאַכט אַ גרויסען רושם אין געריכט. ווען ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אין זיין גלעזערנער שטייג איז ער געווען נידערגעשלאָגען, דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטען אַרונטערגעבויגען. ווען זיין אַדוואָקאַט דר. ראָבערט סערוואַטיוס האָט אים געשטעלט פראַגן, האָט אייכמאַן אויף זיי געענטפערט מיט אַ שטימע, וואָס איז געווען קוים הערבאַר. ריכטער לאַנדוי האָט געמוזט איינינגע מאָל אים אויפמערקזאַם מאַכען, אַז ער זאָל ריידען העכער, כדי מען זאָל אים קענען פאַרשטיין. אָבער דעם קומענדיגען אינדערפרי, ווען ער האָט זיך ווידער באַוויזען אין זיין גלעזערנער שטייג, האָט אייכמאַן זיך שוין אַוועקגעזעצט שטייף און אויסגעצויגען. ער האָט אויף אַלע פראַגעס געענטפערט מיט אַ שטאַרקער און פעסטער שטימע. (זאָל דאָ באַמערקט ווערען, אַז ווען אייכמאַן פאַרלאָזט די גלעזערנע שטייג ביים פּראָצעס און ווערט צוריקגעפירט אין זיין תפיסה־צעל, וואָס מען האָט פאַר אים ציטערדיג [illegible] געאָרדנעט [illegible] בית [illegible], טוט מען אים איבער אין אַרעסטאַנטען־קליידער. אין געריכטס־זאַל ברענגט מען אים אין אַ נייעם, אויסגעפּרעסטען אַנצוג, אַ ריין העמד מיט אַ שיינעם קראַוואַט).

מיר האָבן זיך געפרעגט, ווי עס קומט, וואָס איבערנאַכט איז געקומען אַזאַ ענדערונג אין דעם מערדער'ס באַנעמונג? דער ענטפער איז געווען, אַז זיין אַדוואָקאַט האָט מיט אים פאַרבראַכט מערערע שטונדען כדי אויסצואַרבעטן די פראַגען און ענטפערס. אייכמאַן האָט זינט דאַן אָנגעהויבן זיך פילען זיכערער.

איינער פון די וויכטיגע עדות, פון וועמען מיר האָבען דערוואַרט צו הערען איינצעלהייטען וועגען דעם וואָס ער האָט אַליין איבערגעלעבט, איז געווען קאַצעטניק נומער 135633, וואָס זיין אמת'ער נאָמען איז יחיאל דענור. אָט דער קאַצעטניק האָט שוין געשריבען עטליכע ביכער וועגען די טויטלאַגערס, וואו ער האָט אַליין פאַרבראַכט, אָבער ער איז געווען אָפּגעשוואַכט פון פאַסטען, זינט ער האָט באַקומען די איינלאַדונג אַלס עדות צום פּראָצעס. דאָס האָט אונז איבערגעגעבן זיין שוועהר, וועלכער איז אים געקומען צוהילף, ווען ער האָט גע'חלש'ט אין געריכט.

דאָס עדות־זאָגען פון די צענדליגע עדות, וועלכע האָבען צליין צוגעזען ווי זייערע נאָענטסטע זיינען ערמאָרדעט געוואָרען אין די גאַז־קאַמערן, איז פאַר אונז געווען שרעקליך אויסצוהערן. אָבער ווען עס איז אַרויפגעקומען דער נאָמען דר. לעווענהערץ, דער לעצטער פירער פון דער אידישער געמיינדע אין ווין, האָט דאָס מיך זעהר פאַראינטערעסירט. אייכמאַן האָט צוגעגעבן, אַז ער האָט באַליידיגט דר. לעווענהערצ'ן, מיט וועמען ער פלעגט זיך טרעפען יעדען טאָג אין ווין, אָבער ער האָט זיך פאַר אים אַנטשולדיגט. אייכמאַן האָט ניט דערציילט, אַז ער האָט אים געשלאָגען, ווייל עס איז ניט צוגעגאַנגען שנעל גענוג די עוואַקואירונג פון די ווינער אידען.

לויט מיין פריערדיגער אינפאָרמאַציע האָט אייכמאַן געהאַט געשיקט דר. לעווענהערצ'ן קיין ליסבאָן, פּאָרטוגאַל, ער זאָל זיך דאָרטען טרעפען מיט דר. יוסף שוואַרץ, דאַמאָלס דער דירעקטאָר פון'ם „דזשאָינט", וואָס האָט פינאַנסירט די עמיגראַציע פון די ווינער אידן.

אייכמאַן איז באַשטאַנען, אַז דאָס איז געווען דער באַפעל פון היטלער'ן, ריין צו מאַכען עסטרייך פון אידען. לעצטען ווינטער, ווען עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז דער אייכמאַן־פּראָצעס וועט פאָרקומען אין מערץ אָדער אין אַפּריל, אין ירושלים, בין איך געוואויר געוואָרען, אַז דר. לעווענהערץ וואוינט אין קיו גאַרדענס, אין ניו יאָרק. אַזוי ווי איך האָב געוואָלט קריגען מער איינצעלהייטען וועגען לעווענהערצ'ן אין שייכות מיט דעם מערדער אייכמאַן, האָב איך פּרובירט זיך צו טרעפען מיט אים. מיין מי איז אָבער געווען אומזיסט, ווייל מיט עטליכע חדשים פריער איז דר. לעווענהערץ געשטאָרבען, טאַקע אין קיו גאַרדענס. מיט עטליכע וואָכן שפּעטער האָב איך דורכגעבלעטערט די אַרכיווען פון'ם „דזשאָינט", און דאָרטען האָב איך געזען די באַריכטען פון יענער צייט. אין אַ משך פון אַנדערהאַלבען יאָר האָט דער „דזשאָינט" געטאָן אַלץ מעגליכעס כדי צו באַקומען סערטיפיקאַטען פון די זיך־אַמעריקאַנער לענדער, אָבער געלונגען איז עס בלויז פאַר עטוואָס מער ווי 5,000 עסטרייכישע אידן. און כאָטש מיר האָבן געוווּסט אויסצוזעצן געגן ענגלאַנד, פאַר פאַרמאַכען אין יענער צייט די טויערן פון ארץ ישראל פאַר די אידישע פּליטים, איז אָבער דער אמת, אַז ענגלאַנד אַליין האָט אַריינגענומען מער ווי הונדערט טויזענט אידען פון עסטרייך, ווי אויך פון אַנדערע לענדער, מיט דעם באַדינג, אַז באַלד נאָך דער מלחמה זאָלען זיי פאַרלאָזען ענגלאַנד. ליידער, אָבער, געדענקט זיך נאָר בילט, אַז אונזער גרויסע און רייכע אַמעריקע האָט דאַמאָלס פאַרשלאָסען אירע טויערן. די געשיכטע מיט דער גרויסער שיף „סעינט לואיס" ~~געדענקט זיך נאָך ביז'ן [illegible]~~ [redacted] טויזענט [redacted] טאָג, ווען אידען האָבען געקלאַפּט אין די טויערן פון אַמעריקע, און די שיף מיט די אידישע פּאַסאַזשירען האָט זיך געמוזט צוריקקערען קיין [redacted] האמבורג

אויף דעם אייכמאַן־פּראָצעס איז אויך אַרויסגעבראַכט געוואָרען דער

טראַגישער פאַל פון דער פרוי פון אַ באַוואוסטען פּראָפעסאָר. פאַר וועמען עס האָבען אינטערווענירט די גרעסטע שטאַטסמענער פון אייראָפּע, אפילו דער וואַטיקאַן. איין טאָג איז די פרוי גערופען געוואָרען צו אייכמאַנ'ען און דער מאַסען־מערדער האָט זי געפרעגט, צי זי וויל זיין צוזאַמען מיט איר מאַן. די פרוי האָט געמיינט, אַז זי ווערט באַפרייט און אַז זי וועט באַלד ווידער זיין מיט איר מאַן. אָבער עטליכע טעג שפּעטער האָט מען די פרוי צוזאַמען מיט איר מאַן אַרויסגענומען טויטע פון די גאַז־קאַמערן. דער מערדער אייכמאַן האָט טאַקע געהאַלטען וואָרט, אַז זיי וועלען זיין צוזאַמען . . .

אַנדערע עדות האָבען איבערגעגעבען וועגען די שווידערליכקייטען פון דעם מערדער דר. מענגעלע אין אוישוויץ. אָט דער מערדער־דאָקטאָר פלעגט פון זיין ביוראָ קומען אויף אַ בייסיקל אין די אוישוויץ־לאַגערן. אויפ'ן וועג פלעגט ער זיך אונטערזינגען אַריעס פון דער אָפּערע „ריגאָלעטאָ". ווי נאָר די אומגליקליכע לאַגער־קרבנות האָבען אים דערזען קומען, האָבען זיי שוין געוואוסט, אַז די טויט־קאַמערן וועלען שוין די נאַכט אַרבעטען „אָווערטאַים".

אָט דער דר. מענגעלע, ווי דער פאַרטרעטער פון אייכמאַנ'ען, האָט דאָס באַשטימט ווער עס זאָל בלייבען לעבען אַלס אַ שקלאַף פאַר די נאַציס און ווער עס זאָל גיין אין די גאַז־אויוונס. איין טאָג, ווען ער האָט דערוואַרט אַ קאָמיסיע פון רויטען קרייץ, האָט ער געלאָזט אַוועקשטעלען קעסטלעך מיט לעבעדיגע בלומען אויפ'ן גאַנצען וועג פון דער באַן ביז דעם לאַגער־אָפּיס, כדי צו מאַכען אַ גוטען איינדרוק אויף דער קאָמיסיע. ווינטער, ווען עס זיינען אין אוישוויץ געווען גרויסע שנייען, איז כדי די איינוואוינער פון יענער שטאָט זאָלען זיך נישט אויסגליטשען, האָט דער דאָקטאָר־מערדער געלאָזט אויסשיטען די אַש פון די טויטע. און ווען דער פרילינג איז געקומען האָט דאָס פעטס פון די אַשעס



ישראל־פּראָקוראָר גדעון האַוזנער (רעכטס) פאָטאָגראַפירט מיט'ן שרייבער פון דעם אַרטיקעל יוליוס האָבער.

ארויסגעבראכט פון דער ערד פרישע בלומען. מען האט ביים פראצעס ארויסגעבראכט, אז דר. מענגעלע האט געשיקט צום טויט מעהר אידען ווי אנדערע צען מערדער צוזאמען . . .

אין אן ענטפער אויף א פראגע פון זיין אדוואקאט האט זיך אייכמאן ארויסגעכאפט, אז די אורזאך, פארוואס ער איז געווען אזוי שטרענג צו די אומגליקליכע איז געווען דאס וואס ער האט געוואוסט אז דער „פירער" (היטלער) האט ערקלערט, אז וואס שטרענגער מען איז צו אידען אלץ בעסער איז פאר דייטשלאנד, און אז דער באטרעפענדער וואס איז שטרענג צו אידן פארדינט א העכערן ראנג . . .

גאר אן אנדערער אייכמאן האט זיך אנטפלעקט ווען דער פראקוראר דר. גדעון האוזנער האט אים גענומען אויף א קרייץ־פארהער. צוערשט האט זיך דער מערדער געהאלטן שטייף. מעגליך אז ער האט געמיינט, אז ער איז נאך אלץ אן עדות און זיין פארטיידיגער דר. סערוואטיוס פרעגט אים פראגען, וועלכע דארפן באווייזן זיין אומשולד. ער האט אבער שנעל איינגעזען, אז דער פראקוראר איז אנטשלאסן ארויסצובאקומען נאר דעם אמת, נעמליך, אז ער, אייכמאן, איז דער שולדיגער אין דעם אומקום פון מיליאנען אומשולדיגע אידען. נאך אייניגע שעה אונטער האוזנער'ס קרייץ־פארהער איז שוין אייכמאן געווען אן אנדערע פערזאן. מען האט געקענט מערקען ווי ער איז פלוצים געווארען א דערשלאגענער און ער האט פארלאזט די גלעזערנע שטייג מיט אן אראפגעבויגענעם קאפ. אבער צו זיין גליק האט דער מערדער געהאט צייט, פון פרייטאג מיטאג ביז מאנטאג אינדערפרי, זיך אויסצורוען. אז אייכמאן האט געהאט עטליכע שווערע שעה'ן אונטער'ן קרייץ־פארהער, האט מען געקענט זען פון דעם, וואס אפילו נאך מאנטאג אינדערפרי האט ער נישט געקענט קומען צו זיך און האט געמוזט בעטן ביי די ריכטער אפצולייגן דעם פראצעס ביז נאכמיטאג. ווען ער איז יענעם נאכמיטאג אריין אין זיין שטייג און דער פראצעס האט זיך ווידער אנגעהויבן, איז ער שוין געווען אן אויסגערוטער. די קארגע פיר טעג רו האבן אים ווידער געגעבען חוצפה, און פון דאנען אן האט ער אנגעהאלטן זיינע ליגענס.

די מייסטע צייטונגס־מענשען, וועלכע האבן געדעקט דעם פראצעס, האבן אין די עטליכע חדשים ארויסגעוויזן גרויס רעספעקט פאר די אידישע ריכטער, ווי אויך פאר דעם פראקוראר דר. האוזנער. אדוואקאטן, פאקטיש פון דער גאנצער וועלט, האבן נאכגעפאלגט דעם פראצעס. פון ניו יארק איז צום פראצעס געקומען א פארטרעטער פון אידישע אדוואקאטן און געבראכט פראקוראר האוזנער א האנט־זייגערל אלס א מתנה. ווען דר. האוזנער האט גענומען א בילד מיט מיר, האט ער אויסגעדריקט, דורך מיר, א דאנק פאר דער דאזיגער מתנה. ביי דער ערשטער געלעגנהייט, האט ער מיר געזאגט, וועט ער אליין באדאנקען די אדוואקאטן פון ניו יארק פאר'ן געשאנק.

עס האט אונז, די פון אמעריקע, זעהר שטארק אינטערעסירט דאס, וואס האוזנער האט אין זיינע פראגעס ארויסגעבראכט, אז אייכמאן האט שוין אין יאר 1937 פארלאנגט פון דייטשן פינאנץ־מיניסטעריום א סומע געלט פאר דעם ניו יארקער אנטיסעמיט העלמהאסט, פאר אנטיסעמיטישער פראפאגאנדע אין אמעריקע. שפעטער האט ער ווידער פארלאנגט גרעסערע סומען געלט, כדי דער אנטיסעמיט זאל ארויסגעבן אין ענגליש דאס בוך „דהי וואירלד דעספעשאן", ווי אפצונארן און באשווינדלען די וועלט.

כמעט יעדער אייגנער, מיט וועמען איך האב גערעדט, האט געהאלטן, אז דער פראצעס האט זיך פארצויגן צו לאנג. איך האב זיך נאכגעפרעגט וועגן דעם ביי קאמפעטענטע פערזאנען, און דער ענטפער איז געווען, אז מען מוז ביי א פראצעס ארויסברענגען יעדע קלייניגקייט, וואס אונז דאכט זיך, אז דאס איז נישט וויכטיג. די ריכטער און האוזנער פאסן אויף, אז די קומענדיגע דורות זאלן ניט קאנען קומען מיט טענות, אז עס איז געווען א געלעגנהייט ארויסצוברענגען ווי אזוי עס האט געקענט פאסירן אז א דריטל פון אידענטום איז אומגעקומען און די ריכטער האבן עס נישט געטאן.

איך האב זיך גוט צוגעקוקט צו די פילע זשורנאליסטן, וואס זיינען געקומען צום משפט. די מערסטע האבן נישט אויסגעהאלטן די גאנצע צייט פון פיר חדשים. אבער די צייטונגס־אגענטורן, פאר וועמען די מדינה האט אויפגעשטעלט ספעציעלע ביוראען, ווי די פראנצויזישע נייעס אגענטור „א. פ. פ.", די ענגלישע אגענטור „רויטער", די אידישע טעלעגראפען אגענטור „איטא", די אמעריקאנער אגענטורן „אסאשיאייטעד פרעס", „יונייטעד פרעס" און די מדינת ישראל נייעס אגענטור „עתים", זיינען געווען באנוצט ביז'ן סוף.

דער טאָג־מאָרגען זשורנאַל, 5טער יוני, 1961



**דר. שמריהו לעווין
ניו יאָרק מאַי 1914**

איך נישט געוואָלט שטעלען און איך האָב נאָכגעזוכט אין זלמן רייזען׳ס לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין ווילנע, אין יאָר 1930, און אין רובריק 232 ווערט אויך אָנגעגעבען, אַז שמריהו לעווין איז געבוירען געוואָרען אין דעם יאָר 1867, אין דעם שטעטל סוויסלאָוויטש, מינסקער גובערניע.

ווען דר. לעווין איז, אין 1906, דערוויילט געוואָרען צו דער דומאַ, איז אין דער זעלבער צייט אויך דערוויילט געוואָרען צו דער דומאַ אַן אַנדערער חשוב׳ער ציוניסט. דאָס איז געווען דר. ניסן קאַצענעלזאָן, אַן אינטימער פריינט פון דר. הערצל, וואָס איז אויך געווען דער טרעזשורער פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג און אויך אַ מיטגליד פינ׳ם דירעקטאָריום פון דער ציון־באַנק „די דזשואיש קאָלאָניאַל טראַסט”. איך האָב זיך געטראָפן מיט דר. קאַצענעלזאָן אויף דער שיף „אימפּעראַטאָר” אין יוני, 1914. ער האָט זיך געהאַט צוריקגעקערט פון זיינעם אַ באַזוך אין אַמעריקע אין די אינטערעסען פון דער באַנק, וואָס האָט געזאָלט

## וועגען דר. שמריהו לעווין

חשוב׳ער רעדאַקטאָר!

דר. א. קריטשמאַר־יזרעאלי האָט אין זיין ·זעהר אינטערעסאַנטען אַרטיקעל „דר. שמריהו לעווין צום 100סטען יאָר פון זיין געבורט” געמאַכט אַ טעות. שמריהו לעווין איז געבוירען געוואָרען אין יאָר 1867, און ערשט אין 6 יאָר אַרום וועט ווערען 100 יאָר פון זיין געבורט.

ווען איך האָב איבערגעלייענט דאָס קאַפּיטעל פונ׳ם אַרטיקעל האָב איך זיך דערמאָנט, אַז עטליכע חדשים נאָך דעם ווי היטלער האָט פאַרכאַפּט די מאַכט אין דייטשלאַנד, האָב איך געטראָפען, אין יוני, 1933, דר. לעווין אין גאָרטען פון דעם „סאַן רעמאָ האָטעל”, אין תל אביב. ער האָט געשפּילט שאַך מיט זיינעם אַ באַקאַנטען, וואָס איז ערשט געקומען פון דייטשלאַנד. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין ערשט צוריקגעקומען פון אַמעריקע, האָט ער אָפּגעשטופּט דאָס טישעל און מיך געפרעגט וועגען זיינע באַקאַנטע. אויף מיין פראַגע, פאַרוואָס ער באַזוכט נישט אַמעריקע, איז זיין ענטפער געווען, אַז ער פילט זיך קראַנק און קאָן מער נישט מאַכען די באַזוכען, ווי אין די פריערדיגע יאָרען. אויף דער פראַגע פון זיין פריינט, ווי אַלט ער איז, האָט ער געענטפערט, אַז ער איז געוואָרען 66 יאָר. און ווען כ׳האָב געשריבען מיין בוך, אין 1945, „רער אומבאַצאָלטער חוב פון אַמעריקאַנער אידען צו זייערע ברידער”, האָב איך דאָרטען פאַרצייכענט דעם שמועס. אָבער אַזוי ווי עס איז שוין אַ לאַנגע צייט אַוועק זינט דאַן, האָב איך נישט געוואָלט שטעלען אויף זיך און נאָכגעזוכט אין דער „אוניווערסאַלער אידישער ענציקלאָפּעדיע”, און אויך דאָרטען איז אָנגעגעבען דאָס שמריהו לעווין איז געבוירען אין יאָר 1867. אויך אויף דעם האָב

עפענען א ברענטש אין ניו יארק. ווען עס איז אין אונזער שמועס ארויפגעקומען דער נאמען פון דר. לעווין, וואס איז דעמאלט געווען אין אמעריקע, האב איך באמערקט, אז ער איז אביסעל אנגע'ברוגז'ט אויף דר. לעווין. ער האט מיר דערקלערט; אז ער האט זיך געשעמט פאר די אנדערע דעפוטאטען אין דער דומא, וועלכע האבען, צוזאמען מיט אים און דר. לעווין, אונטערגעשריבען דעם „וויבארג־אויפרוף" געגען דעם צאר און זיינע מיניסטארען. די אלע האבען זיך געשטעלט צום משפט, א חוץ דר. לעווין, וועלכער האט פארלאזט רוסלאנד און זיך פאר א קורצער צייט באזעצט אין דייטשלאנד, און שפעטער געמאכט זיין היים אין ארץ ישראל.

דר. קאצענעלזאן האט מיר דערקלערט, אז דר. לעווין האט געדארפט, צוזאמען מיט די אנדערע, זיין ביים משפט און אפזיצען די 6 חדשים. דר. קאצענעלזאן איז אפגעזעסען דעם טערמין אין דער שטאט וואו ער איז געבוירען געווארען, אין באברויסק. זיי האבן געהאט די ברירה אפצוזיצען אין איינער פון די דריי שטעט: אין דער הויפטשטאט סט. פיטערסבורג, אין זייערע דאמאלסדיגע וואוין־ערטער, אדער אין די ערטער וואו זיי זיינען געבוירען געווארען. ווען, אין מיטען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איך האב זיך צוריקגעקערט קיין אמעריקע, האב איך זיך געטראפען מיט דר. לעווין אין דער געזעלשאפט פון זיינע שוואגערס, די ברידער קאנהיים. ווען דער נאמען פון דר. קאצענעלזאן איז דערמאנט געווארען אין צוזאמענהאנג מיט דער אידישער באנק, האב איך איבערגעגעבען מיין שמועס מיט אים אויף דער שיף. דר. לעווין האט ערקלערט, אז שוין אין דער דומא האט ער איינגעזען, אז אידען האבן ווייניג וואס צו דערווארטען אפילו פון א ליבעראלער רעגירונג אין רוסלאנד, און ער האט דאמאלס באשלאסען צו פארלאזען רוסלאנד און ווידמען זיין צייט פאר דער ציוניסטישער באוועגונג. און ווי מיר אלע געדענקען, האט ער טאקע אוועקגעגעבען זיין ענערגיע פאר דער באוועגונג, ביז ער איז געשטארבען אין ארץ ישראל, אין יאר 1935.

מיט דרך ארץ,

**דזשוליוס האבער**

ניו יארק.

יהודה שפיגל,
רח' בן יהודה 105,
תל אביב, ישראל.

תל אביב, יום ב, ל' לעומר תשכ"א
(1.5.1961)

מיין זעהר ליעבער פריינד יואל האבער, שלום רב לך !

דער היינטיגער וועלטליכער דאטום דערמאנט מיך אן מארים ראזענפעלדס יידישען מאי:"ווידער איז דער מאי געקומען מיט זיין צויבער מיט זיין פראכט" און אזוי ווייטער. דא אין אונזער לאנד איז אצינד אין אמת'ן די שעהנסטע צייט פון יאהר. ביי מיר פערזענליך דריקט זיך דאס אויס צום גרעסטען טייל וואס איך לעז אין די צייטונגען, אדער איך הער פון אנדערע; גם זו לטובה! אבער אין א געווויסען זין האב איך אויך צומאל א גרויסע הנאה ווען ס'בעזוכען מיך אין פריהלינגסצייט פריינדע פון די אמאליגע יוגענד צייט און מ'שמועסט איבער מאמענטען, חלומות און האפנונגען פון יענער ראמאנטישער צייט, און פלוצים פיהלט מען זיך יונגער מיט א האלבען יאהרהונדערט. – – – "בשוב ה' את שיבת ציון היינו כחולמים" . . . און דיעזע ווילקאמענע בעזוכער, כמעט אלע בלי יוצא מן הכלל, האבען פון דיר בעקומען מיין אדרעסע און מיטגעבראכט דיינע גריעסע. נישט אומזיסט שטעהט דארט אין די דריבניע אותיות געשריבען:"מצוה גוררת מצוה", דא טוסט א מצוה און גיבסט דעם איינעם פריינד מיין אדרעסע, דער פריינד ברענגט מיר א גרוס, און איך ווידער האב אנלאס און געלעגענהייט דיר צו דאנקען פאר דעם אלעמען.

פאר א יאהר האב איך געהאט בעזוכע אויפ'ן טוץ, היי-יאהר, דאס הייסט דערוויל, האבען מיך בעזוכט -אלץ אויף דיין עצה - נחמיה קארנבלוה (דער איננסטער ברודער פון מיין אומפארגעסליכען פריינד יוחנן קארנבלוה, וועלכער איז אויך געוועזן מיין פארטנער) און מר.געטריי מיט זיין שוואגער-פארטנער. קארנבליה האט זיך נעכטען ביי מיר געזעגענט, און ס'יז מעגליך אז בשעה איך שרייב דיעזע שורות שט-ייגט ער ארויף אויפ'ן אוירון, און איידער דיעזע שורות וועלען צו דיר אנקומען וועט ער דיר אפשר שוין האבען אבגעגעבען מיינע הארציגע גריעסע.

ביי דער געלעגענהייט וויל איך ערוועהנען, אז אין לעצטען ווינטער מיט זיינע לאנגע אווענטען האב איך דיין "אודיסיאה של ציוני אמריקני" מיט רוהע און אונגעשערט געלעזען, און הנאה געהאט, טראץ די פיעלע דרוקפעהלער. דיין בוך האט זיך אנגעשלאסען אן א גאנץ אנשטענדיגע רייהע פון ביכער, למשל: "דבר אל העמים" פון אבא אבן, "קריה נאמנה" פון דוב יוסף, "אחרון הצדיקים" פון שווארץ-בארט, אנדרע א.ז.וו. מיט איינעם ווארט: איך האב מיך נישט געלאנגווײלט, חלילה.

א-יך דאנק דיר גאר הארציג פאר דיין פריינדשאפט, און איך בעט דיך צו זיין דער דאלמעטשער פון מיינע בעסטע גריעסע צו דיין רעספעקטירטע בעסערע העלפט.

פיעלע פריינדליכע גריעסע און גוטע ווינשע צו אונזערע בשותפות'דיגע פריינדע דארט.

בברכת שלום נלבבת הנני שלך.

יהודה שפיגל.

# טאָג־מאָרגען זשורנאַל, יאַנואַר 7טען 1961

## היסטאָרישע טעג

דאָס באַשטימען פון דין ראַסק, פאַר סעקרעטערי אָוו סטעיט, אין קענעדי'ס קאַבינעט, דערמאָנט מיך דעם 19טען מערץ 1948, וואָס איז אויך באַקאַנט אַלס דער „שוואַרצער פרייטאָג". איך האָב זיך דעמאָלט געטראָפען מיט דין ראָסק, ביי דער יו־ען אין לעיק סוקסעס.

עס געדענקט זיך, אַז גלייך נאָך דער אָפּשטימונג פאַר דער „חלוקה" פון ארץ ישראל, דעם 29טען נאָוועמבער 1947, האָבען די שונאים געאַרבייט טאָג און נאַכט ווי אַזוי צו אַנולירען דעם חלוקה פּלאַן. עס זיינען אויך אָנגעגאַנגען דיסקוסיעס ביי דער יו־ען, ווי אַזוי צו אימפּלעמענטען דעם פּלאַן. אין אַ פרייטאָג נאָכמיטאָג, דעם 12טען מערץ, אַ וואָך פאַר'ן שוואַרצען פרייטאָג, האָט דער זיכערקייט־ראַט פון דער יו־ען אויך אָפּגעהאַלטען אַ זיצונג, וואו מען האָט דיסקוטירט וועגען שיקען אַן אַרמיי פון 5000 סאָלדאַטען קיין פאַלעסטינע. עס האָט זיך דעמאָלט אויפגעשטעלט פון צווישען דעם פּובליקום אַ קריסטליכע פרוי און אויסגעשריען „איך וועל נישט געבען מיין זון ער זאָל פאַרגיסן בלוט פאַר די אידען". פרייטאָג, דעם 19טען מערץ, ביי דער זיצונג פון זיכערקייט־ראַט, האָט זיך אויפגעשטעלט דער אַמעריקאַנער פאַרטרעטער פון די „גרויסע פיר": וואָרען אוסטין, און געבעטען אַז די זיצונג זאָל ווערען איבערגעריסען פאַר אַ קורצער צייט, ווייל ער וויל האָבען אַ קאָנפערענץ מיט די פאַרטרעטער פון די „גרויסע פיר", רוסלאַנד, פראַנקרייך, כינע און אַמעריקע. מיר זיינען געוואויר געוואָרען דאָס אויך ענגלאַנד, וואָס האָט ביז דאַן נישט גענומען קיין אָנטייל אין די דיסקוסיעס, ווייל זי איז געווען געגען דעם חלוקה פּלאַן, נעמט אָן אָנטייל אין דער קאָנפערענץ.

דורך דער צייט וואָס די קאָנפערענץ פון די גרויסע פיר, מיט ענגלאַנד די „גרויסע פינף", זיינען מיר געווען אין רעסטאָראַן פון דער יו־ען. פּלוצים הערען מיר דאָס מען רופט די צייטונגס־לייט צו אַ פּרעסע־קאָנפערענץ. מיר זיינען באַלד געווען ביי דער קאָנפערענץ וואו דין ראָסק, אַ יונגער מאַן אין די שפּעטערע דרייסיגער יאָרען, וואָס איז דעמאָלט געווען אַן אַסיסטענט סעקרעטערי אָוו סטעיט, האָט פון אַ פּאַפּיר געלייענט די נייע רעזאָלוציע וואָס וואָרען אוסטין האָט פאַרגעבראַכט ביי זיין קאָנפערענץ, „דאָס אַמעריקע איז דערפאַר דאָס מען זאָל צייטווייליג פאַרבייטען פאַר אַ טראָסטישיפּ פאַר פאַלעסטינע". אויף אַלע פראַגעס מצד די צייטונגס מענשען האָט ראָסק געהאַט איין ענטפער, מיין באָס, (דזשענעראַל דזשאָרדזש מאַרשאַל, סעקרעטערי אָוו סטעיט איז פאַר אַ טראָסטישיפּ). דין ראָסק'ס דערקלע־



דין ראָסק

טאָג-מאָרגען זשורנאַל, יאַנואַר 7טען, 1961

נג האָט אונז געטראָפען ווי אַ דונ נער, איז עס מעגליך דאָס אונזער גוטער פריינט פרעזידענט טרומאַן גיט נאָך אונזערע שונאים?

שפּעטער, נאָך דעם ווי עס איז שוין געווען באַוואוסט אָפיציעל, דאָס וואַשינגטאָן איז פאַר אַ טראַס־ טישיפ, האָט דר. אבא הלל סיל־ ווער, דער פאָרזיצער פון דער אַמע־ ריקאַנער אָפּטיילונג פון דער אידי־ שער אַגענטור, ערקלערט פאַר'ן זיכערקייט־ראַט, דאָס דער ישוב האַלט זיך און וועט ווייטער זיך האַלטען ביי דער אָפּשטימונג וועגן חלוקה, נישט נעמען אין אָנבאַ־ טראַכט די ענדערונג וואָס דער זי־ כערקייט־ראַט דיסקוטירט.

איך האָב זיך שפּעטער דער־ וואוסט, אַז סעקרעטערי אָוו סטעיט מאַרשאַל, אַלס מיליטער מאַן, זעט פאָר אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע, אַזוי שנעל ווי ענגלאַנד וועט פאַרלאָזען פּאַלעסטינע. ער האָט געהאַלטען אַז דער ישוב וועט נישט קענען אויסהאַלטען דעם איבערפאַל פון די אַרמייען פון די אַראַבישע לענ דער, און דאָס וואָס די אַראַבער סטראַשען אַריינצוטרייבען די אי דען פון פּאַלעסטינע אין ים אַריי זיינען זיי גרייט עס צו טאָן.

אַז דאָס איז געווען די מיינונג אָדער דער תירוץ פון סעקרעטער מאַרשאַל, האָב איך אויסגעפונ מיט פיר וואָכען שפּעטער ביי דער ספּעציעלער זיצונג פון דער דזשע נעראַל אַסעמבלי אין פלאַשינג מעדאָו.

מיר זיינען געווען זעהר באַ־ זאָרגט, אָבער נישט אויף לאַנג, ווייל דעם זעלבען טאָג, דעם 19טען אַפּריל, האָבען זיך צוריקגעקערט דר. ישראל גאָלדשטיין, דר. עמנואל ניומאַן, ראָוז האַלפּערין, פון דער זיצונג פונ'ם אַקציאָנס קאָמיטעט, וואו זיי זיינען געווען מיטגלידער און ערקלערט דאָס אויף דער זיצונג אין ירושלים, האָט מען זיי ער־ קלערט, דאָס דער ישוב גייט אָן מיט דער אַרבייט פון צוגרייטען די



ELIHU D. STONE

אַדמיניסטראַציע פאַר'ן אידען־ שטאַט. און עטליכע טעג שפּעטער האָט זיך אויך צוריקגעקערט נאָך אַ מיטגליד פונ'ם אַקציאָנס קאָמי־ טעט אליהו דוד סטאָן פון באָסטאָן. ער האָט אונז איבערגעגעבען, דאָס דער ישוב איז פול מיט האָפענונג, זיי האָבען די לאָזונג דאָס „די מכב'יער זיינען ווידער אויפגע־ שטאַנען אָנצופירען דעם קאַמף פאַר דעם אידישען שטאַט אין ארץ יש־ ראל. און אַזוי ווי עס איז נישט דאַ קיין ברירה, מוז דער ישוב אָנפירען דעם קאַמף. דער ישוב האָפט, דאָס די אידען פון דער פרייער וועלט, איבערהויפּט די אידען אין אַמערי־ קע, וועלען נישט פאַרלירען דעם מוט און ווייטער צו העלפען פאַר אַ אידען שטאַט.

מיט דרך ארץ,

**דזשוליוס האַבער,**

**ניו יאָרק.**

## וועגן „עקזאָדוס" און זיין מחבר

חשוב'ער רעדאַקטאָר:

מיין לאַנדסמאַן און סיטי עדיטאָר פון דעם „טאָג־מאָרגען זשורנאַל", מאיר שטיקער, איז ווערט גראַטולירט צו ווערן פאַר זיין געלונגענער איבערזעצונג פון'ם באַוואוסטען בוך „עקזאָדוס", וואָס דרוקט זיך טעגליך אין אייער חשוב'ער צייטונג.

אַזוי ווי איך האָב זיך פּערזענליך באַקאַנט מיט דעם פּראָפעסער פון דעם בוך לעאָן יורים, וויל איך דאָ איבערגעבען איינינגע פּרטים, וואָס האָבען אַ שייכות צום בוך.

ווען איך האָב איבערגעשיקט אַ קאָפּי פון דעם בוך אין אָקטאָבער, 1958, צו מיין טאָכטער קיין מדינת ישראל, איז מיר באַלד געקומען אַן ענטפער דאָס „עקזאָדוס", איז די גרעסטע פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער מדינה, און ווי מיר זעען ביי דער איצטיגער צייט, איז דאָס נישט געווען קיין איבערשאַצונג. אַזוי ווי אין מיין בוך, וואו איך האָב באַשריבען די די־פּיס אין ציפּערן בין איך געווען זעהר נייגעריג זיך צו טרעפען פּערזענליך מיט לעאָן יוריס, און די געלעגענהייט איז געקומען פריער ווי איך האָב דערוואַרטעט. אין די ערשטע טעג פון יאַנואַר, 1959, בין איך [illegible] אַ מאַסען־פאַרזאַמלונג אין מיאַמי ביטש, וואו מר. יורים איז געווען איינער פון די רעדנער. ווען דער מיטינג איז געווען צו ענדע, האָב איך געמוזט וואַרטען ביז אין מיטען נאַכט, (ווייל הונדערטער מענשען מיט'ן בוך אין דער האַנט זיינען געשטאַנען אין דער ריי, כדי מר. יורים זאָל אַריינשרייבען זיין נאָמען אין זייערע קאָפּיעס). ווען איך בין פאַרגעשטעלט געוואָרען יורים'ן, איז מיין ערשטע פראַגע געווען, ווען ער האָט באַזוכט דאָס ערשטע מאָל דאָס אינזעל ציפּערן וואו די זעהר אינטערעסאַנטע געשעעניש איז פאָרגעקומען מיט די 300 אינגערע די־פּי'ס. וואָס זיינען געוועזן פאַרהאַלטען ביי די ענגלענדער. יורים האָט זיך צוערשט געוואונדערט אויף דער פראַגע, איך האָב אים דערקלערט, אַז איך האָב באַזוכט ציפּערן אין יאַנואַר, 1947, ווען די גרויסע געשעעניש איז פאָרגעקומען לויט דעם בוך. צוערשט האָט ער מיך אָנגעקוקט און דאַן דערקלערט, אַז אין יאַנואַר, 1947 איז ער נאָך קיין 25 יאָר ניט אַלט [redacted] האָט באַזוכט ציפּערן [redacted] אין 1956. אָבער איך מוז פאַרשטיין דאָס „עקזאָדוס", איז אַ נאָוועלע, „אַ ראָמאַן פון דראַמאַטישען קאַמף", ער האָט באַקומען דאָס מאַטעריאַל פון ראיעלע קוועלען און האָט עס אַליין באַאַרבעט לויט זיינע פעאיגקייטען."

ווען איך האָב זיך מיט איהם געזעגענט, האָט ער מיך געפרעגט: „ווי עס קומט דאָס די אידישע צייטונגען, [redacted] האָבען נאָך ביז דעמאָלט נישט קריטיקירט דאָס בוך, איך האָב באַמערקט, דאָס „איך וועל נישט זיין איבערראַשט, ווען דאָס בוך וועט זיין איבערזעצט אין אידיש". און איצט זעען מיר ווי די לייענער פון דעם „טאָג־מאָרגען זשורנאַל" האָבען הנאה פון לייענען דאָס בוך, וואָס האָט געמאַכט אַזאַ גרויסע סענסאַציע, און וועט אין קורצען געוויזען ווערען אַלס אַ מואווי. ווען איך האָב דערקלערט צו מר. יורים, אַז אין מיין בוך, גיב איך אויך איבער איינצעלהייטען וועגען די די־פּי אין ציפּערן, איז ער געווען מער ווי צופרידען און געזאָגט. אַז ער לייענט מיין בוך.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האָבער, ניו יאָרק.

**דר. הערצל'ס פּיעסען אויף בראָדוועי**

חשוב'ער רעדאַקטאָר!

אזוי ווי די אידישע וועלט פייערט האַיאָר דעם 100טען געבוירן־יאָר פון דר. טעאָדאָר הערצל, איז אין פּלאַץ צו דערמאָנען, אַז מאָרגען, דינסטאָג, ווערט 75 יאָר זינט הערצל'ס פּיעסע, אַ דראַמע „טאַבארין" האָט געהאַט אַ פּרעמיערע אין אַ בראָדוויי טעאַטער. דעם 23טען נאָוועמבער, 1885, איז די דראַמע אויפגעפירט געוואָרען אין דעם „סטאַר" טעאַטער, 13טע גאַס און בראָדוויי, ניו יאָרק, וועלכער האָט געהאַט אַ דערפאָלג.

הערצל איז דאַמאָלס אַלט געווען 25 יאָר און האָט גראָד דאַן באַקומען זיין דאָקטאָראַט. הערצל'ס מוטער האָט, אזוי ווי די מיינסטע אידישע מאַמעס, געוואָלט, אַז איר איינציגער זון זאָל זיין אַן אדוואָקאַט. הערצל האָט אָבער שוין דאַמאָלס געהאַט אַ דראַנג צו שרייבען פאַר'ן טעאַטער. און ווען ער האָט דאַמאָלס געשריבען זיין ערשטע פּיעסע און עס איז געווען נישט אזוי גרינג צו געפינען אַן ערשט־קלאַסיגען טעאַטער אין ווין, וואָס האָט געוואָלט אויפפירען די דראַמע, גראָד דאַן זיינען עטליכע באַוואוסטע שוישפילערס געפאָרען גאַסטראָלירען אין ניו יאָרק, האָבן זיי מיטגענומען די פּיעסע און עס אויפגעפירט אין „סטאַר" טעאַטער אויף בראָדוויי.

זיין ערשטע דראַמע האָט געפירט צו פילע אנדערע. דאָס זעטען פון דער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס הערצל האָט געפירט מיט'ן באַוואוסטען שרייבער און דראַמאַטורג דר. אַרטור שניצלער. אין איינעם פון די בריוו אין יאָר 1892, דערמאָנט ער שוין „דאָס נייע געטאָ", וואָס הערצל האָט שוין דאַמאָלס געהאַט געשריבען.

ווען איך האָב זיך לעצטען זומער געטראָפען אין איטאליע מיט דר. ראָזענבערגער, הערצל'ס מיט־רעדאַקטאָר פון דער אָפיציעלער ציוניסטישער וואָכען־צייטונג „די וועלט", און אים געפרעגט, ווי קומט עס וואָס איידער הערצל איז געפאָרען פון ווין קיין באַזעל צום ערשטען ציוניסטישן קאָנגרעס אין אויגוסט 1887, האָט הערצל געגעבען אַן אויפטראָג, אַז ראָזענבערגער זאָל עפענען די בריוו, וואָס ער וועט באַקומען פון ניו יאָרק דורך דער צייט, ווען ער, הערצל, וועט זיין ביים קאָנגרעס, און דעם אינהאַלט פון די באַריכטען זאָל ער איינשליסען אין דער נעקסטער אויסגאַבע פון דער צייטונג? אויף



דר. הערצל און זיין דראמא „טאבארין" געשפילט אין ניו יארק

ראָזענבערגער'ס פראַגע, פאַרוואָס יאָד די באַריכטען פון ניו יאָרק, האָט הערצל געענטפערט, אַז זינט מען האָט אויפגעפירט זיין ערשטע פּיעסע אין ניו יאָרק, האָט ער די שטאָט אַ מ ה א ר צ ע ן, און אויך אַז דאָס איז די שטאָט, וואו צענדליגער טויזענטער אידען שטראָמען אהין יערעס יאָר.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האַבער

טאָג-זשורנאַל, אָקטאָבער 28טען, 1960

## דר. הערצל, סטיפען וויז און דזשייקאָב שיף

השוב'ער רעדאַקטאָר:

אין דעם לעצטען אַרטיקעל פון אייער השוב'ען מיט־רעדאַקטאָר א. אַלפּערין, וועגן דר. הערצל'ס טאָגביכער, „אינמיטען פון לעבען קומט דער טויט", הערצל'ס געשריבענע ווערטער, וואָס איז געווען ווען הערצל האָט פאַרצייכענט זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט דעם אידישן פילאַנטראָפּ יעקב ה. שיף, דערמאָנט מיך וואָס איך האָב געלייענט אין די אַרכיוועו פון דער ציון־באַוועגונג אין ירושלים. און ביי דער געלעגענהייט וויל איך אויך אויסדריקען אַ דאַנק צו מיין פריינט דר. אַלעקסאַנדער ביין, הויפּט־לייטער פון די אַרכיוון, וואָס האָט מיר געגעבען אַ מעגליכקייט דורכצובלעטערן די קאָרעספּאָנדענץ, וואָס דר. הערצל האָט געפירט מיט די פירענדע פּערזענליכקייטן פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער פעדעראַציע, די היינטיגע „זי־אָ־עי".

צווישען די פילע בריוו האָב איך אויך געבלעטערט די בריוו און טעלעגראַמע, וואָס דר. סטיפען ס. וויז האָט געשיקט צו הערצל'ען 10 וואָכן איידער הערצל איז געשטאָרבען. וויז, ווען ער איז אין 1904 געווען אין דער היידעלבערגער אוניווערזיטעט, האָט ער אויך אָנטיילגענומען אין דער זיצונג פון דעם ציוניסטישען אַקציאָנס קאָמיטעט, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין ווין דעם 10־טען און 11־טען אַפּריל, 1904. ווען וויז האָט זיך געזעגענט מיט דר. הערצל, האָט ער באַקומען אַ מיסיע צוזאַמענצוברענגען הערצל'ען מיט יעקב ה. שיף, וואָס איז דאַמאָלס געווען אין בערלין אויף זיין וועג קיין ענגלאַנד. ווי עס ווייזט אויס, האָט וויז געוואוסט, אַז שיף איז דאַמאָלס געווען אַ געגנער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, אָבער ער האָט נישט געהאַט דאָס האַרץ צו אָנטזאָגען הערצל'ס פאַרלאַנג. ער האָט געשריבען צו שיף'ן קיין בערלין און אָנגעגעבען זיין אַדרעס אין היידעלבערג. ווען וויז האָט זיך צוריקגעקערט קיין היידעלבערג, האָט אויף אים שוין געוואַרט אַ טעלעגראַפישער ענטפער פון שיף'ן, וואָס האָט געהאַט דעם פאָלגענדען אינהאַלט:

ראבי סטיווען ווייז

„הערצל האָט זיך שוין נאָכגעפרעגט ביי מיינע פריינט אין פראַנקפורט וועגן מיין רייזע־פּלאַן און ווייסט עס שוין באַשטימט. אויב ער וויל מיט מיר דיסקוטירען וועגן ציוניזם בין איך גרייט פאַר באַם. איך האָב דעם טיפסטען צו[illegible] מיינע ברידער אין גלויבן און אין ראַסע. איך פיל, אַז דער ציוניזם איז אַ ריין טעאָרעטישע און סענטימענטאַלע פּראָפּאָזיציע. פּראַקטיש האָט עס נישט קיין צוקונפט. יעקב ה. שיף".

(ווי שוין באַוואוסט, האָט זיך שיף נאָך דער באַלפור דעקלאַראַציע דערנענטערט צו דער ציון־באַוועגונג און אין 1920, פאַר זיין טויט, האָט שיף איינגעזען, אַז ציון איז די לאָגישע לייזונג פאַר די היימלאָזע אידען).

ווייז האָט טעלעגראַפירט דעם אינהאַלט צו דר. הערצל, און צוגעגעבן, אַז איצט, נאָך דעם ענטפער פון שיפ׳ן, איז נישט ראַטזאַם, אַז הערצל זאָל זיך טרעפען מיט שיפ׳ן אפילו צופעליג.

מיט עטליכע טעג שפּעטער, דעם 22־טען אַפּריל, 1904, האָט ראַבאַי ווייז געשריבען אַ לענגערן בריוו צום פּרעזידענט פון דער „פעדעראַציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטען", דר. ריטשאַרד גאָטהייל, דאַמאָלס פּראָפעסאָר אין קאָלאָמביאַ אוניווערזיטעט. אַ קאָפּיע פון דעם בריוו האָט ווייז געשיקט צו דר. הערצל מיט דער באַמערקונג, אַז „אַזוי ווי אינ׳ם בריוו איז דערמאָנט דיין נאָמען, איז נישט מער ווי רעכט, אַז דו זאָלסט וויסען דעם אינהאַלט פונ׳ם בריוו".

דאָס איז געווען דער לעצטער בריוו, וואָס ווייז האָט געשריבען צו הערצל׳ען. אינ׳ם אַרכיוו האָב איך אויך דורכגעבלעטערט דעם ערשטען בריוו, וואָס ווייז האָט געשריבען צו הערצל׳ען. דאָס איז געווען דעם 28־טען יוני, 1898. ער לאָזט וויסן, אַז ער, אַלס דער סעקרעטאַר פון די ציוניסטען פון גרויס ניו יאָרק, האָט ערשט אַרויסגעשיקט אַ רוף צו די ציוניסטישע פאַראיינען אין אַמעריקע, אַז זיי זאָלען שיקען דעלעגאַטען צום צוזאַמענפאָר, וואָס וועט פאָרקומען דעם 4־טן יולי אין ניו יאָרק, וואו מען וועט גרינדען די „פעדעראַציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן". נאָך דער פאַרזאַמלונג האָט ווייז באַריכטעט צו דר. הערצל, אַז דער צוזאַמענפאָר איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג. איז דר. ריטשאַרד גאָטהייל איז דערוויילט געוואָרען פּרעזידענט פון דער פעדעראַציע און ווייז — סעקרעטאַר; און גאָטהייל און זיין פרוי, ווי אויך ראַבאַי ווייז זיינען אויסגעקליבען געוואָרען אַלס דעלעגאַטען צום 2־טען ציון־קאָנגרעס. ווייז האָט צוגעגעבן, אַז ער האָפט צו זיין אין ווין פאַר׳ן קאָנגרעס און וועט זיך טרעפען מיט הערצל׳ען.

דר. ניסן קאַצענעלסאָן, מיט וועמען איך האָב זיך געטראָפען אין יוני, 1914, אויף דער שיף „אימפּעראַטאָר", האָט מיר דערציילט, אַז הערצל, אפילו נאָכדעם ווי ווייז האָט אים טעלעגראַפירט, אַז עס איז נישט כדאי ער זאָל זיך טרעפען מיט יעקב שיף אפילו צופעליג, האָט אַלץ געוואָלט זיך שטעלען אין פאַרבינדונג מיט שיפ׳ן. קאַצענעלסאָן האָט זיך דאַן צוריקגעקערט פון זיין באַזוך אין ניו יאָרק, וואו ער איז געווען אין די אינטערעסען פון דער אידישער קאָלאָניאַל באַנק, פון וועלכער ער איז געווען איינער פון די דירעקטאָרען. הערצל האָט אים דאַן איבערגעגעבן די מיסיע זיך צו טרעפען מיט שיפ׳ן. ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פון דער מיסיע, האָט הערצל, אַ קראַנקער מענש, צו אים געזאָגט: „אוי, עס איז שוין שפּעט. איך האָב שוין געהערט קלינגען צום דריטן מאָל". דערמיט האָט ער געמיינט, אַז ער וועט שוין לאַנג נישט אויסהאַלטן, ווייל זיינע טעג זיינען געציילטע. ער איז טאַקע מער נישט געקומען צו זיך פון זיין האַרץ־קראַנקהייט.

מיט דרך ארץ,

**דזשוליוס האַבער,**

**ניו יאָרק.**

יהודה שפיגל,
רח' בן יהודה 105,
תל אביב.

תל אביב, יום ה', ו' חשון תשכ"א
(27.10.1960)

מיין ליעבער הארציגער פריינד יואל האבער, שלום רב לך !

מיט די ווייטערדיגע שורות וויל איך דיר דאנקען פאר דיינע בעזוכע און די דערמיט פארבונדענע אנרעגענדע און אינטערעסאנטע שמועסען, אין בייסט פון "שבת אחים גם יחד", יעדעס מאל ווען דו קומסט אהער אין לאנד פון אונזערע האפנונגען און חלומות, וואס די פארווירקליכונג פון א טייל פון זיי האבען מיר - א דאנק זיין ליעבען נאמען - זוכה געוועזן צו זעהן מיט אונזערע אויגען. און לאמיר האפען אז מיר וועלען נאך זוכה זיין צו זעהן די גאולה שלימה - "ותחזינה עינינו בשוב ה' לציון ב ר ח מ י ם.

שמועסענדיג וואלט איך דיר אודאי מעהר געזאגט ווי איך וועל דיר דא שרייבען. ביים ריידען זיצט מען פנים אל פנים, מ'קוקט איינער אין די אויגען פון צווייטען, מ'מאכט א העויה, א ביסעל עסטיקולאציע, מ'הערט דעם טאן אדער מ'רעדט ווי א תפילה בלחש, אט די אלע אינסטינקטיווע צוגאבען זענען די נאַטען און די פארבענשטריכע וואס מאכען דאס געשפרעך לעבעדיג, פארביג, קלאנגפול. דאס אלעס איז נור מעגליך פּאַנעטיש אויסצודריקען. אבער אויף פאפיער ? וואויל איז דעם וואס קאַן זיך בריעפליך אזוי גוט אויסדריקען ווי מינדליך.

אויבען האב איך געפרובט דיר דאנקען פאר דיינע בעזוכע, אצינד וויל איך דיר דאנקען (און נישט סתם געפלאפעלט "דאנקען", נור טאקי בכל לבבך, פאר צייטונגסאויסשניטען וואס דו געשיקט צו פריינד סאם האלברעכט און איהם געבעטען ער זאל זיי מיר איבערגעבען. ער האט עהרליך אויסגעפיהרט וואס דו האסט פון איהם פארלאנגט. איהם האב איך אן עקספּער יישר כח געגעבען.

איבער די אי-נטערעסאנטע, און ביז צו דיין לעצטען בעזוך ביי מיר אומבעקאנטע איינצעלהייטען איבער הערצל'ס אינטימען מיטארבייטער ד"ר ראזענבערגער האסטו מיר דאך דערצעהלט, און דערפאר האב איך אין דיינע שילדערונג אין "אמעריקאנער" אפשר מעהר בטלעזען ווי א דורכשניטליכער לעזער.

דיינע שילדערונגען פון די ערשטע יאהרען פון דער ציוניסטישער באוועגונג זענען מיר נישט ניי, אבער האבען מיין זכרון אויף דער אנגענעהמסטער ווייזע אויפגעפרישט. ווי זאגט שמאי'לה אין יעקב גארדין'ס "אידישער קעניג ליער"?:"אוי, רבונו של עולם, ס'זאל זיך מיר חאטש חלומ'ען א געבראטען קאטשקאלע !" אז איך לעז דיינע שילדערונגען און די באטרעפענדע דאטומס, גלוסט זיך אויסצורופען:חדש ימינו כקדם! ליידער איז א "קאם בעק" נישט מעגליך....

דער ברעג פון דיעזען בלאט דערנעהנטערט זיך, דאס איז א ווינק פאר מיר צו שליעסען מיין שרייבען, און סתם אזוי, טרוקען, אהן א "שייק הענדס, שנעל האפעדיג איז דאך אויך נישט שייך, דערפאר זאג איך: זיי געזונד און שטארק, דו און דיין רעספעקטיערטע ליעבע פרוי, און לאזט אייך באלד ווידער זעהן דא אין לאנד!.

בעסטע גריעסע צו אלע חברים פון די אלטע גוטע צייטען.

## דער טאָג–מאָרגען זשורנאַל, 16טער סעפּטעמבער, 1960

### [illegible], הערצל און אוגאַנדע

חשוב׳ער רעדאַקטאָר!

די אַרטיקלען פון אייער חשוב׳ן מיט־רעדאַקטאָר א. אַלפּערין, וועגן דר. הערצל׳ס טאָג־ביכער, זיינען באמת זעהר גוט באַאַרבעט און ער פאַרדינט א גרויסען דאַנק, און איך נעם זיך די דערלויבעניש אים אויסצודריקען א יישר כוח פאַר זיין גרויסער מי.

איבערהויפּט האָט זיך פריינט אַלפּערין אויסגעצייכענט מיט זיינע באַשרייבונגען וועגען דעם טראַגישען אוגאַנדע־קאָנגרעס, וואָס נאָך ביז׳ן היינטיגען טאָג גייען אָן פאַרשיידענע ווערסיעס. ביי דער געלעגענהייט איז ווערט דאָ צו דערמאָנען, אַז אין דעם „בעסט סעלער בוך" פון דעם ריכטער פונ׳ם העכסטען געריכט אין וואַשינגטאָן, פעליקס פראַנקפורטער, ווערט אויך דערמאָנט וועגען דער אוגאַנדאַ־פראַגע, און אויך דאָרטען איז פאַראַנען א טעות אין צוזאַמענהאַנג מיט אוגאַנדע. ווייל נאָך דר. הערצל׳ס טויט, ווען פונ׳ם גאַנצען פּראָיעקט איז גאָרנישט געוואָרען, האָבען פילע יאָ־זאָגערס געוואָלט אָפּלייקענען, אַז זיי זיינען געווען פאַר׳ן אוגאַנדע פּראָיעקט, און דאָס האָט געבראַכט דערצו, דאָס ריכטער פראַנקפורטער זאָל מאַכען דעם טעות, אָבער ווען איך האָב אים אויפמערקזאַם געמאַכט, האָט ער מיר גלייך געדאַנקט און זיך פאַרענטפערט.

עס איז אויך אינטערעסאַנט, אַז ביים ציוני־קאָנגרעס אין אויגוסט, 1903, זיינען צווישען די דעלעגאַטען פון אַמעריקע, אויך געווען דער אידישער פילאַנטראָפּ סיירוס ל. סולזבערגער מיט זיין יונגען זון, אַרטור העיז, דער איצטיגער אַרויסגעבער פון דער „ניו יאָרק טאַימס", און אין א בריוו דריקט ער זיך אויס מיט לויב־ווערטער וועגען הערצל׳ס פּערזענליכקייט. עס איז אויך אינטערעסאַנט, אַז ביי דער דעבאַטע וועגען אוגאַנדע איז דער רעדנער פאַר אוגאַנדע טאַקע געווען סיירוס ל. סולזבערגער, און אַזוי ווי עס איז דעמאָלט ערשט געווען עטליכע חדשים נאָכ׳ן קישענעווער פּאָגראָם, און א גרויסער שטראָם פון אידען פון רוסלאַנד האָבען געצויגען קיין אַמעריקע, האָט סולזבערגער אין זיין רעדע געוואָרענט, אַז אויב דער שטראָם וועט אָנגיין אין די קומענדיגע 20 יאָר אין דער פּראָפּאָרציע ווי עס איז אָנגעגאַנגען אין די פאָרגאַנגענע 20 יאָר, איז ער איבערצייגט אַז עס וועלען אין וואַשינגטאָן אָנגענומען ווערען שטרענגע געזעצען וועגען אימיגראַציע (ליידער זיינען טאַקע אין די יאָרן 1920-1922 אָנגענומען געוואָרען די שטרענגע אימיגראַציע געזעצען). פאַר דעם האָט סולזבערגער מורא געהאַט, און ער האָט דאָס דערקלערט ביים קאָנגרעס, ווען ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אוגאַנדע.

ווי מר. אַלפּערין האָט שוין איבערגעגעבען, איז דער 6טער ציוני־קאָנגרעס געווען פאַר הערצלען דער לעצטער און דער מער אָנגעשטרענגסטער. און כאָטש ער איז שוין דעמאָלט געווען מיט א קראַנק האַרץ, אָבער ער איז אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט פאַר דער אידישען שטאַט אידייע. באַלד נאָכ׳ן קאָנגרעס שרייבט הערצל א קאָנפידענציעלען בריוו צו דר. ריטשאַרד גאָטהייל, דער פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער פעדעראַציע, אַז עס איז צו אים געקומען א מענש און פאַרלאַנגט א גרויסע סומע געלט, אויב נישט, וועט ער פאַרעפענטליכען דעם געשפּרעך, וואָס הערצל האָט געהאַט מיט׳ן מיניסטער פּלעווע אין פעטערבורג, און אַזוי ווי ביים געשפּרעך איז אויך אַרויפגעבראַכט געווען דער נאָמען פונ׳ם סולטאַן פון טערקיי, האָט הערצל דעם געשפּרעך געוואָלט האַלטען אין געהיים. אינ׳ם בריוו בעט הערצל דר. גאָטהייל, אַז־אַזוי ווי די פּערזאָן איז איצט ערשט געקומען פון אַמעריקע, בעט ער, אַז גאָטהייל זאָל באַלד אים לאָזען וויסען ווער די פּערזאָן איז. גאָטהייל האָט די זאַך איבערגעגעבען צו דער דעמאָלט באַוואוסטער פינקערטאָן דעטעקטיוו אַגענטור, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די פּערזאָן איז געווען א שפּיאָן, אָנגעשטעלט ביים רוסישען אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן, גראַף קאַסינאַ. דער שפּיאָן איז געווען אונזערער א איד, א געבוירענער פון ביאַליסטאָק. אויך דר. גאָטהייל איז געווען זעהר באַזאָרגט, אָבער אין צווישען צייט איז פון דער דאָזיגער גאַנצער זאַך געוואָר געוואָרען די דעמאָלט אָנגעזעענע טעגליכע צייטונג „די ניו יאָרק וואָרלד", האָט זי פאַרעפענטליכט די ידיעה וועגען דעם שפּיאָן. הערצל איז געווען באַרואיגט און מער האָט ער גאָרנישט געהערט פון דעם אידישען שפּיאָן.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האַבער,

ניו יאָרק.

טאָג־מאָרגען זשורנאל, 26טער אויגוסט 1960

# דזשוליוס האַבער׳ס ווערק וועגען ציוניזם אין אַמעריקע דערשינען אין העברעאיש



Julius Haber

עס איז נאָר וואָס דערשינען אין העברעאיש, אין דעם ישראל־פאַר־לאַג מ. ניומאַן, דאָס וויכטיגע ווערק וועגען דער געשיכטע פון אַמעריקאַנער ציוניזם פון דזשו־ליום האַבער אונטער׳ן נאָמען: „אודיסיאה של ציוני אמריקאני".

דאָס זעלבע ווערק איז מיט א גע־וויסער צייט צוריק דערשינען אין ענגליש און האָט געמאַכט א גרוי־סען רושם. וויכטיגע אידישע און ענגליש־אידישע שרייבער האָבען זיך אָפּגערופען זעהר וואַרים ווע־

גען האַבער׳ס בוך און באַטאַנט די וויכטיגע היסטאָרישע מאַטעריאַלן אינ׳ם בוך, וואָס זענען א וואָגיקער צושטייער צו דער געשיכטע פון אַמעריקאַנער ציוניזם.

דאָס בוך איז פאַרזען מיט א הקדמה פון געוועזענעם ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין אַמעריקע אבא אבן. א פאָרוואָרט איז אויך געשרי־בען פון דעם באַרימטען ציון־וועטע־ראַן לואיס ליפּסקי.

דער מחבר פון בוך, דזשוליו־ האַבער, איז איינער פון די ראש־ נים פון דער ציון־באַוועגונג א אַמעריקע, וואָס איז במשך פון י־ רען געווען, און איז נאָך אַלץ, ט טיג אין פאַרשיידענע ציוניסטי־ אונטערנעמונגען. נישט נאָר אַליין, נאָר אויך זיינע קינדער אייניקלעך האָבען דעם ציוניסט אידעאַל פאַרווירקליכט דורך ע זיין קיין ישראל און ווערען נער פון דער אידישער מדינה.

אין דער העברעאישער אויו בע האָט דזשוליוס האַבער צוג בען נייע וויכטיגע מאַטעריאַלן גען דעם סיני־קאַמפּעין און די טע פייערונגען פון יום העצ

טאָג־מאָרגן זשורנאַל, ניו־יאָרק 21טער אויגוסט, 1960

# זכרונות פון אַ ציוניסט

— פון —
א. אַלפּערין

אונזער ציוניסטישע מעמואַרען־ליטעראַטור אין אַמעריקע איז ניט קיין רייכע. און די ביכער, וועלכע זיינען געשריבען געוואָרען, קומען פון דער פעדער פון ציוניסטישע פירער, וועלכע האָבען איבערגעלאָזט פערזענליכע זכרונות און אָפּשאַצונגען וועגען די גרויסע געשעענישען, וואָס זיי האָבען מיטגעמאַכט. אָפט האָבען זיי זיך אויך קאָנצענטרירט אַמײַסטען אויף זייער אייגענעם אַנטייל און ביישטייערונג צו די געשעענישען. דאָס בוך פון דזשוליוס (יואל) האַבער, וואָס ליגט איצט פאַר אונז *) איז געשריבען געוואָרען פון אַ פשוט'ן ציוניסט, פון אַן עסקן, וועלכער האָט אַלע זיינע יאָרען ניט פאַרנומען קיין אָפיציעלע אַמטען. און ער שטעלט זיך אויך ניט אָפּ בלויז אויף די גרויסע טעג אין דער תקופה פון די איבער פופציג יאָר, וואָס ער באַשרייבט. ער פירט דורך פאַר אונז דאָס ברייטע בילד פון דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע, אָנהויבענדיג פון די ערשטע יאָרען פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע און פון קליינע פאַרזאַמלונגען אין ברוקלין, אין אָנהויב פון אונזער יאָרהונדערט, ביז צו דער גרויסער מאַסען־באַוועגונג, וועלכע האָט געשפּילט אַזאַ אַנטשיידענע ראָלע אין געווינען דעם קאַמף פאַר דער ווידעראויפריכטונג פון דער אידישער מדינה.

דזשוליוס האַבער האָט פאַרצייכענט אין זיין זכרון און באַשריבען אין זיין בוך אויך די קליינע התחלות, וואָס האָבען געפירט צו גרויסע מעשים און אָן וועלכע די היסטאָרישע אויפטוען און דערגרייכונגען פון אַמעריקאַנער ציוניזם וואָלטען ניט געווען מעגליך.

אַ גרויסען טייל פון זיין בוך ווידמעט דזשוליוס האַבער די געשעענישען אין דער יו״ען, אין דער תקופה פון דעם קאַמף פאַר דורכפירען דעם באַשלוס וועגען דער ווידעראויפריכטונג פון דער אידישער מדינה, און שפּעטער בעת דעם געראַנגעל פון ישראל און פון דער ישראל־דעלעגאַציע אין דער יו״ען נעגען די כסדר'דיגע אַראַבישע אַגרעסיעס. דזשוליוס האַבער איז איינער פון די ווייניגע — און אפשר טאַקע דער איינציגער — אַמעריקאַנער ציוניסט, וועלכער האָט במשך פון אַלע יאָרן, זינט די היסטאָרישע טעג פון 1947, ביינגעוואוינט די זיצונגען פון דער יו״ען, פון דער אַסעמבלי און פון זיכערקייטס־ראַט, תמיד ווען עס זיינען באַהאַנדעלט געוואָרען די ישראל־פראַגען. זיינע זכרונות פון די דאָזיגע פאַרהאַנדלונגען פון דער יו״ען האָבען אַ באַדייטענדען ווערט פאַר דעם קומענדיגען היסטאָריקער, וואָס וועט וועלען באַלייכטען דאָס קאָמפּליצירטע קאַפּיטעל געשיכטע וועגן דער יו״ען און ישראל.

אָבער די דערינערונגען פון דעם ציוניסט דזשוליוס האַבער האָבען אַ ווערט ניט בלויז פאַר דער געשיכטע. אבא איבען, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער ישראל־דעלעגאַציע אין דער יו״ען במשך פון עלף יאָר, שרייבט אין זיין רירענדער הקדמה צו דעם בוך, אַז „דער עצם פאַקט פון דער שטענדיגער, אויפמערקזאַמער און עקשנות'דיגער אָנוועזענהייט פון דזשוליוס האַבער'ן אויף דער גאַלעריע פאַר'ן פובליקום האָט מיר תמיד פאַרשאַפט אָן אַ שיעור טרייסט און צופרידענקייט בעת די שטורמישע פאַרהאַנדלונגען און דיסקוסיעס".

דער מחבר פון דער אינטערעסאַנטען מעמואַרען־בוך האָט מיט זיין אָנוועזענהייט און באַאָבאַכטונגען אין די קריטישע טעג, ווי אין די פייערליכע מאָמענטען פון די פאַרהאַנדלונגען וועגען ישראל אין דער יו״ען, אויסגעדריקט די וואַכזאַמע אויפמערקזאַמקייט און די געטרייע געפילען פון דעם גרויסען אַמעריקאַנער ציוניסטישען עולם. און פונקט אַזוי איז זיין גאַנץ בוך מיט די אינטערעסאַנטע און רירענדע דערינערונגען אַ שטאַרקער און וואַרימער קאָלעקטיווער אויסדרוק פון דעם פשוט'ן ציוניסט אין אַמעריקע, וועלכער האָט די אַרבייט פאַר דער ציון־אידייע אָנגעהויבען באַשיידען מיט איבער פופציג יאָר און האָט זיך דערוואַרט צו דעם גרויסען און הערליכען נצחון פון ציוניזם אין אונזערע טעג.

*) יוליוס חבר — אודיסיה של ציוני אמריקני. עברית מרים חרמון. הוצאת ספרים מ. ניומן, תל אביב, תשי"ד (דאָס בוך איז מיט אַ צייט צוריק דערשינען אין ענגליש, אין ניו יאָרק).

## א באַגעגעניש מיט דר. ערווין ראָזענבערגער

השוב'ער רעדאַקטאָר:

אייער השוב'ער מיטאַרבעטער דר. שלמה ביקל, אין זיין אַרטיקעל פון'ם 18 יוני, „הערצל און די וועלט" גיט אַ פאָרטרעפליכן אַנאַליז איבער דר. ערווין ראָזענבערגער'ס בוך, „הערצל ווי איך געדענק אים".

ראָזענבערגער, וועלכער איז געווען אַ מיט־רעדאַקטאָר מיט דר. הערצל'ן פון דער אָפיציעלער ציוניסטישער וואָכן־צייטונג „די וועלט" פון דעם ערשטן נומער וואָס איז דערשינען אָנפאַנג יוני 1897, איז געווען זעהר אינטים מיט הערצל'ן, וועמען ער האָט געזען יעדען פרימאָרגן פון 8 ביז 11, איידער הערצל איז אַוועק אין דער רעדאַקציע פון דער „נייער פרייע פרעסע", וואו ער איז געווען איינער פון די רעדאַקטאָרען. פון דאָרטען האָט ער געצויגען זיין פרנסה, וועלכע, ווי דר. ראָזענבערגער האָט מיר איבערגעגעבן, איז עס דעמאָלט געווען דאָס העכסטע געהאַלט, וואָס אַ זשורנאַליסט האָט באַקומען. אַזוי ווי דר. ראָזענבערגער איז היינט דער איינציגער וואָס האָט געקאָנט הערצל'ן מיט וועמען ער האָט מיטגעאַרבעט טאָג־איין־טאָג־אויס, האָט ער געקאָנט איבערגעגעבן אַ גענויע שילדערונג וועגן הערצל'ן.

נאָכדעם ווי איך האָב געלייענט דאָס בוך וואָס איז דערשינען מיט 9 חדשים צוריק, און האָב אין אַ געשפּרעך מיט לואיס ליפסקי'ן אים איבערגעגעבן אייניגע שטריכן וואָס איך האָב באַמערקט אין בוך, האָט ליפסקי דורכגעבלעטערט דאָס בוך און צוגעגעבן, אַז ווען מען לייענט דאָס בוך קאָן מען ערשט אורטיילען וועגן דער פּערזאָן הערצל.

שוין דעמאָלט האָב איך ביי מיר אָפּגעמאַכט, דאָס ביי דער ערשטער געלעגענהייט מוז איך זיך באַקענען מיט דר. ראָזענבערגער'ן פערזענליך.

אויף מיין לעצטן באַזוך אין ישראל, האָב איך זיך דורכגעשריבן מיט דר. ראָזענבערגער, וועלכער וואוינט איצט אין פלאָרענץ, איטאַליע, און ער האָט מיר געענטפערט דאָס ער און זיין פרוי וועלען אונז באַגעגענען ביים וואַקזאַל אין פלאָרענץ, און ער וועט האַלטען אַ בוך מיט רויטע טאָוולען, אַזוי וועלן מיר זיך דערקענען. איך האָב זיך געטראָפן מיט דר. ראָזענבערגער אין פלאָרענץ, און מיר האָבן פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט אַרומרעדען די פּערזאָן הערצל, וואָס ראָזענבערגער האָט געקאָנט מער ווי יעדער אַנדערער, און נאָך ביז'ן היינטיגן טאָג פאַרגעטערט ער אונזער אומשטערבליכן פירער.

אויף מיינע פיל פראַגעס, מערסטענס וועגן דר. הערצל, האָט מיס. ראָזענבערגער מיר איבערגעגעבן, דאָס לעצטענס האָט זי איבערגעשריבן די טאָגביכער וואָס איר מאַן האָט געהאַט זייט זיינע ערשטע באַגעגעניש מיט הערצל'ן אין דעצעמבער 1896. דר. ראָזענבערגער האָט מיר אויך דערקלערט, אַז זיינע טאָגביכער אַנטהאַלטען 3 מאָל אַזוי פיל מאַטעריאַל ווי עס איז אַריין אין'ם בוך.

מיט דאַנק אײַך,

דזשוליוס האַבער.

## שלום עליכם און די ציוניסטען אין אמעריקע

השוב'ער רעדאקטאר:

א װעכענטליכען ארטיקעל „די אידישע װעלט" פון אייער השובן מיטרעדאקטאר אהרן אלפערין גיט ער איבער, אז מען האט אויסגעפונען, אז דער קלאסיקער פון דער אידישער ליטעראטור, שלום עליכם, איז געבעטען געװארן דורך די ציוניסטען אין אמעריקע זיי צו פארטרעטען אויפ'ן 8טן ציון־קאנגרעס, װאס איז פארגעקומען אין האאג, אין 1907.

װעט איר מיר דערלויבען איבערצוגעבען, אז װען שלום עליכם איז צום ערשטען מאל געװען אין אמעריקע אין 1906־7, האט ער זיך דעמאלט באפריינדעט מיט דר. י. ל. מאגנעס, װאס איז דעמאלט געװען דער ראבינער פון טעמפעל עמאנו־אל, אויף דער פינפטער עװעניו און 43טער גאס, ניו יארק. דר. מאגנעס איז אין יענער צייט געװען דער אקטיװער סעקרעטאר פון דער פעדעראציע פון די אמעריקאנער ציוניסטען (היינט „זי־א־עי").

דעם 10טן יוני, 1907, האבען מיר, ציוניסטען, פאראנשטאלטעט א „זייט געזונט" פאר דר. מאגנעס'ן, צו זיין ערשטער רייזע קיין ארץ־ישראל, אין קלינטאן האל, גרענד און קלינטאן סטס., ניו יארק. האט מען געלעזן ביי דער געלעגענהייט א בריװעל פון שלום עליכם, װאס האט געלויטעט: „װען איר װעט לייענען דעם בריװ און איך, אדער בעסער געזאגט די שיף „ניו יארק", װעט זיך ראנגלען מיט די כװאליעס פון דעם גרויסען אטלאנטישען ים, זאל די שיף קעמפען מיט די כװאליעס, און זאל דער קאפיטאן פון דער שיף קלאפען קאפ אין װאנט... אבער איך װעל דעם 10טען יוני טרינקען א גלאז װיין צו ערע צו אונזער דר. י. ל. מאגנעס, צו דער געלעגענהייט, װאס ער פארט קיין ארץ־ישראל". אונטערגעצייכענט — „מיט ציוניסטישען גרוס — שלום עליכם".



שלום עליכם, ביי זיין באזוך אין אמעריקע.

פון דעם בריװעל, װאס שלום עליכם האט געשיקט איידער ער האט זיך אויפגעזעצט אויף דער שיף „ניו יארק", קען מען זען, אז דר. מאגנעס, אלס סעקרעטאר פון דער ציוניסטישער פעדעראציע, האט געבעטען שלום עליכמ'ן ער זאל אויך זיין א דעלעגאט פון די אמעריקאנער ציוניסטען צום 8טען ציון־קאנגרעס.

איך געדענק, אז גראד אין יאר 1907 האבען מיר פארקויפט איבער 2,000 שקלים און די פעדעראציע פון די אמעריקאנער ציוניסטען זענען געװען פארטיילט אין מערערע דעלעגאטען. דעמאלט איז אויך געװען איינער פון די דעלעגאטען מרדכי בראדסקי, איינער פון די „רענק און פייל" פון די ניו יארקער ציוניסטען מיט הדך ארץ.

דזשוליס האבער.

## געמישטע הייראַטען אין שוועדען

ווערטער רעדאַקטאָר:

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַר־טיקעל פון הרב י. מאָשאָוויטש און הרב [illegible] י. גאַלאָווענטשיק, [illegible] [illegible]טע [illegible]ונות, גרעסטע גע[illegible]ר נאָר דעם [illegible]ום פון די שוועדישע אידען [illegible] וועט איך מיר דערלויב[en] צוצוגעבן, אַז אויף מיין לעצטען באַזוך אין מדינת ישראל האָב איך זיך געטראָפען מיט אַן עלטער פאַרפאָלק פון שטאָקהאָלם, שוועדען, וואָס זענען געקומען אויף אַ באַזוך אין מדינת ישראל.

אַזוי ווי איך האָב געקענט דעם איצטיגען אָבער־ראַבינער פון שוועדען, פּראָפעסאָר קורט ווילהעלם, וועלכער איז אַ גראַדואירטער פון דעם אידישען טעאָלאָגישען סעמינאַר אין ניו יאָרק, האָב איך זיך נאָכגעפרעגט אויף אים ביי די מענשען, וואָס קענען אים פון שטאָקהאָלם. דער ענטפער איז געווען אַז דער אָבער־ראַבינער קורט ווילהעלם פאַרנעמט איצט דעם פּאָסטען, וואָס דעם עלטערען אידענ'ס פאָטער האָט געהאַט אָנגעהאַלטען אין שוועדען מיט פופציג יאָרען צוריק.

אַזוי ווי מיר געדענקען, אַז דער לעצטער אָבער־ראַבינער איז נא[illegible] געווען דר. מאַרקוס עהרענפּרייז, דער גרויסער אידישער געלערנטער און פּערזענליכער פריינד פון ד[illegible] טעאָדאָר הערצל, און דער ש[illegible]טער סעקרעטאַר פון דעם ערשטען ציוניסטישען קאָנגרעס אין באַזעל, אין 1897, האָב איך זיך נאָכגעפרעגט, וואָס עס איז געוואָרען פון די קינדער און אייניקלעך פון ראַבינער דר. עהרענפּרייז. ווען איך האָב געהערט, אַז זיי זענען פאַרהייראַט צו שוועדישע גרויסע פּערזענליכקייטען, איז מיין פראַגע געווען, אויב אַזוי, זענען זיי וואַרשיינלעך שוין אַוועק פון דעם אידענטום. זייערע ענטפערס האָבען מיך גענצליך דערשיטערט. דער ענטפער איז געווען, אַז אין שוועדען איז נישט קיין אונטערשייד צווישען איד און קריסט.

נאַטירליך, האָב איך נישט גע־[illegible]ט, אַז דאָס עלטערע פאַרפאָלק זאָל דענקען, אַז זייער ענטפער האָט מיך צופרידענגעשטעלט. האָב איך ווידער געפרעגט:

„איר מיינט דאָס באמת, אַז ביי אייך איז נישט פאַראַן קיין אונטערשייד צווישען איד און קריסט? אויב דאָס האָט געקאָנט טרעפען מיט דר. עהרענפּרייז'עס אייניקלעך, האַלט עס זעהר שלעכט מיט דעם אידענטום אין שוועדען.״

אָבער דאָס אַלטע פאַרפאָלק האָט מיך געוואָלט איבערצייגען, אַז געמישטע הייראַט איז נישט שלעכט; דאָס העלפט צו דערנענטערען די מענשהייט.

מיט דרך ארץ, דזשוליוס האַבער.

דער טאג־מארגן זשורנאל, יוני 25, 1960

# דזשוליוס האבער, באוואוסטער עסקן און ציון וועסטראן, צוריק פון באזוך אין ישראל

דזשוליוס האבער, דער באוואוס־טער ציוניסטישער עסקן און וועסטראן, און זיין פרוי, האבן זיך ערשט צוריקגעקערט פון זייער באזוך אין ישראל. אין דער זעלבער צייט האט זיך אויך צוריקגעקערט זיין ברודער אברהם, וואס איז פאר די לעצטע 35 יאר פארבונדן מיט דער „קאמוירשל באנק" (געוועזענע „מאדערן באנק") אויף גרענד סטריט, אויך מיט זיין פרוי; ווי אויך דער עלטסטער ברודער, שלמה האבער, האט זיך אויך צוריקגע־קערט פון זיין פערטן באזוך אין מדינת־ישראל. אין דער צייט תּאָם דזשוליוס האבער האט זיך געפונען אין דער מדינה, איז ארויס פון דרוק זיין בוך „דהי אדיסעי אָוו ען אמעריקען זייאניסט", איבער־זעצט אין העברעאיש, מיט אן איינ־ליטונג פון אמבאסאדאר אבא איבען.

צוריקוועגס האט זיך מר. האבער אפגעשטעלט אין פלארענץ, איטא־ליע, וואו ער האט זיך געטראפן מיט הר. ערווין ראזענבערגער'ן, דער ערשטער מיט־רעדאקטאר מיט דר. הערצל פון דער אפיציעלער ציוניסטישער צייטונג „די וועלט". דר. ראזענבערגער האט זיך גע־טראפן מיט הערצל'ען אין משך פון איבער דריי יאר, יעדן פרי־מארגן, פון 8 ביז 11, וואו זיי האבן געפלאנט, ווי אזוי יעדער נומער פון דער צייטונג זאל ארויס־געגעבן ווערן.

דער 85־יאריגער דר. ראזענבער־גער האט א זעלטענעם זכרון, און אזוי ווי ער האט געפירט א טאג־בוך זינט דער ערשטער באגעגעניש מיט הערצל'ען, איז ער דער איינ־ציגער, וואס האט געקענט „הערצל'ען גרינטליך, און נאך ביז'ן היינטיגן טאג פארגעטערט ער אים.

ביים איצטיגן באזוך אין מדינת־ישראל, האט מר. האבער זיך גע־טראפן מיט זיינע בויבערקער לאנדסלייט בײ אן אויפנאמע, וואס איז פארגעקומען אין קיבוץ־הויז אין דער אמעריקאנער קא־מפאניע רעננה, וואס האט שוין איצט א באפעלקערונג פון 14 טויזנט. דאס קולטור־הויז איז איבערגעבעטן געווארן פון אונזער חשוב'ן לאנדסמאן אברהם פישער, און טראגט דעם נאמען פון אברהם און הילדא פישער. מר. פישער און מר. האבער האבן זיך דארטן אויך געזען מיט זיין לאנדסמאן יצחק הערש פוקסבערג, א 37־יעריגער יונ־גערמאן, וואס האט זיך ערשט לעצ־טענס צוריקגעקערט קיין בויבערקע, צוליב וועלכע ער איז געווען פאר־שיקט אין פיזיתּהאנגה. ער איז געקומען קיין בויבערקע, כדי צו אליסטן דארט דאקומענטן, א ער איז געווען א פוילישער בירגער. דאס האט אים געגעבן א כשר ליבקייט ארויסצופארן קיין ישראל. ער האט אונז איבערגעגעבן, אז עס איז נאר געבליבן איין־איינ־ציגער איד אין בויבערקע, און אויך ער האט געהייראט מיט א רוסין און פירט זיך אויף ווי א גוי. פון דער גרויסער שוהל האבן זיי גע־מאכט א וועריהויז, און פונ'ם גרוי־סן בית־המדרש איז געמאכט גע־ווארן א בעקעריי. עס האט אים פארדראסן דאס, וואס די רוסן האבן פארניכטעט די מצבה און דעם פארקאן, וואס אידישע פאר־טיזאנער האבן אויפגעשטעלט אין דארף וואלאווע, היינטער דער שטאט, אויף דעם קבר פון די 40 קדושים, וואס זענען דערמארדעט געווארן דורך די נאצים דעם 12טן מערץ, 1943. אבער אונזערע לאנדסלייט אין ישראל וועלן נישט פארגעסן די קדושים, און זיי האבן באשלאסן, צו ערשטן, ארויס־צושטעלן א מצבה אויפ'ן הר־ציון אין ירושלים, ווי אויך ארויסצוגעבן א יזכור־בוך, וואס זאל אפשפיגלען די הונדערטער יארן לעבן אין פראגישן אומקום פון דער שטאט בויבערקע.

די רעדאקטארן פונ'ם יזכור־בוך אין ישראל וועלן זיין אונזערע חשוב'ע פראפעסארן אין דער העב־רעאישער אוניווערזיטעט אין ירו־שלים, ווי אויך אונזער חשוב'ער לאנדסמאן אברהם צוך, וואס איז פאר די לעצטע 37 יאר פארבונדן מיט דער ביבליאטעקאר אין דער שטאטישער תל־אביב ביבליאטעק, און אויך אנדערע בויבערקער אין מדינת־ישראל. דא, אין ניו יארק וועט דער נייעס־רעדאקטאר פון „טאג־מארגן זשורנאל", מאקס [illegible], — אויך א חשוב'ער בוי־בערקער, — איבערנעמען צו רע־דאקטירן דאס יזכור־בוך, וואו ער וועט אויך איבערגעבן ווערע וועגן „בויבערקע אין אמעריקע".

די ערשטע געלטער פאר'ן יזכור־בוך האבן די בויבערקער אין ישראל שוין אנגעהויבן צו זאמ־לען, און זיי האפן, אז די בוי־בערקער לאנדסלייט אין אמעריקע וועלן נישט אפשטיין, ווייל די גאנצע איינגאמע גייט פאר א גמילות־חסדים קאסע פאר די בוי־בערקער אין מדינת־ישראל.

אין קורצן וועט גערופן ווערן א פארזאמלונג פון די בויבערקער לאנדסלייט, וואו פישער און הא־בער וועלן איבערגעבן איינצל־הייטן וועגן די בויבערקער אין ישראל; און אויך, וואס יצחק הערש פוקסבערג, וואס האט ערשט לעצטענס באזוכט בויבערקע, האט איבערגעגעבן וועגן זייער גע־[illegible] שטאט בויבערקע.

דער אידיש אמעריקאַנער אפּריל 29טען, 1960

# דר. הערצל און די אַמעריקאַנער אידען

(צו הערצל׳ס הונדערטן געבוירענטאָג)

פון דזשוליוס האבער

באַמערקונג פון רעדאַקציע: דזשוליוס האַבער איז אַ גוט באַקאַנטער אַמעריקאַנער ציוניסט. ער איז ממש אויפגעוואַקסען מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג. דאָס איצטיגע און די קומענדיגע קאַפּיטלען זענען אַ ביישטייער צו דער געשיכטע פון ציוניזם אין אַמעריקע בפרט. עס איז איצט אַ ספּעציעל פּאַסיגע געלעגענהייט פאַר דעם, וואָס דזשוליוס האבער האָט צו דערציילען אין שייכות מיט׳ן הערצל יאָר וואָס פאַנגט זיך אָן דעם צווייטען מאַי, צו דער געלעגענהייט וואָס עס ווערט הונדערט יאָר זינט דער שאַפער פון ציוניזם איז געבוירען געוואָרען.

די פייערונג פון דר. טעאָדאָר הערצל׳ס 100טען געבוירענטאָג פון דער גאַנצער אידישער וועלט דעם צווייטען מאַי, דערמאָנט אונז אין הערצל׳ס 50טען געבוירענטאָג וואָס אַמעריקאַנער ציוניסטען האָבען געפייערט דעם 10טען מאַי 1910, אין אַ גרויסען זאַל אין ניו יאָרק. ווי באַקאַנט האָבען אידען זעלטען געפייערט געבוירענטעג פון זייערע גרויסע פירערס. מיר האָבען קיינמאָל ניט פאַרפעלט אָפּצוהאַלטען הערצל׳ס יאָרצייט, און אַלע מאָל עס אויסגענוצט צו זאַמלען פאָנדען פאַר׳ן קרן קימת. אָבער אין די לעצטע יאָרען האָבען מיר יאָ אָנגעהויבען פייערען געבוירענטעג: אין 1956—1957, האָבען מיר געפייערט דעם 100טען געבוירענטאָג פון נפתלי הערץ אימבער, דער פאַרפאַסער פון „התקוה“; מיט אַ יאָר שפּעטער האָבען מיר געפייערט דעם 100טען געבוירענטאָג פון ריכטער לואיס ד. בראַנדייס; לעצטען יאָר האָבען מיר געפייערט דעם 100טען געבוירענטאָג פון שלום עליכמ׳ען; דאָס יאָר פייערען מיר דעם 100טן געבוירענטאָג פון דר. טעאָדאָר הערצל, דער פאָטער פון פאָליטישען ציוניזם, וואָס האָט געפירט אין אונזערע טעג צו מדינת ישראל.

עס זענען נאָך דאָ צווישן די לעבעדיגע די מיטגלידער פון דעם ציון־פאַראיין אין ניו יאָרק, וואָס האָבען



Theodor Herzl

אין 1910 גענומען אַן אָנטייל אין אָרגאַניזירען די דעמאָלטדיגע הערצל־פייערונג: יעקב ראנד, מאַקס דאָפּט, מאַקס געטרוי, די ברידער סעם און הערמאַן שוואַרץ, יהודה (לואיס) שפּי־על, וואָס וואוינט פאַר די לעצטע 25 אָר אין תל אביב, און מיין ווייניג־ייט.

ווען הערצל איז אין חודש פעברואַר 1896, אַרויסגעקומען מיט זיין בראָשור „דער יודענשטאַט“, און נאָכדעם, ווי ער איז געוועזן אַ גאַסט ביי די חובבי ציון אין לאָנדאָן, וואו ער האָט

באַקומען אַן ענטוזיאַסטישע אויפנאַמע, האָט ער זיך לכתחילה געשטיצט אויף דער חובבי ציון באַוועגונג. אָבער עטליכע חדשים שפּעטער, איידער דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען, האָט הערצל באַקומען די ידיעה, אַז די חובבי ציון פון ענגלאַנד האָבען באַשלאָסען נישט אַנטיילגענומען אינ'ם ערשטן ציוניסטישען קאָנגרעס. דאָס איז פאַר הערצל'ען געווען אַ גרויסע אַנטוישונג. דעמאָלט האָט הערצל געזען דאָס ער קען זיך נישט פאַרלאָזען אויף די קלאַסען און מוז זען דאָס די מאַסען זאָלען זיך אָרגאַניזירען. דאָס זעט מען פון זיין טעלעגראַמע פון פאַריז צו יעקב דע האז, וואָס האָט זיך באַגעגענט מיט הערצל'ען, איידער הערצל האָט פאַרלאָזט לאָנדאָן. יעקב דע האז און זיין פריינט אפרים איש כישור, וועלכען מיר האָבן מיט יאָרען שפּעטער געקענט אין ניו יאָרק אַלס פּרינציפּעל פון דער אַפּטאַונער תלמוד תורה, און עטליכע זייערע פריינט אין לאָנדאָן האָבען איבערגענומען די אַרבעט צו אָרגאַניזירען די אידישע מאַסען פון ענגלאַנד.

ווען הערצל האָט זיך צוריקגעקערט קיין ווין האָט ער נאָכגעדענקט ווי אַזוי מען זאָל אָרגאַניזירען די אידישע מאַסען אין אַמעריקע. ער האָט זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזען אויף דער קליינער חובבי ציון באַוועגונג אין אַמעריקע, נאָך זיין דערפאַרונג מיט די חובבי ציון אין לאָנדאָן. הערצל האָט געהאָפט דאָס אַ נייע גרופּע וועט זיין גרייט צו העלפען אָרגאַניזירען דאָס אַמעריקאַנער אידענטום, איבערהויפּט די אידען וואָס זענען געקומען פון מזרח אייראָפּע.

ער האָט נישט געדאַרפט לאַנג וואַרטען. דעם 24טען נאָוועמבער, 1896, איז אַרויסגעשיקט געוואָרען אַ בריוו פון אַ געוויסען וואָיף שור, אַ מוכר־ספרים'ניק פון שיקאַגאָ. אַז ער גראַטולירט הערצל'ען אויף זיין „יודענשטאַט" און בעט מער איינצעלהייטען. מיט צוויי וואָכען שפּעטער שרייבט ער ווידער צו הערצל'ען קיין ווין דאָס ער האָט שוין געלעזען די איינצעלהייטען אין „המליץ" און „העברי", וואָס ער באַקומט רעגעלמעסיג. ער באָט אָן הערצל'ען זיין מיטאַרבעטערשאַפט אין אָרגאַניזירען די ציון פאַראייגען אין דער וועסט. דעם 16טן יולי 1897, טיילט ער מיט הערצל'ען, אַז ער האָט שוין געהאָלפען אָרגאַניזירען ציוניסטישע פאַראייגען אין סיינט פּאָל, מינעסאָטאַ; דע מאָין, אייאָוואַ און קענזעס סיטי, מיזורי. די מיטגלידער זענען אַלע פון דער אָרטאָקסיע.

דעם 8טען מאַי, 1897, ענטפערט הערצל אויף אַ בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פון אַ פריי ראָזע סאָנענשיין, די־רעדאַקטאָרין פון דעם פּריוען זשורנאַל „דהי אַמעריקען דזשועס", פון סעינט לואיס, וואָס האָט פאַרלאַנגט אַ קאָפּיע פון זיין רעדע אין לאָנדאָן, אַז זי קען אָט די קאָפּיע באַקומען פון יעקב דע האז און אַז ווינע, הערצל'ס, און דר. מאַקס נאָרדוי'ס בילדער וועט זי באַקומען צוגעשיקט. הערצל האָט זי איינגעלאַדען צום קאָנגרעס, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין מינכען, דייטשלאַנד. פון דעם זעט מען, אַז אָנפאַנג מאַי, האָט הערצל נאָך אַלץ דערוואַרט אַז דער קאָנגרעס וועט אָפּגעהאַלטען ווערן אין דייטשלאַנד. ערשט מיט אַ חודש שפּעטער האָט מען געמוזט ענדערען דאָס אָרט אויף באַזעל, אין דער שווייץ.

ווען דער ערשטער נומער פון דער אָפיציעלער ציוניסטישער וואָכען־צייטונג איז אַרויסגעקומען דעם 4טען יוני, 1897, האָט הערצל'ס מיט־רעדאַקטאָר, ערווין ראָזענבערגער, באַצייכענט די געגנער פון דער ציוניסטי־

שער באַוועגונג אַלס „פּראָטעסט ראַבינער". אָט די ראַבינערס האָבן געהאַט פּראָטעסטירט צו דער מוניציפּאַליטעט אין מינכען, פאַר געבען די דערלויבעניש אָפּצוהאַלטען דעם ערשטען קאָנגרעס אין שטאָט. אַזוי איז טאַקע דער נאָמען „פּראָטעסט ראַבינער" געבליבען ביז׳ן היינטיגען טאָג.

אָבער ערשט ווען הערצל האָט באַקומען באַריכטען פון דר. מיכל סינגער וועגען זיינע טעטיגקייטען לטובת דעם פּאָליטישען ציוניזם, און אַז ער האַלט אין אָרגאַניזירען ציוניסטישע פאַראיינען אין ניו יאָרק און אויך אויסער ניו יאָרק, האָט הערצל געפילט, אַז סינגער איז די ריכטיגע פערזאָן פאַר אָט דער טעטיגקייט. שפּעטער האָט

הערצל אויסגעפונען, אַז דר. סינגער איז זיינער אַן אונגאַרישער לאַנדסמאַן, וואָס האָט מיט זעקס יאָר פריער געשריבען דאָס בוך „דאָס אידישע בלוט" אין דער דייטשער שפראַך, און דאָס בוך געווידמעט צו באַראָן מאָריץ דע הירש. אויך האָט סינגער זיך דורכגעשריבען פון ניו יאָרק מיט דעם גרויסען רעפּובליקאַנער וויליאַם מעקינלי, וואָס איז [redacted] אין 1896, דערוויילט געוואָרען פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען.

דאָס איז געווען זעהר חשוב ביי הערצל׳ען און ער האָט דר. סינגער׳ן געשאָנקען זיין פּאַרטרויען. דאָס זעט מען פון דעם וואָס הערצל האָט דעם 23טען מאַי, 1897, צום ערשטען מאָל אַריינגעטראָגען אין זיינע טאָג־ביכער: „די באַוועגונג הויבט זיך שוין אָן אין אַמעריקע. מיכל סינגער, דער אַרויסגעבער פון דער נייער צייטונג „טאָלעראַנט", באַריכטעט, אַז ער אָרגאַניזירט ציוניסטישע פאַראיינען אין און אויך אויסער ניו יאָרק". דר. גוסטאַוו גאָטהייל, דער גייסטיגער פירער פונ׳ם באַוואוסטען רעפאָרם טעמפּעל עמאַנועל, און עטליכע אַנדערע ראַבאָ׳ס האָבען אָפּגעהאַלטען אַ פאַרזאַמלונג אויף וועלכער מען האָט אָרומגערעדט די נייע באַוועגונג און באַשלאָסען אונטערצושטיצען הערצל׳ען.

דר. מיכל סינגער איז געווען דער איינציגער אין ניו יאָרק, צו וועמען הערצל האָט געלאָזט וויסען, אַז דער קאָנגרעס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין באַזעל אָנשטאָט אין מינכען. הערצל האָט אַזוי פיל געהאַלטן פון סינגער׳ס באַריכטען, אַז ווען ער איז אָפּגעפאָרען אין אויגוסט צום ערשטען קאָנגרעס אין באַזעל, האָט ער אָנגעזאָגט דעם מיט־רעדאַקטאָר פונ׳ם ציוניסטישען וואָכענבלאַט, אַז אין דער צייט, ווען ער וועט זיין אַוועק צום קאָנגרעס, זאָל דער מיט־רעדאַקטאָר, ערווין ראָזענבערגער עפענען אַלע בריוו פון אַמעריקע און די באַריכטען פון סינגער׳ן זאָלען באַלד אַריין אין דער צייטשריפט.

פאַר׳ן קאָנגרעס האָט הערצל באַקומען אַ טעלעגראַמע פון דר. אהרן פרידענוואַלד פון באָלטימאָר, אַז דער ציון פאַראיין פון וועלכען ער איז געווען פּרעזידענט האָט אָפיציעל דערוויילט רעוו. דר. שעפּטעל שאַפּער אַלס דעלעגאַט צום קאָנגרעס. אַזוי האָט הערצל אין די טעג פאַר׳ן קאָנגרעס באַקומען גוטע נייעס פון איינצעלנע פערזאָנען אין אַמעריקע.

אָבער די געגנערס פון דער באַוועגונג, אונטער דער אומאָפיציעלער פירערשאַפט פון דר. קויפמאַן קאָהלער, דער גייסטיגער פירער פונ׳ם רעפאָרם טעמפּעל אויף דער פינפטער עוועניו, „בית אל", און גראָד דעמאָלט אויך דער פּרעזידענט פון דער ניו יאָרקער „באָרד אָוו ראַבאַיס", האָבען אויפגענומען אַ קאַמף געגען דער נייער ציוניסטישער באַוועגונג, אַזוי אַז יעדעס מאָל, ווען די ענגלישע אָדער אידיש־ענגלישע פּרעסע האָט געבראַכט עפּעס נייעס וועגען דער באַוועגונג.

איז דר. קאָהלער באַלד אַרויסגעקומען מיט אַן אַטאַקע אויפ׳ן ציוניזם. (מערקווירדיג, אַז אויף די באַריכטען אין דער אידישער פּרעסע וועגען דער ציון באַוועגונג האָט ער נישט רעאַגירט).

ווען די ניו יאָרקער „סאָן" האָט געדרוקט אַן אינטערוויו, וואָס איר פּאַריזער קאָרעספּאָנדענט האָט געהאַט מיט דר. מאַקס נאָרדוי׳ן, וועגען דער נייער ציון באַוועגונג, האָט דר. קאָהלער באַלד רעאַגירט און אַטאַקירט נאָרדוי׳ן. אָבער נאָרדוי איז נישט שולדיג געבליבען קיין ענטפער. אין זיין ענטפער האָט נאָרדוי אויסגעפירט, דאָס ער און הערצל אַרבעטען פאַר׳ן אידענטום, אָבער דר. קאָהלער לעבט פונ׳ם אידענטום.

ווען אין די ערשטע טעג פון דער באַוועגונג האָבען צוויי ראַבאַיס, דר בערנאַרד פעלזענטהאַל, אַ רעפאָרם ראַבאַי פון שיקאַגאָ און דר. פּערערי מענדעס פון ניו יאָרק, אַרויסגעלאָזט אַ רוף דורך די שפּאַלטען פון דער ענגליש־אידישער וואָכענצייטונג דער „אַמעריקען היברו", אַז אָנגעזעענע פירער פון אַמעריקאַנער אידענטום זאָלען גיין צום קאָנגרעס, ווייל צו זייערע ווערטער וועט זיך די וועלט צוהערען, און ווייזען אָן אויף די פּערזאָנען: יעקב ה. שיף, ראַבאַי גוסטאַף גאָטהייל, פּראָפעסאָר זעליגמאַן, פּראָפעסאָר ריטשאַרד גאָטהייל, עדוואַרד לויטערבאַך, יוליוס ביען און דר. סיירוס אַדלער, איז באַלד אַרויסגעקומען דר. קאָהלער מיט אַ געשריי: „וואָס האָבען מיר אַמעריקאַנער אידען צו טאָן מיט׳ן ציוניזם, וועלכער ווערט באַטראַכט פון דר. גידעמאַן, הויפּט ראַבינער פון ווין, אַלס הערצל׳ס משוגעת? יעדעס מאָל ווען די אַנטיסעמיטען באַוועגען זיך אין דער עפענטליכקייט, באַקומט הערצל אַ מאַרד־שטורעם. זאָלען מיר אויך נאָכגיין זיין וועג? ניין, מיר זאָגען צו דער וועלט: איר זאָלט וויסען אַז מיר האָבען איבערהויפּט גאָרנישט צו טאָן מיט דער באַוועגונג".

און ווען די פּרעסע האָט געבראַכט, אַז הערצל האָט בדעה צו מאַכען אַ פאָן מיט זיבען גאָלדענע שטערן, וואָס זאָל באַווייזען, אַז אין דעם קינפטיגען אידישען שטאַט וועט מען נאָר אַרבעטען 7 שעה אַ טאָג, איז ווידער אַרויס דר. קאָהלער מיט דער טענה: „וואָס, הערצל וויל שוין אינ׳ם נייעם אידישען שטאַט זאָל מען נאָר אַרבעטען 7 שעה אַ טאָג. פאַרוואָס זאָלען די זיבען שטערן נישט אויסטייטשען, אַז דעם זיבעטען טאָג זאָל מען רוען, אָדער אַז דאָס זיבעטע יאָר זאָל מען נישט באַאַרבעטען דעם באָדען, אָדער אַז נאָך זיבען יאָר זאָל מען באַפרייען די קנעכט, — נאַרישקייטען פון וואָס פיל האַלטען נאָך".

אין אַ וואָך אַרום איז ווידער דערשינען אַן אָפענער בריוו פון אַן אַנדער קליינער גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון דעמאָלטדיגע פירער פונ׳ם אַמעריקאַנער אידענטום און האָט דערקלערט, אַז זיי זענען פאַר׳ן ציון קאָנגרעס נאָר דאַן, ווען ס׳וועט דיסקוטירט ווערן וועגען באַזעצען אידן אויפ׳ן לאַנד אין ארץ ישראל, — „אָבער אַזוי שנעל, ווי עס וועט דיסקוטירט ווערען וועגען אַ אידענשטאַט אָדער וועגען די וועלט־מאַכטען, וועלן מיר אויסרופען: נעמט אַוועק אייערע הענט פון אַזאַ דעליקאַטער זאַך און מיר וועלן זיך עפענטליך צוריקציען". עס זענען באַלד אַרויסגעקומען די אַזוי גערופענע נייטראַלע און האָבען דערקלערט, אַז נאָר די פירער פון די רעפאָרם געמיינדעס און אויך ענליכע געמיינדעס, ווי אויך פאַרטרעטער פון דער „אַנגלאָ־דזשואיש אַסאָסיאיישאָן", די אידישע געמיינדע פון ווין, בערלין און פונ׳ם פראַנצויזישען אידענטום, זאָלען זיין די דעלעגאַטען צו אַ קאָנגרעס.

# ערשטע ציון־שפּראָצען אין אַמעריקע

פון דער סעריע:
דר. הערצל און די אַמעריקאַנער ציוניסטען.

### פון דזשוליוס האבער

ב

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר'ן וואַקסענדיגען אינטערעס פאַר'ן ציוניזם אין אַמעריקע באַלד ווי דר. טעאָדאָר הערצל האָט פאַרעפענטליכט זיין „יודענשטאַט" און האָט איינגערופען דעם ערשטען ציוניסטישען קאָנגרעס, [redacted] 1897 האָט דר. מיכל סינגער באַריכטעט צו הערצל'ן, אַז אויף דער חתונה פון בערטאַ האַלפּערן און רפאל וואָלבערג אין ניו יאָרק האָבען צוויי פון זיינע, סינגער'ס אַרויסהעלפערס, משה שפּיצבאַרד און אברהם פּרוכטער, געזאַמעלט געלט פאַר'ן אידישען נאַציאָנאַל פאָנד. דאָס געלט, ווי דר. סינגער האָט געמעלדעט דר. הערצל'ען איז איבערגעשיקט געוואָרען צו דער ציוניסטישער צענטראַלע אין ווין. דערביי דאַרף אָנגעוויזען ווערען, אַז דער אידישער נאַציאָנאַל פאָנד איז ערשט געגרינדעט געוואָרען ביים פינפטען ציון־קאָנגרעס אין 1901. אָבער שוין אין 1897 האָבען ציוניסטען געזאַמעלט פאָנדען פאַר ציוניסטישע צוועקען. דער עיקר פאַר גאולת הארץ.

ווי שוין דערמאָנט, אין אַ פריערדיגען אַרטיקעל, האָט זיך דעמאָלט דר. ריטשאַרד גאָטהייל, פּראָפעסאָר פון קאָלומביאַ אוניווערזיטעט, שטאַרק אָנגעהויבען צו פאַראינטערעסירען אין הערצל'ס פּאָליטישען ציוניזם, און דעם 28טען סעפּטעמבער, 1897 האָט ער געשריבען צו הערצל'ען אַ בריוו מיט אָט דעם אינהאַלט:

„עס טוט מיר לייד וואָס איך האָב נישט געקאָנט קומען צום ערשטען קאָנגרעס, אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז מיר וועלען באַשטימט קומען צום צווייטען קאָנגרעס, קיין אונטערשייד, וואו ער וועט אָפּגעהאַלטען ווערן. איך בעט אייך מיר שיקען קאָפּיעס פון אַלע בראָשורען, פּאַמפלעטען וועגען קאָנגרעס, ווי אויך אַ קאָפּיע פון דער אָפּצייכענונג וואָס די דעלעגאַטען האָבען געטראָגען. און בילדער פון די אידישע קאָלאָניעס אין ארץ ישראל, ווייל איך וועל דאָס אַלץ דאַרפען פאַר מיינע פאָרטראַגען וועגן פּאַלעסטינע.

גאָטהייל האָט אין דעם בריוו אויך דערקלערט, אַז ער און זיין פריינט וועלן גרינדען ציוניסטישע פאַראיינען צווישען די ענגליש־רעדענדיגע אידען".

אויך אין פילאַדעלפיע, איז געשיקט געוואָרען אַ באַריכט צו הערצל'ען אין דער זעלבער צייט, אַז אויף אַ פאַרזאַמלונג, וואו עס האָבען גערעדט דר. סאָל'יס כהן און רעוו. צבי הירש מאַסליאַנסקי, האָט מען זיך פאַרפליכטעט צו קויפען 500 אַקציעס אין דער באַנק וועגען וועלכען מען האָט דעבאַטירט ביים קאָנגרעס.

אויך פון שיקאַגאָ איז געקומען אַ באַריכט, אַז ביי אַ פאַרזאַמלונג וואָס לעאָן זאָלאָטקאָף, ראַבאַי דר. בערנאַרד פעלזענטהאַל און הערים הראָוויטש האָבען אַדרעסירט, האָבען זיך די מערסטע אָנוועזענדע אָנגעשלאָסען אַלס מיטגלידער פון דער נייער באַוועגונג. אין דער זעלבער וואָך איז אויך געקומען אַ באַריכט פון

קליוולאַנד, אַז ביי אַ ציוניסטישער פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער עס האָבן גערעדט הרב גיטעלסאָן און ס. ראָקער, האָבן זיך פיל נייע מיטגלידער אַנגע־שלאָסן.

שפעטער באַריכטעט דר. א. ס. וואלדשטיין פון באָסטאָן, אַז עס האָט זיך דאָרט געגרינדעט „די ניו אינגלענד זייאָן אַסאָסיאיישאָן" מיט 19 ציוניסטישע פאַראיינען. אין יענער צייט האָבען זיך געהאַלטען אין גרינדען איינצעלנע ציון פאַראיינען איבער דעם גאַנצען לאַנד און אַלע האָבען אַרויסגעקוקט, אַז אַ צענטראַלע ביוראָ זאָל געעפענט ווערען אין ניו יאָרק. מען האָט אָבער געמוזט וואַרטען אויף אַזאַ צענטראַלע עטליכע חדשים.

אָבער די שונאים פון דער ציוניסטישער באַוועגונג זענען אויך נישט געשלאָפען. ווען די פרעסע האָט געבראַכט די נייעס, אַז דער פלאַן פאַר דער ציוניסטישער באַנק ווערט שוין אַ רעאַליטעט, און אַז די באַנק וועט האָבען אַ קאַפּיטאַל פון 10 מיליאָן דאָלאַר אָדער 2 מיליאָן ענגלישע פונט, איינגעטיילט אין 2 מיליאָן אַקציעס מיט פינף דאָלאַר אַן אַקציע, איז אַרויסגעקומען קויפמאַן קאָהלער מיט אַ דערקלערונג, אַז די וואָס וועלען קויפען אַקציעס פון דער באַנק זאָלען וויסען אין פאָראויס, אַז זיי וועלען נישט צוריקזען קיין סענט. אַזוי זענען ווייטער אָנגעגאַנגען די שטערונגען מצד די שונאי ציון. אין אַ געוויסען טאָג האָבען ראַבאַי סטיפען ס. וויז און דר. גאָטהייל זיך דורכגערעדט מיט דזשאָזעפין לאַזאַרוס, די עלטערע שוועסטער פון עמאַ לאַזאַרוס, וואָס איז געווען די, וואָס האָט נאָך מיט 15 יאָר פאַר הערצל'ען געשריבען וועגען אַ אידישע נאַציאָנאַלע היים אין ארץ ישראל. דזשאָזעפין איז אין יענער צייט געווען אַ מיטאַרבעטער אין גרויסע ענגלישע זשורנאַלען. אלס רעזול־טאַט איז דזשאָזעפין לאַזאַרוס אַרויס אין דעם „אַמעריקען היברו" מיט אַרטיקלען פאַר ציוניזם אָפּענטפערענדיג אויף די געגנער פון ציוניזם.

אין דער זעלבער צייט איז סינגער אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט צו שאַפען מערערע ציוניסטישע פאַראיינען, און דר. גאָטהייל און ראַבאַי וויז האָבען איינגעלאַדען די פירער פון די ציוניסטישע פאַראיינען צו אַ פאַזאַמלונג, וואו מען האָט אָרגאַניזירט די ציוניסטישע פאַראיינען אין אַ נאַציאָנאַלער קערפערשאַפט. [redacted] באַקומט הערצל די פאָלגענדע טעלעגראַמע:

„מיר גראַטולירען אַ נזערען ענערגישען פירער דר טעאָדאָר הערצל. מיר האָבן דערעפענט די צענטראַלע ביוראָ פון די פאַראייניגטע ציוניסטישע פאַראיינען פון די פאַראייניגטע שטאַטען. אונזער פראָגראַם איז דאָס באַזעלער פראָגראַם".

אויף דער טעלעגראַמע זענען געווען געצייכענט דר. הלל קליין, דר. יוסף בלושטיין און דר. מיכל סינגער. אין עטליכע טעג שפעטער האָט סינגער אַרויסגעשיקט צו הערצל'ען די ליסטע פון די דערוויילטע באַאַמטע, ווי אויך די ליסטע פון די פאַראיינען, וואָס זענען אָנגעשלאָסען אין די פאַראייניגטע ציוניסטען פון די פאַראייניגטע שטאַטען.

ווי עס זעט אויס, האָט געבראַכט בייז בלוט צווישען דער קליינער סינגער גרופע און צווישען דער גאָטהייל־וויז גרופע. דעם 29טן יאַנואַר, 1808, שרייבט דר. גאָטהייל זיין באַוואוסטע אָנקלאָגע צו דר. הערצל'ען. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דר. גאָטהייל איז געווען זעהר אויפגעבראַכט אויף סינגער'ן און האָט צוערשט געשריבען צו דר. לעאָן קעלנער'ן, פראָפעסאָר אין ווינער אוניווערזיטעט, וואָס האָט צו

יענער צייט אַרויסגעהאָלפן הערצל׳ען מיט דער אַרבעט צו אָרגאַניזירען דעם צווייטען ציון קאָנגרעס. אויף צוזאָמענס שרייבט שוין גאָטהייל דירעקט צו הערצל׳ען.

דעם 18טען פעברואַר, 1898, ענטפערט הערצל צו גאָטהייל׳ן, אַז דער גאַנצער ענין איז אים נישט צום האַרצען. סינגער שיקט באַריכטען פון זיינע טעטיגקייטען פאַר דער ציון באַוועגונג, און „איך האָב קיין גרונט צו צווייפלען אין זיין גוטער אַרבעט״, שרייבט הערצל. — „איך באַקום רעגולאַר פון אים די באַריכטען. אַזוי ווי עס איז אַ ווייטע שטרעקע צווישען ווין און ניו יאָרק, קען איך נישט וויסען וואָס עס קומט דאָרט פאָר. איך בעט אייך שיקט מיר אומפּאַרטייאישע באַריכטען, וואָס איך זאָל קענען דרוקן אין אונזער אָפיציעלן ציון־אָרגאַן. דר. קעלנער האָט וואַרשיינליך אייך שוין מיט געטיילט, אַז דער צווייטער ציון קאָנגרעס וועט אויך פאָרקומען אין באַזעל סוף אויגוסט, אַזוי ווי עס איז נאָך פאַראַן צייט, זעט, אַז איר זאָלט פאַרקויפען פיל שקלים״.

ענדליך איז געקומען דער טאָג אויף וועלכען די ציוניסטען אין אַמעריקע האָבען געוואַרט. ראַבאַי דר. סטיפען ס. ווייז, האָט דעם 28טען יוני, 1898 געשריבן צו הערצל׳ען, אַז זיין גרויסע גרופּע רופט אַ קאָנפערענץ אין יולי, פון ציוניסטישע פאַראיינען פון אַמעריקע צו אָרגאַניזירען אַ ציוניסטישע פעדעראַציע אין אַמעריקע. אינ׳ם בריוו טיילט ווייז מיט הערצל׳ען, אַז ער, ווייז, און דר. גאָטהייל און פרוי קומען אַלס דעלעגאַטען צום צווייטען ציוניסטישען קאָנגרעס.

אויפ׳ן וועג קיין באַזעל האָט ווייז און זיין כלה, די שפּעטערדיגע פרוי לואיס וואָטערמאַן, זיך אָפּגעשטעלט אין בערלין צו באַזוכען זייער משפחה. זענען זיי אויפגענומען געוואָרען זעהר פריינטליך. אויף צוזאַמענס זענען



ראַבאַי סטיפען ס. ווייז

ווייז און זיין כלה איינגעלאַדען געוואָרען צו אַ קאָנצערט. לואיז האָט צוגעשפּילעט צו איר קלייד אַ דימענטענע שפּילקע. ווען איינער פון די קוזינס האָט געפרעגט, וואָס פאַר אַ סאָרט שפּילקע דאָס איז, און ווען דער ענטפער איז געווען, אַז דאָס איז אַ אידישער מגן דוד, האָט זיך די קוזינע פּשוט געכאַפּט ביים קאָפּ: לואיס, דו מוזט עס באַלד אַרונטערנעמען, חייל אונזערע פריינט ביים קאָנצערט טאָרען דעם אידישען אָפּצייכען נישט זען, האָט יענער געזאָגט דערשראָקען. ווען דר. ווייז פלעגט עס אין די שפּעטערע

יאָרען איבערדערציילען, פלעגט ער אַלע מאָל אויספירען, „באַך דער סצענע זענען מיר נישט געבליבען ביי זיי אַפילו אַ שעה צייט”. ער האָט פאַר זיין משפחה נישט געהאַט קיין אַנדערן נאָמען „משומדים”.

ווען ווייז האָט צום ערשטען מאָל דערלאַנגט די האַנט הערצל׳ען און אַריינגעבליקט אין זיינע אויגען, האָט ער געפילט ווי ער וואָלט געהאַט פאַר זיך אַ פרינץ פון ישראל. ווי עס איז געווען צו זען איז אויך הערצל געווען צופרידען זיך צו טרעפען מיט ראַבאַי ווייז׳ן, און הערצל האָט טאַקע אַכטונג געגעבען אַז ווייז זאָל ווערען דער סעקרעטאַר פאַר ענגליש אויפ׳ן קאָנגרעס.

ביים קאָנגרעס האָט ווייז אויך געהאַט אַנדערע פונקציעס, ער איז געווען דער ספעציעלער קאָרעספאָנדענט פון דעם „ניו יאָרק דזשורנאַל”, דעמאָלט מיט דער גרעסטער צירקולאַציע אין ניו יאָרק. אין זיינע באַריכטען אין „דזשורנאַל” האָט זיך ווייז צוערשט אָפגעשטעלט אויף די דעלעגאַטען. ער האָט אויסגערעכענט פון וועלכע לענדער זיי זענען און צוגעגעבען, אַז שבת אין שוהל, האָט ער ערשט געהאַט אַ מעגליכקייט זיי צו באַאָבאַכטען ווער איז ווער, און אַז זיי זענען געאַכטעטע פירערס אין די ערטער פון וואַנען זיי קומען. אין זיין צווייטען טעלעגראַפישען באַריכט צו דער צייטונג שרייבט ווייז, אַז די דעלעגאַטען זענען געקומען פון פראַנקרייך, ענגלאַנד, גאַליציע, דייטשלאַנד, איטאַליע, עגיפטען, די אַראַבישע לענדער (איינגעשלאָסען תימן), רוסלאַנד, אַמעריקע און אויך פון ארץ ישראל. אין איין טעלעגראַפישען באַריכט האָט ער אויך איבערגעגעבען אין קורצען אַ רעדע פון דר. הערצל׳ען אין וועלכער דער ציון־פירער האָט זיך אָפגעשטעלט אויפ׳ן

דרייפוס פראָצעס און באַהויפטעט, אַז די רייכע אידען פון פראַנקרייך זענען נישט אַרויסגעקומען אין דער עפענטליכקייט צו פאַרטיידיגען דרייפוס׳ען. הערצל האָט דערמאָנט די נעמען פון די נישט־אידען וואָס האָבען יאָ פאַרטיידיגט דרפוס׳ען. צווישען די נעמען האָט ער דערמאָנט עמיל זאָלאַ׳ן, שעירער׳ן, קעסטנער׳ן, לאַבאָרי׳ן, קאָלאָנעל פיקאַרט און דעם מיניסטער טרעיקס. הערצל האָט מיט׳ן פינגער אָנגעוויזען אויף זיין פריינט בערנאַרד לאַזאַר, אַ דעלעגאַט, און אויסגערופען:

— אָט ער, אַליין אַ איד האָט פאַרטיידיגט דרייפוס׳ן אַלס איד!

אין זיין לעצטען טעלעגראַפישען באַריכט גיט ווייז איבער הערצל׳ס געזעגענונגס רעדע: „מיט טרערען אין די אויגען האָט הערצל געזאָגט, אַז די וואַנדערונגען פון אידען וועלען באַלד קומען צו אַן ענדע, און אויפ׳ן פלאַץ, לאָמיר האָפען, וועט קומען דאָס עולה רגל זיין קיין ציון און איך האָף, אַז בעסערע טעג וועל׳ען קומען פאַר אונזער פאָלק”.

ווען ראַבאַי ווייז האָט זיך צוריקגעקערט פון׳ם קאָנגרעס האָט ער ביי אַ פרעסע קאָנפערענץ איבערגעגעבען אַ סך איינצעלהייטען. און צו מאָרגענס האָבען די ענגלישע צייטונגען איבערגעגעבען וואָס ווייז האָט געהאַט צו זאָגען וועגען דעם קאָנגרעס און דר. הערצלע׳ן. דאַן איז ראַבאַי קאָהלער אַרויס מיט אַן אַטאַקע אויף אים און אויף הערצלע׳ן, וועמען ראַבאַי ווייז האָט ממש פאַרגעטערט.

דר. ריטשאַרד גאָטהייל און זיין פרוי, וואָס זענען אויך געווען דעלעגאַטען צום צווייטען ציון קאָנגרעס אין באַזעל, האָבען זיך שטאַרק באַפריינדעט מיט הערצל׳ען און זיין פאַמיליע, נישט נאָר וואָס אָנבאַלאַנגט דער ציון באַוועגונג נאָר אויך אין פריוואַטע פאַמיליע אַנגעלעגענהייטען.

דער אידיש אמעריקאַנער מאַי 6טער, 1960

אין משך פון די יאָרען 1898—1904, זענען דורכגעגאַנגען צווישען דר. העצל׳ען און דר. גאָטהייל׳ן מער ווי 150 בריוו. די בריוו געפינען זיך אין די ציוניסטישע אַרכיוען אין ירושלים, און פון די בריוו קען מען פיל לערנען.

ביים צווייטען קאָגרעס איז הערצל ערשט אַלט געווען 38 יאָר. דעריבער האָט ער זיך שטאַרק באַמיט צו דערמוטיגען יונגע ציוניסטען. הערצל האָט צוגערופען דעם יונגען דעלעגאַט חיים ווייצמאַן און אים געגעבען אַן אויפגאַבע, אַז ער זאָל אַכטונג געבען, אַז די דעלעגאַטען זאָלען זיך האַלטען רואיג. ווייצמאַן, וואָס האָט געקענט כמעט די מייסטע דעלעגאַטען וואָס זענען געקומען פון רוסלאַנד, האָט באַמערקט ווי מנחם שיינקין, פירט אָן אַן „אייגענע" זיצונג מיט מיטגלידער פון דער רוסישער דעלעגאַציע, איז ער צוגעקומען און געבעטען עס זאָל זיין שטיל. אויף דעם האָט שיינקין אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ קליין גלעקעל און צוויי מאָל געקלונגען און דערביי דערקלערט, אַז זיין אייגענע זיצונג איז שוין געשלאָסען.

וועגען דעם דאָזיגען אינצידענט האָבען מיר געהערט פון דר. ווייצמאַנ׳ען און דר. הייז׳ן אויפ׳ן 22טען ציון קאָנגרעס אין באַזעל אין דעצעמבער 1946. אַזוי ווי דעמאָלט האָט געזאָלט זיין באַלד 50 יאָר זינט עס איז אין באַזעל אָפגעהאַלטען געוואָרן דער ערשטער ציון קאָנגרעס, האָבען די פירער פון דער באַזעלער אידישער געמיינדע אַראַנזשירט אין דער זעלבער שטאָט קאַסינאָ, וואו דער ערשטער קאָגרעס איז אָפגעהאַלטען געוואָרען אַ צוזאַמענקום פאַר׳ן כבוד פון די דעלעגאַטען, וואו ווייצמאַן און ווייז האָבען גערעדט. זיי האָבען איבערגעגעבען אינטערעסאַנטע עפיזאָדען פון יענער צייט.

ראַבאַי ווייז, ווי געזאָגט, איז געווען באַגייסטערט פונ׳ם קאָנגרעס און באָטש ער איז געווען באַשעפטיגט אַלס ראַבאַי אין דער מעדיסאָן עוועניו סינאַגאָגע, האָט ער געפונען צייט צו באַזוכען ציוניסטישע פאַראיינען אין און אויך אויסער ניו יאָרק. מען מוז געדענקען, אַז אין זיין אייגענער קאָנגרעגעישאָן זענען געווען מיטגלידער אויך באַאַמטע וואָס זענען געווען געגנער פון דער ציון באַוועגונג.

ווען ווייז האָט זיך געזעגענט ביים קאָנגרעס מיט דר. הערצל׳ען האָט ער אויף זיך גענומען די מיסיע צו זיין דער אַמעריקאַנער קאָרעספאָנדענט פאַר דער ציוניסטישער וועכענטליכע צייטונג „די וועלט", וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צו יענער צייט אין ווין.

אינ׳ם ערשטען באַריכט, שרייבט ראַבאַי ווייז, אַז דער נייער דערוויילטער גאָווערנאָר פון ניו יאָרק טעאָד רוזוועלט האָט ביי אַ פייערונג פון ד ערשט אויפגעבויטען „היברו טעכנ אינסטיטוט" אין ניו יאָרק, ד ציילט, אַז ווען ער איז געווען פאָ לימישאָנער פון ניו יאָרק, איז צו מען אַ קאָמיטע מיט אַ גאַסט יראָפע מיט׳ן נאָמען דר. אלוואַ אַ באַקאַנטער אַנטיסעמיט, און לאַנגט, אַז מען זאָל שיקען פאָ צו אַ גרויסער מאַסען פאַרזאַ וואו דער מר. אלוואַהרט וועט רוזוועלט האָט שוין געוואוסט ו פערזאָן איז. האָט ער געשיקט דישע פאָליסלייט און זיי האָבען גע האַלטען אָרדענונג. צומאָרגענס איז די קאָמיטע מיט אלוואהרט׳ען ווידער געקומען צו רוזוועלט׳ן אים צו דאַנקען און ווידער פאַרלאַנגט צו שיקען פאָליציי אויף אַן אַנדערען אָרט, ווי דער דאָזיגער אַנטיסעמיט האָט ווידער געוואָלט האַלטען אַן אַנטיסעמיטישע רעדע. אויף דעם האָט אים רוזוועלט געענטפערט:

דער אידיש אמעריקאנער, מאי 6טער, 1960

איך ווייס פון דער אַנטיסעמי־
ישער רעדע, וואָס דו האָסט געהאַל־
טן. איך זאָג דיר, אַז דאָס איז געווען
דאָס ערשטע און איך דאָס לעצטע מאָל,
וואָס דו וועסט האַלטן אַן אַנטיסע־
מיטישע רעדע אין ניו יאָרק.

אַזוי ווי ביים צווייטן קאָנגרעס
האָט דר. מיכל פינגער׳ס גרופּע נישט
געהאַט קיין דעלעגאַטן האָט ער טע־
לעגראַפיש גראַטולירט דעם קאָנ־
גרעס, און דאָך איז געווען סינגער׳ס
לעצטער שריט אין דער באַוועגונג. ער
האָט געעפנט אַ דרוקעריי אויף דער
איסט סייד אין ניו יאָרק אין פון דעם
האָט ער געצויגן פּרנסה. עס איז
באמת אַ שאָד, אַז דער מענש, וואָס
איז געווען דער ערשטער צו אָרגאַניזי־
רן ציוניסטן אין ניו יאָרק אַוועק־
געבענדיג זיין גאַנצע צייט און מי,
זאָל אינגאַנצן פאַרגעסן ווערן.

ביים דריטן קאָנגרעס, אויך אין
באַזעל אין 1899, האָט הערצל זיך
נאָכגעפרעגט ביי דר. גאָטהייל׳ן פאַר־
וואָס ראַבאַי וויִיז איז נישט געקומען.
דער ענטפער איז געווען, אַז וויִיז האָט
געהאַלטן ביים אָננעמען דעם אַמט
אַלס ראַבאַי אין פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן,
און אַזוי ווי דער רעפאָרם טעמפּעל
איז דער אָנגעזעענסטער אין דער ווײַ־
טער וועסט, און אזוי ווי די וועלט אר־
גאַניזאַציע „בני ברית” וועט אין קור־
צן אָפּהאַלטן אַ צוזאַמענקונפט אין
סאַן פראַנציסקאָ, איז באַשלאָסן ➤

וויִיז זאָל בעסער בלייבן אין אַמערי־
קע און אַדרעסירן די „בני ברית”,
וואָס קען מעגליך ברענגען נוצן פאַר
דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אין די שפּעטערע יאָרן פלעגט דר.
וויִיז דערציילן, אַז אַזוי שנעל, ווי ער
האָט דערמאָנט הערצל׳ן און דער
ציוניסטישער באַוועגונג אויף יענעם
צוזאַמענפאָר, איז דער גאַנצער זאַל
מיט די אָנוועזענדע געוואָרן אַזויווי
אַ שטיק אייז, און ער האָט זיך געפילט
בעסער ערשט דאַן, ווען ער איז
אַרויס פון׳ם זאַל

(ווייטערעס — קומט)

JEWISH AMERICAN — דער אַמעריקאַנער

Friday, May 13, 1960

# דר. הערצל'ס שלוחים צו אַמעריקאַנער אידען

(פון דער סעריע: הערצל און די אַמעריקאַנער אידען)

פון דושוליום האָבער

ב

ווי אין אַנדערע אַזוי אויך אין אַמעריקע, האָט דער ציוניזם זיך אָנגעשטויסען אין אַ שטאַרקער געגנערשאַפט. אַפילו דער אָרדען בני ברית, וואָס איז אין די לעצטע יאָרען אַזוי נאָענט צום ציוניזם, האָט געוויזען אַ שטאַרקע געגנערשאַפט צו דר. הערצל'ען און די באַוועגונג וואָס ער האָט געשאַפען.

אויפ'ן דריטען ציוניסטישען קאָנגרעס איז פרוי גאָטהייל, וועלכע איז מיט איר מאַן פּראָפעסאָר ריטשאַרד גאָטהייל געווען פון די ערשטע הערצל נאָכפאָלגער אין אַמעריקע, געווען אַ דעלעגאַטקע. דר. הערצל האָט זי פאָרגעשטעלט פאַר פרוי עלמאַן פון רומעניע אויך אַ דעלעגאַטקע צום ציוניסטישען קאָנגרעס. אין אַ געשפרעך מיט פרוי עלמאַן האָט זיך פרוי גאָטהייל דערוואוסט, אַז די צענטראַלע פון בני ברית אין אַמעריקע האָט אויסגעשלאָסען אַ בני ברית צווייג אין ברייליא, רומעניע, דערפאַר וואָס אָט דער צווייג האָט אָנערקענט הערצל'ס פּאָליטישען ציוניזם.

אין 1901 האָט הערצל געהאַט פיל באַזוכערס אין ווין. אַלע וועגען האָבען דעמאָלט זיך געצויגען קיין ווין צו דר. הערצל'ען. איבערהויפּט פלעגען קומען רוסישע אידען וואָס האָבען זיך אַקטיוו באַטייליגט אין דער נייער ציון באַוועגונג און זענען דערפאַר פאַרפאָלגט געוואָרען פון דער רוסישער פּאָליציי. אַ גרויסע צאָל רוסישע ציוניסטען האָבען צוליב דעם פאַרלאָזט זייער געבורטס־לאַנד. צווישען די רוסישע ציוניסטען וואָס זענען געקומען קיין ווין איז אויך געווען דער אָראַטאָר, רעווערענד יוסף זעף. ווי עס זעט אויס איז זעף געקומען קיין ווין, ווי מען זאָגט נאַקעט און באָרוועס. הערצל האָט אים געשטיצט און אים צוגערעדט ער זאָל פאָרען קיין אַמעריקע. אַזוי ווי רעווערענד זעף איז געווען אַ גלענצענדיגער רעדנער, האָט הערצל פאָראויסגעזען, אַז ער וועט זיין נוצליך אַלס אַגיטאַטאָר אין דער ציון באַוועגונג. הערצל, פון זיין אייגענער קעשענע האָט אים פאַרשאַפט אַ שיפסקאַרט און מיט אַ רעקאָמענדאַציע בריוו צו דר. גאָטהייל, דער דעמאָלטדיגער פּרעזידענט פון דער ציון באַוועגונג אין אַמעריקע.

הערצל האָט באַלד באַקומען אַ בריוועל פון יוסף זעף'ן, אַז גאָטהייל האָט אים אַנטזאָגט שטיצע, ווייל די קאַסע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג איז אינגאַנצען געווען ליידיג. אין זיין בריוועל צו הערצל'ען שרייבט זעף, אַז „בכדי אָפּצוגעבען מיין גאַנצע צייט פאַר דער באַוועגונג, דאַרף איך דרייסיג דאָלאַר אַ חודש, ווייל איך מוז האָבען כאָטש אַ דאָלאַר אַ טאָג דורכ־

צוקומען". זעלבסט איז מיט דער צייט געווארען אן איבערזעצער אין ניו יארקער געריכט, און האט אפגעגעבן זיין פרייע צייט פאר דער באוועגונג.

אין יענער צייט האט הערצל מודיע געווען גאטהייל'ן, אז עס קומט קיין אמעריקע יעקב דע האז, א גוט אויס־פרובירטער ציוניסט אין לאנדאן, און זיינער, הערצל'ס א נאענטער פריינט. אזוי שנעל ווי גאטהייל האט באקומען הערצל'ס בריוו האט ער אים באלד געענטפערט, אז די ציוניסטישע קאסע איז ליידיג און ער קען זיך נישט אונ־טערנעמען צו זוכען נייע פאנדען צו צאלען א וועכענטליכען געהאלט צו דע האז'ן. אויף דעם האט הערצל אינ־פארמירט גאטהייל'ן, אז עס האנדעלט זיך דא נישט אין קיין געלט, ווייל, אייגענטליך, האט דער אקציאנס קא־מיטעט, דאס הייסט, די ציוניסטישע אפיס צענטראלע אין וויען האז'ן נישט געשיקט. ער קומט קיין אמעריקע אין די אינטערעסען פון דער ציוניסטישער „קאלאניאל באנק" אין לאנדאן, איינ־צושטעלן דעם פארקויף פון די אקציעס פון דער דאזיגער באנק.

דע האז איז געקומען קיין אמעריקע ערשט אין אויגוסט, 1902, און ער האט איבערגענומען דעם אמט פון סעקרעטאר פון דער ציוניסטישער פע־דעראציע און אויך אלס רעדאקטאר פון דעם ציוניסטישען מאנאט זשור־נאל „דהי מאקאבעיען". עס איז דע־מאלט אויך געקומען א דריטע פערזאן, וועמען הערצל האט צוגערעדט צו פא־רען קיין אמעריקע. דאס איז געווען דוד שוב, וואס אין דער צייט ווען הערצל האט באזוכט ארץ ישראל, וואו ער האט זיך געטראפען מיט קייזער ווילהעלם פון דייטשלאנד, אין 1898, איז אט דער שוב געווען איינער פון זיינע, הערצל'ס לייב־וועכטערס. אזוי ווי שוב איז געווען אן ארטאדאקסי־שער איד, מיט א שיין געשטאלט, הדרת פנים'דיגער הויך, מיט א בארד און מיט א שיינער שטימע האט הערצל געהאלטען, אז ער קען דינען דעם ציוניזם צווישען ארטאדאקסישע אידען אין אמעריקע. עס געדענקט זיך, ווי דוד שוב, פלעגט אינגאנצן צוגעפאסט שע לידער.

## שפעטער האט ער זיך צוריקגעקערט קיין ארץ ישראל

וואו דער שרייבער פון די שורות האט זיך מיט אים געטראפען אין 1924.

שוב'ס עלטסט אייניקעל איז פאר־היראט צו עדווארד געלבער, דער גוט באקאנטער ציוניסט און געוועזענער פרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראציע אין קאנאדע; איצט א חשוב'ער תושב אין ירושלים, וואו ער איז טעטיג אלס איינער פון'ם דירעק־טאריום פון דעם העברעאישען אוני־ווערזיטעט.

הערצל האט אלץ געטאן כדי צו־פרידען צושטעלען, ווי ווייט מעגליך, דעם פארלאנג פון זיינע אנהענגער איז דער באוועגונג. ווען די ציוניסטען פון די מזרח־אייראפעאישע לענדער, וואו די אידישע שפראך איז געווען דאס לשון פון די פאלקס־מאסן, און אט די אידיש־רעדדנעדיגע האבען פארלאנגט, אז „די וועלט" דער ציוניסטישער ארגאן אין דייטש זאל אויך האבען יע־דע וואך א ביילאגע אין אידיש. האט הערצל געשריבען צו דר. גאטהייל'ן אין אמעריקע, אז ער זאל זיך זען מיט דעם אידישען פאעט מאריס ראזענפעלד און אים אנבאטען דעם פאסטען אלס דער אמעריקאנער קארעספאנדענט פאר „די וועלט" און צושטעלען אן ארטיקעל אין אידיש יעדע וואך, און וויכטיגע נייעס וועגען דעם וואס עס קומט פאר אין אמעריקאנער אידישען לעבען.

הערצל האט אויך אין דער זעלבער צייט דערקלערט אינ'ם בריוו צו גאטהייל'ן, אז ער וואלט געוואלט

זעהר גערן, אַז ראַבאַי וויז זאָל קומען קיין ווין אין אָקטאָבער, 1901, ווייל ער האָט פאַר אים אַ זעהר וויכטיגע מיסיע. גאָטהייל׳ס ענטפער איז געווען, אַז וויז גייט הייראַטען דעם 15טען אָקטאָבער, וועט דערפאַר אים נישט זיין מעגליך צו באַזוכען ווין אין דער זעלבער צייט.


RICHARD J. H. GOTTHEIL

ווען דער פונק און וואגנאל פאַרלאַג האָט זיך אונטערגענומען אַרויסצוגעבען די אידישע „ענציקלאָפּעדיע״ אין ענגליש, איז איינער פון די רעדאַקטאָרען פון דער ענציקלאָפּעדי געווען דר. ריטשאַרד גאָטהייל. אַלס גוטער ציוניסט האָט ער געוואָלט, אַ דער ערשטער פון די 12 בענדער זאָ אַנטהאַלטען עפּעס וועגן דער ציוניס טישער באַוועגונג. אָבער ער האָט איינגעזען, אַז דער בוכשטאַב „זי״ וועט ערשט קומען צום לעצט; דאָס מיינט, אַז מען וועט מוזען וואַרט עטליכע יאָר. האָט גאָטהייל זיך דורכ געשריבען וועגען דעם מיט הערצל׳ע און עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַ אין׳ם צווייטען באַנד ביי דעם בוכ שטאַב „בי״ קען מען שרייבען וועגע באַזעלער קאָנגרעס.

הערצל האָט דאַן אָנגעשריבען אַן אַרטיקעל וועגען די ציוניסטישע קאָנגרעסען אין באַזעל, אָבער ער האָט עס געשיקט צו גאָטהייל׳ן אָן אַן אונטערשריפט, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אויסנוצען די פּאַרטיי פאַר אייגענע נוצען. גאָטהייל איז געווען אַביסעל אַנטוישט און זיך געבעטען ביי הערצל׳ן ער זאָל דערלויבען, אַז מען זאָל אונטער דעם אַרטיקעל אונטערצייכענען די בוכשטאַבען ט. ה., אויך דאָס האָט הערצל נישט דערלויבט. דאָס קורצע אַרטיקעל אינ׳ם צווייטען באַנד איז געשריבען געוואָרען אָן אַן אונטערשריפט.

הערצל פלעגט באַקומען צושריפטען פון דער גאַנצער אידישער וועלט, אָבער נאָר די מער ערנסטע, די וואָס האָבן געקאָנט ברענגען נוצען דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָט ער געשאָנקען אויפמערקזאַמקייט. ווען פּרעזידענט וויליאַם מעקינלי האָט קאַנדידירט פאַר אַ צווייטען טערמין, איז געקומען צו הערצל׳ען קיין ווין אַ בריוו וואָס איז געשיקט געוואָרען פון אַ ציוניסט פון סינסינעטי, [illegible] הילף. אין אָט דעם בריוו שרייבט הילף צו הערצל׳ען, אַז ער ווייסט פון אַ זיכערען קוואַל, אַז פּרעזידענט מעקינלי איז נישט גלייכגילטיג צו דער ציוניסטישער באַוועגונג, און אַז [illegible]ער, הערצל אָדער דר. ריטשאַרד גאָטהייל, פּרעזידענט פון דער פעדעראַציע פון אַמעריקאַנער ציוניסטען, זאָל זיך מיט אים זען ערב די וואַלען, קען מען אים געווינען פאַר דער באַוועגונג. הערצל האָט איבערגעשיקט אַ קאָפּיע פונ׳ם בריוו צו גאָטהייל׳ן און אויך צוגעגעבען, אַז ווי עס זעט אויס וועט דער אַמעריקאַנער אָס[illegible]ר שטרויס אין טערקיי ווערען דער פאַרטרעטער פון אַמעריקע צום האַגער (האָלנאַד) פּריידענס טריבונאַל, און דערפאַר זאָל גאָטהייל, ווען ער וועט זיין ביי פּרעזידענט מעקינלי׳ן, אויסגעפונען, אויב עס איז פאַראַן אַ מעגליכקייט, אַז ער, גאהטהייל, זאָל איבערנעמען דעם

פאסטען אלס אמעריקאנער אמבאסא־דאר אין טערקיי.

*

מיט׳ן אנקומען פון יעקב דע האז׳ן אין 1902, און מיט זיין איבערנעמען דעם אמט פון סעקרעטאר פון דער ציוניסטישער פעדעראציע, האט די ציוניסטישע באוועגונג באקומען א נייעם שוואונג. דאס ערשטע וואס דע האז האט געטאן איז צו ארגאניזירען א גרויסען, אימפאזאנטען קאמיטעט צו פארקויפען שקלים. אין דעם קאמיטעט צווישען אנדערע זענען אריין יעקב פישמאן ע״ה, דעמאלט מיט׳ן אידישען „טאגבלאט״, אייזיק אלען, א יונגער אדוואקאט; די געברידער נאטאנזאן, פאבריקאנטען פון קראוואטען און אנדערע.

דע האז, ווי באקאנט, איז געווען איינער פון די וואס האט ממש פארגעטערט הערצל׳ען. ער האט אין אים געהאט פולען צוטרויען. דע האז האט געוואוסט, אז עס גייט אן פארהאנדלונגען צווישען הערצל׳ען און דער ענגלישער רעגירונג, וואס האט געפירט דערצו, אז ענגלאנד זאל אנבאטען אוגאנדא — ־ארטען צו באזעצען אידען. דע האז האט אויך געוואוסט, אז די חובבי ציון זענען געווען געגען וועלכע אנדערע לענדער, וואס מען האט דעמאלט געזוכט פאר א צייטווייליגער אידישער היים, מען האט דערוואַרט א גרויסען קאמף איבער אוגאנדע ביים קומענדיגען ציון־קאנגרעס. און מען האט וועגען דעם נישט געמאכט קיין סודות. דער קאמף איז טאקען געווען זייער ביטערער. דע האז האט געוואלט האבען א גרויסע דעלעגאציע אויפ׳ן ציון קאנגרעס פון די ענגליש־רעדענדיגע לענדער, בכדי איבערצושוועגען די דעלעגאטען פון אסט־אייראפעאישע לענדער, וואס האבען געהאלטען מיט די דעלעגאטען פון רוסלאנד, וועלכע זענען געווען געגען אוגאנדא, אפילו געגען שיקען אן אויספארשונגס קאמיסיע.

אין פרילינג 1903, ווען דע האז האט געשיקט זיין באריכט צו הערצל׳ען, איז ער געווען זיכער, אז ער וועט קענען האבען פון אמעריקע מיצדעסטענס 60 דעלעגאטען ביים 6טען ציון קאנגרעס. אבער ווען דער קאנגרעס האט זיך געפענט זענען נאר 10 דעלעגאטען געקומען פון אמעריקע; צווישען זיי סיירוס ל. סלוצבערגער, דער פאטער פון׳ם איצטיגען ארויסגעבער פון דער ניו יארק „טיימס״.

אויף דעם 6טען קאנגרעס איז אויך געווען דר. יוסף בלושטיין פון די פאראייניגטע ציוניסטען, וואס זענען ניט געווען אנגעשלאסען אין דער פעדעראציע. ווען די רוסישע ציוניסטען, די „ניין זאגערס״ האבען געזען, אז דר. בלושטיין, וואס זיי האבען געדערכענט וועט באשטימט זיין מיט זיי, איז אויך איינער פון די „יא זאגערס״, זענען זיי אנטוישט געווארן.



דר. הערי פרידענוואלד
איינער פון די יא־זאגערס פון אמעריקע

ווען מען לייענט וועגן דעם היינט־צרטאָג, ווען מען איין זאַך; די דע־מאָלטדיגע פירער, מיינסטענס דײַ־טשע אידען, האָבען נישט געגלויבט, אַז דאָס מזרח אייראָפּעאישע אידענ־טום קען איבערהויפּט אַרויסגעבען אי־דישע פירער.

אויפ׳ן ציוניסטישען קאָנגרעס אין באַזעל זענען געווען אַנוועזענד פיר פּערזאָן פון אַמעריקע. הערצל האָט אַכטונג געגעבען, אַז זיי זאָלען האָבען דעם סטאַטוס פון דעלעגאַטען. אַדאָם ראָזענבערג, אַן אַדוואָקאַט פון נױ־יאָרק און אַ מיטגליד פון אַ חובבי ציון פאַראיין, וואָס איז געווען אויף זיין צוריקרייזע פון ארץ ישראל, וואָס די חברים האָבען אים געשיקט קויפען באָדען, (ווייל מיטגלידער פון די אַמע־ריקאַנער חובבי ציון האָבען זיך גע־דענקט צו באַזעצען אין ארץ ישראל), אויך פרוי ראָזע סאָנענשיין, רעוו. דר. שעפּטעל שאַפּער פון באַלטימאָר, ווי אויך דוד־טריטש, וואָס האָט דעמאָלט געוואוינט אין אַמעריקע אַ קורצע צייט, איידער ער האָט זיך צוריקגע־קערט קיין דייטשלאַנד. דאָס זענען גע־ווען די פיר דעלעגאַטען פון אַמעריקע. הערצל האָט פאַרלאַנגט, אַז אַדאָם ראָ־זענבערג זאָל אַריין אין קאָמיטעט, צו־זאַמען מיט דר. מאַקס נאָרדוי און דר. מאַקס באָדענהיימער, אויסצואַרבעטען דאָס באַזעלער פּראָגראַם וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען.

אַז הערצל האָט געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר דעם מענש פון דער פען, דאָס זעען מיר פון דעם, וואָס עטליכע טעג פאַר׳ן קאָנגרעס האָט ער באַקו־מען אַ לאַנגען בריוו פון אַ געוויסען רעפאָרם ראַבאַי דר. עדוואַרד בראַון פון קאָלומבוס, דזשאָרדזשיאַ. הערצל האָט זיך מיט אים קאָרעספּאָנדירט פאַר אַ לאַנגער צייט. אין משך פון אַכט חדשים האָט הערצל פון אים באַ־קומען 18 בריוו אויף 70 זייטען. ער גיט עצות ווי אַזוי צו אָרגאַניזירען דעם ציוניזם אין אַמעריקע, ער וויל זיין דער הויפּט אָרגאַניזאַטאָר, און דר. מיכל סינגער, וואָס האָט שוין דע־מאָלט געהאַט גרויסע פאַרדינסטען אַלס אַ וואָלונטיר, זאָל זיין זיין אַרויסהעלפער. דאָס האָט אָבער צו גאָרנישט געפירט, אַזוי אַז הערצל האָט אים ממש געבעטען, אַז ער זאָל אים צורו לאָזען. דער דר. בראַון איז ברוגז געוואָרען אויף הערצל׳ען און די קאָרעספּאָנדענץ איז איבערגעריסען געוואָרען.

די געגנער האָבען געהאָפט, אַז דער ערשטער ציון קאָנגרעס וועט זיין דער לעצטער, אָבער זיי זענען געווען אַנ־טוישט. אויך חען די וועלט פּרעסע האָט געבראַכט נייעס וועגן קאָנגרעס און אַ [illegible] זענען דאָרט געווען באַוואוסטע איינפלוסרייכע אי־דען אַלס דעלעגאַטען, איז אַרויסגע־קומען דר. קאָהלער און דערקלערט, אַז הערצל האָט צוזאַמענגערופען 200 בטלנים צום קאָנגרעס.

דר. ריטשאַרד גאָטהייל איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין מיטגליד פון וועלכער־עס־איז ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע. עס איז נאָך בכלל נישט געווען קיין אָפיציעלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, אָבער גאָטהייל האָט געפילט, אַז עמיצער, וואָס איז אָנגעזען אין דער אידישער געזעלשאַפט דאַרף ענטפערען אויף די געגנערישע אַטאַקעס. אין צווישנצייט האָט די וועכענטליכע ענגליש־אידישע צייטונג „דהי אַמעריקען היברו” אי־בערגעגעבען אויף צען זייטען דעם באַריכט פונ׳ם קאָנגרעס, און דר. גאָטהייל און ראַבאַי סטיפען ס. ווייז האָבען אַכטונג געגעבען, אַז אין „דהי אַמעריקען היברו” זאָל זיין קלאָר, אַז די דעלעגאַטען צום קאָנגרעס זענען גאָרנישט געווען קיין בטלנים. 55 דעלעגאַטען זענען געווען סוחרים, 42 סטודירענדע, 41 זשורנאַליסטען, 22 אַדוואָקאַטען, 9 אינזשענירן און אַרכי־טעקטען, 8 דאָקטוירים, 6 ראַבאַנים, 3 פּראָפעסאָרען, 5 פאַבריקאַנטען, 1 באַנקירען, 1 כעמישער אינזשעניר, 1 לאַנד־באַזיצער און 1 קאָלאָניסט פון ארץ ישראל.

---

HAIYIM ORLAN
3214 YORKSHIRE RD.
CLEVELAND 18, OHIO

17-טער סעפּט. 1955

חשובֿער ר׳ יואל האָפֿער

שלום רב און אַ גוטן און אַ גליקלעכן יאָר!

איך װיל דאַנקען אײַך פֿאַר אײַער אױפֿמערקזאַמקײט צו מײַן אַרטיקל „תודעת הגולה
הקדש להרזל ופתרונה", אין „בצרון" (העפֿט תמוז-אב), און װעלכן איך
האָב זיך געשטיצט אױף אײַער אַמאָליקער פֿאָרשונג װעגן העכלוצן,
װאָס איר האָט געדרוקט אַמאָל אין „טאָג-מאָרגן זשורנאַל", װוּ איר האָט
גערעדט פֿון לאַנדױ (איך האָב מורא געהאַט, אַז איר האָט געמײנט ש. ר.
לאַנדױ).

אַ שאָד װאָס איר האָט ניט דערמאָנט דעם װיכטיקן פּרט און אײַער װיכטיקן
זאַך, איך האָב אױך ניט געפֿונען אין ש. ר. לאַנדױס בוך „שטורם און דראַנג
אונזער דאָגמאַטיזמוס".

איך קום אײַך באַגריסן מיט ישר כח, און איך װינטש אײַך מיט אונדז אַלעמען
האָפֿנונגען װעלכע צום נײַעם יאָר

אײַער

חיים אָרלאַן

# טאָג־מאָרגען זשורנאל טאָג־מאָרגען זשורנאל

**מערץ 24טען, 1960**

## מאָרגען מלוה־מלכה, געווידמעט אנדענק פון ש. לעווין ע״ה

מאָרגען, מוצש״ק, 25טן מערץ, וועט אין דעם הערצל אינסטיטוט 515 פּאַרק עוועניו, פאָרקומען א מלוה מלכה, געווידמעט דעם אָנדענק פון דעם באַרימטען ציוניסטישען פירער דר. שמריהו לעווין, וועלכער האָט מיט זיינע גייסט־רייכע רעדעס באַאיינפלוסט גרויסע



אידישע מאַסען לטובת דעם ציוניסטישען געדאַנק. עס איז איצט געוואָרען 25 יאָר נאָך זיין טויט.

זכרונות וועגען אָט דעם זעלטענעם אידישען פירער וועט דערציילען דער ציוניסטישער וועטעראַן און מחבר פון דאָס בוך „געשיכטע פון אמעריקאַנער ציוניזם", דזשוליוס האַבער. די געלאַדענע געסט ווערען געבעטען צו קומען אין צייט: אָנהויב 8:30 אָוונט. די מלוה מלכה וועט זיין ביי געדעקטע טישען.

**מערץ 28טען, 1960**

## דזשוליוס האַבער און פרוי פאָרען היינט אַפּ אויף א באַזוך אין מדינת ישראל

דזשוליוס האַבער, באַוואוסטער ציוניסטישער עסקן און וועטעראַן, און זיין פרוי, פאָרען היינט אָפּ מיט דער שיף „ירושלים" קיין ישראל צו פאַרברענגען פסח מיט זייערע קינדער און אייניקלעך. ווען מר. האַבער וועט אָנקומען קיין ישראל, וועט שוין זיין בוך „דהי זדיסעי אָוו אַן אַמעריקען זייאָניסט", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרען אין ניו יאָרק מיט דריי יאָר צוריק אין דער ענגלישער שפּראַך, האָבען דערשינען אין דער העברעאישער שפּראַך מיט אַן אַריינפיר פון אבא איבען. מר. האַבער האָט צום בוך צוגעגעבען מער ווי 70 זייטען, און דאָס בוך געבראַכט „אַפּ־טו־דעיט", אָדער, בעסער געזאָגט, ביז אַ טאָג נאָך די כנסת־וואַלען אין 1959.

די העברעאישע אויסגאַבע אַנטהאַלט אויך וויכטיגע מאַטעריאַלען פון דעם סיני־קאַמפּיין, וואָס האַבער האָט אָבסערווירט אַלס שטענדיגער באַזוכער אין דער יו־ען.

מר. האַבער וועט איינגיכען אָנהויבען צו פאַרעפענטליכען אין „אַבעריקאַנער" א סעריע אַרטיקלען וועגען „דר. הערצל און די ציוניסטען פון אַמעריקע", מיט וועלכע דר. הערצל האָט זיך באַפריינדעט ביי די ציוניסטישע קאָנגרעסען, ווי אדאָם ראָזענבערג, ראָזז סאָנענשיין, רעוו. דר. שעפּטעל שאַפּער, ראַבאַי סטיפען ס. וויז, דר. ריטשאַרד גאָטהייל, סוירוס ל. סולצבערגער און דר. העררי פרידענוואַלד פון באַלטימאָר. די אַרטיקלען וועלען געדרוקט ווערען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פייערן פון דעם 100־סטען געבוירען־טאָג דר. הערצל.

## טאָג־זשורנאַל, פעברואר 15טען 1960

### װעגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע

זש. כ׳ער רעדאַקטאָר!

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַר־
טיקעל פון אײַער חשוב׳ען מיטאַר־
בעטער ב. צ. גאָלדבערג „ווי דער
ציוניזם איז אַרײַנגעצויגן געוואָר־
ן אין וועלט־פּאָליטיק״, שרײַבט מר
גאָלדבערג, אַז דײַטשע ציוניסטן
האָבן געוואָלט אַרויסקריגן אַ „באַל־
פור דעקלאַראַציע״ פון דײַטשלאַנד
און טערקיי נאָך פריער איידער ענ־
גלאַנד איז געקומען די באַלפור דעקלאַראַ־
ציע פון ענגלאַנד.

איך וויל צוגעבן, אַז באַלד ווי
ענגלאַנד איז אַרויסגעקומען מיט
דער באַלפור־דעקלאַראַציע איז דער
וועלט באַוואוסטער זשורנאַליסט
מאַנפרעד דזשאָרדזש, דעמאָלט דער
רעדאַקטאָר פון דער „פאָסישע צײַ־
טונג״ אין דײַטשלאַנד און איצט
איז ער דער הויפּט רעדאַקטאָר פון
דער אידיש־דײַטשער צײַטונג „די
אויפבאַו״ אין ניו יאָרק, אַרויסגעקו־
מען מיט דער באַלפור־דעקלאַראַ־
ציע. דאָס האָבן דײַטשלאַנד און
איר פאַרבינדעטע טערקיי שוין
לאַנג געדאַרפט אַרויסקומען. מאַנ־
פרעד דזשאָרדזש ענדיגט זײַן עדי־
טאָריעל מיט דער דערקלערונג, אַז
ער איז איבערצייגט, אַז מינדסטע
פון די ליבעראַלע צײַטונגען פון די
צענטראַלע מאַכטן וועלן מיט
אונז איינשטימיג. צו שרײַבן
זעלבע קריטיק אין סאַמע ברען
פון דער וועלט־מלחמה פאָדערט זיך
פיל מוט און דאָס האָט מאַנפרעד
דזשאָרדזש פאַרמאָגט.

**דזשוליוס האפער,**
**ניו יארק**



Lord Arthur James Balfour

יהודה שפיגל,
רח' בן יהודה 105,
תל אביב, ישראל.

תל אביב, יום ג' י"ט טבת תש"ך (19.1.1960)

מיין ליעבער פריינד יואל האבער,
זעהרגעעהרטע פרוי האבער - בעסערע העלפט פון מיין פריינד (אפשר וועט איהר לאכען - און דאריבער וואלט איך מיך געפרעהט - און אפשר וועט איהר צוואר לאכען, אבער מיך נישט אויסלאכען, ווען איך וועל אייך זאגען, אז אין דער גמרא ("שבועות" דף ל"ט) ווערד פאפראסטע פשוט געזאגט: "אשת חבר הרי היא כחבר") און דערפאר זענט איהר דאפעל געעהרט!

אייער זעהר חשוב'ער/דאסיערט 10טען דעצעמבער 1959 בריעף איז צו מיר אנגעקומען גאנץ שנעל, אי איך ענטפער ערשט היינט, דאס איז א קאפיטעל פאר זיך. פארהאן מענשען וואס פארגינען זיך אלעס מעגליכע און דאדורך פארנאכלעסיגען זיי זייערע פאמיליערע, געזעלשאפטליכע און פריינדשאפטליכע פפלכטען, האט זיך מיר "אויך" פארגליסט, ניט פאר אייך גערעכט, אבצוליגען עטליכע וואכען און געבען פרנסה דעם צאהנדאקטאר און דעם הארצדאקטאר. און אז מ'ליגט און קיינער איז מען נישט ביים בעסטען הומאר, און איך, ווי איהר קענט מיך, שרייב נור ווען איך האב די האפנונג אז דער עמפפענגער פון מיין בריעף וועט לכל הפחות, פון העפליכקייט וועגען, א שמייכעל טון, אויב נישט ווי ס'שטעהט געשריבען אין די קליינע אותיות "אז ימלא שחוק פינו", לאכען מיט'ן גאנצען מויל.

איהר וועט אפשר ביי זיך קלעהרען אז אויב די "הקדמה" איז אזוי לאנג און ברייט, ווי לאנג &&& וועט נאך דער אייגענטליכער בריעף זיין. דאס דערמאנט מיך אן א וויץ פון איינעם וואס איז געקומען צופאהרען קיין בוסק. ער פאהרט א שטיקעל צייט און אט באווייזט זיך א הויז, ער פאהרט אב ווידער א שטיק צייט - ווידער א הויז, דענקט ער ביי זיך: אזדי פארשטאדט איז אזוי גרויס, ווי גרויס איז נאך די שטאדט זעלבסט? דערווייל חאפט ער זיך אז ער איז שוין אין אנדערען עקפון שטעדטיל. ווי איינער וואס מ'דערלאנגט איהם צו עסען קרעפליך מיט קעז, ער בייסט אב איין שפיץ - נישטא קיין קעז, דעם צוויטען שפיץ - קיין סימן פון קעז, ער האלט שוין ביים דריטען און לעצטען שפיץ - וה-קעז איננו.

גלייבט מיר, ליעבע פריינדע, אז בשעת איך זיץ און שרייב דיעזע שורות און מעלק אויס דעם זכרון עראינערונגען און אויס דעם מוח געדאנקען כדי זיך מפס אייך צו אונטערהאלטען, באררויש איך מיך זעלבסט און שטעל מיר פאר אז איך זיץ און שמועס מיט אייך באשיינפערליך.

די נאכריכט אז דיין בוך, ליעבער יואל, וועט צו פסח ארויס פון דרוק איז פאר מיר א בשורה טובה, און די דאזיגע בשורה טובה ווערט ביי מיר נאך טייערער און חשוב'ער ווייל דו גיבסט מיר די האפנונג, אז איך וועל האבען די זכיה, דיך און די געעהרטע ליעבע פרוי האבער דא צו באגריסען און אייערע הענדע מיט עהרליכער פריינדשאפט צו ערגרייפען.

מיט אויפריכטיגע גריעסע או להתראות בקרוב מתוך שמחה!

יהודה שפיגל

## וועגן דר. טעאָדאָר הערצל

חשוב׳ער רעדאַקטאָר!

אייער חשוב׳ער מיטרעדאַקטאָר אהרן אַלפּערין פאַרדינט אַן אמת׳ן יישר־כוח פאַר זיינע פּינקטליכע און צייטליכע אָפּשאַצונגען פון אונזערע גרויסע פירער אין דער ציון־באַוועגונג. איצט ווען די פרייע אידישע וועלט פייערט דעם 100טן געבוירענטאָג פון דר. טעאָדאָר הערצל, פאַרגעסט ניט א. אַלפּערין איבערצוגעבן די נייעסטע זאַכען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דר. הערצל׳ס נאָמען.

אין א. אַלפּערינ׳ס „די לעצטע נייעס זיינען געקומען״, ווערען איבערגעגעבן איינצעלהייטען וועגן הערצל און זיינע באַלעבאַטים, די אַרויסגעבער פון דער גרויסער ליבעראַלער צייטונג פון יענער צייט, „די נויע פרייע פּרעסע״, וואו דר. הערצל איז געווען דער רעדאַקטאָר פון פעליעטאָן־אָפּטיילונג פאַר פיל יאָרן. זיין נאָמען האָט פיל געהאַט צו זאָגען מיט דעם, וואָס די צייטונג האָט געהאַט אַזאַ גרויסן דערפאָלג אין יענער צייט.

די יעניגע וואָס לייענען איצט דאָס ערשט אַרויסגעגעבענע בוך „הערצל ווי איך געדענק אים״, פון דר. ערווין ראָזענבערגער (אין דער ענגלישער שפּראַך) קענען פיל לערנען וועגן הערצל׳ען, וואָס האָט געפירט כמעט מיט דער האַנט פון שריט צו שריט דעם 22־יאָריגען סטודענט ראָזענבערגער, ווי אַזוי אַרויסצוגעבען די נייע ציוניסטישע וועכענטליכע צייטונג „די וועלט״.

פון דעם בוך קענען מיר ערשט לערנען וועגן אונזער גרויסען פירער הערצל, וואָס ראָזענבערגער האָט אים געזען יעדען טאָג ביי דער אַרבעט. דאָס אַרויסגעבען „די וועלט״, דעם ערשטען נומער דעם 11־טען יוני, 1897, עטליכע חדשים פאַר׳ן ערשטען קאָנגרעס, איז דער וואָרט געוואָרען ביי די ציוניסטען אַלס אַ גרויסע דערשיינונג. אין כאָטש מען האָט ניט געוואוסט ווער עס איז דער יעניגער וואָס וועט רעדאַקטירען די צייטונג, האָט מען געהאַט גרויס צוטרוי צו הערצל׳ען.

אייגענטליך איז ערווין ראָזענבערג גאָר געווען אַ סטודענט אויף דעם מעדיצינישען פאַקולטעט. אָבער, ווען ער האָט זיך באַקענט מיט דר. הערצל׳ען און הערצל האָט געזען, אַז ראָזענבערגער האָט נעהאָט טאַלאַנט פאַר שרייבען, האָט ער אים נעלערנט ווי אַזוי אַרויסצוגעבען אַ צייטונג, וואָס האָט באַלד באַקומען אַ גוטן נאָמען. דאַמאָלס האָט מען געוואוסט, אַז דער פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר איז געווען דר. ס. ר. לאַנדאַו, אַ גאַליציאַנער לאַנדסמאַן, וואָס צוזאַמען מיט דר. נחמן סירקין האָבען געגרינדעט די וועלט־פועלי ציון באַוועגונג. איצט זעט מען, אַז לאַנדאַו פלעגט נאָר אַריינקומען אין אָפּיס פון צייט צו צייט פאַר אַ האַלבער שעה צייט. ווי שוין דערמאָנט, איז מען געווען צופרידען מיט דער צייטונג, אָבער עס זענען געווען אידיש־רעדענדיגע עלעמענטען, וואָס האָבען פאַרלאַנגט, אַז די צייטונג זאָל האָבען אַ אידישע ביילאַגע. אויך דאָס האָט דר. הערצל געוואָלט צופרידענשטעלען און ער האָט זיך געווענדט צו דר. ריטשאַרד גאָטהייל, וואָס איז געווען דער פּרעזידענט פון דער פעדעראַציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן, אַז ער זאָל זיך זען מיט דעם דעמאָלטדינען אידישען שרייבער מאָריס ראָזענפעלד און אים פאַרלייגן, אַז ער זאָל זיין דער אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט פון „די וועלט״, און ער זאָל אויך שרייבען יעדע וואָך אַן אַרטיקעל אין דער צייטונג און ער וועט באַקומען זיין האָנאָראַר מאָנאַטליך.

ס׳איז אויך אינטערעסאַנט, ווען הערצל איז געוואָרען מער און מער באַשעפטיגט מיט דער וועלט־באַוועגונג און די לייטונג פון „די וועלט״ האָט איבערגענומען אַ קאָמיטעט, און דר. הערצל האָט געזען, אַז ראָזענבערגער וועט נישט קענען אַרבעטען מיט דעם קאָמיטעט, האָט ער געראַטען זיין יונגען פריינט ראָזענבערגער אויפצוגעבען זיין זשורנאַליסטישען פאַך און ווידער אַריינטרעטען אין אוניווערסיטעט און שטודירען מעדיצין. ווען ראָזענבערגער האָט גראַדואירט אַלס דאָקטאָר מעדיצין, האָט אים הערצל געראָטען, אַז ער זאָל נישט עפענען קיין קליינעם אָפּיס, נאָר ער זאָל ליבערשט זיין אַ דאָקטאָר אויף די שיפען, וואו ער וועט קענען פיל רייזען, וואָס מיינט פיל זען און לערנען. ראָזענבערגער האָט אָנגענומען הערצל׳ס עצה, און ערשט אין די שפּעטערע יאָרען האָט ער זיך באַזעצט אַלס אַ דאָקטאָר אין אַ גרויסער שטאָט. איצט ביים עלטער פון איבער 86 יאָר האָט ער זיך אינגאַנצן צוריקגעצויגען און ער האָט צוגעגרייט זיין מאַנוסקריפּט אין דער דייטשער שפּראַך, וואָס איז איבערזעצט געוואָרען אין ענגליש.

א. אַלפּערין, איצט נאָך מער ווי פריער, ווען מיר פייערען הערצל׳ס 100טען געבורטסטאָג דאַרף מען ווינשען ווייטער אָנצוגיין מיט אייערע אַרבעטען און איבערגעבען פּרטים וועגן דער ציון באַוועגונג און איבערהויפּט וועגן דר. טעאָדאָר הערצל׳ען

מיט דרך־ארץ,

**דזשוליוס האַבער,**
ניו יאָרק.

## טאָג־זשורנאַל, דעצעמבער 24טער 1959

**וועגן גרשון אגראנסקי ע"ה**

חשוב'ער רעדאַקטאָר:

אַג'ס אַרטיקעל אין „טאָג־מאָר־
נען זשורנאַל" פון א. ש. יורים, פון
תל אביב, וועגן דעם פאַרשטאָר־
בענעם גרשון אגרון, דער געוועזע־
נער מעיאָר פון ירושלים. גיט ער
איבער צווישען אַנדערע, אַז גרש
אגרון אָדער אַגראַנסקי, איז אין
די יאָרן 1924־1927 געווען דירעק־
טאָר פון דער אידישער טעלעגראַ־
פען אַגענטור (איטא) אין ניו יאָרק.
מר. יורים האָט אַ טעות אין דעם,
ווייל אין יענע יאָרען איז שוין
גרשון געווען אַ תושב אין ירושלים
און איי געווען אין דער פרעסע־אָפּ־
טיילונג פון ועד־הצירים. איך גע־
דענק, אַז אויף מיין באַזוך אין ארץ
ישראל פסח פון 1924, האָב איך
זיך געטראָפען מיט אַגראַנסקי'ן אין
ירושלים. אַזוי ווי דעמאָלט האָט
דער באַוואוסטער ציוני אברהם
גאָלדבערג ז"ל, געהאַט פּרעטענ־
זיעס צום „ועד־הצירים" און איז
אַרויסגעקומען אין דער פּרעסע מיט
אַ קריטיק אויף דער אַרבעט פון'ם
„ועד" אין ארץ ישראל, האָט אַגראַנ־
סקי פאַרבעטען יעקב פישמאַן און
מיך אין אָפיס פון קאָלאָנעל קיש.
קיש איז דעמאָלט געווען דער הויפּט
לייטער פון דער ביוראָ. אַזוי ווי
פישמאַן און איך זענען דעמאָלט גע־
ווען מיטגליעדער אין דער עקזעקו־
טיווע פון דער אַמעריקאַנער ציוניס־
טישער אָרגאַניזאַציע, האָט קאָלאָ־
נעל קיש אונז געוואָלט באַווייזען
אַז גאָלדבערג'ס קריטיק איז געווען
נישט באַרעכטיגט.

גרשון אַגראַנסקי, האָט זיך צו־
ריקגעקערט אין יאָר 1920 קיין
אַמעריקע פון ארץ ישראל, וואו ער
האָט זיך באַטייליגט אַלס פריוואַ־
ליגער אין דעם „אידישען לעגיאָן"
און ער האָט חתונה געהאַט אין פי־
לאַדעלפיע, אין צוזאַמענהאַנג מיט
זיין היירעט האָט זיך דר. שמריה
לעווין, וועלכער איז געווען אַ גאַסט
ביי דער חתונה, אויסגעדריקט מיט
דעם פאָלגענדען אַנעקדאָט: אַזוי
ווי דעם צווייטען אַפּריל, 1921, איז
געקומען די ציוניסטישע קאָמיסיע
קיין אַמעריקע, וועלכע איז באַ־
שטאַנען פון דר. חיים ווייצמאַן,
דר. אַלבערט איינשטיין, מנחם אוּ־
סישקין, דר. בן ציון מאָזעסאָן און
דר. שמריה לעווין, (וואָס האָט זיך
שוין דעמאָלט געפינען דאָ אין
לאַנד). נאָך לאַנגע אונטערהאַנד־
לונגען מיט די דעמאָלטדיגע ציוניס־
טישע פירער, ריכטער לואיס בראַנ־
דעיס און ריכטער דזשוליען מעק,
און ווען מ'האָט נישט געקאָנט קו־
מען צו קיין אויסגלייך, האָט די
קאָמיסיע דעם 21־טן אַפּריל, 1921,
צוזאַמען מיט אַנדערע באַוואוסטע
אַמעריקאַנער ציוניסטען פּראָקלאַ־
מירט דעם קרן היסוד אין אַמערי־
קע. אַזוי ווי עס איז אָנגעגאַנגען אַן
אָפענער קאַמף, האָט זיך דר. לעווין
אויסגעדריקט דאָס „אונזערע אָפּאָ־
נענטען וועלען אוודאי אונז נאָך
באַשולדיגען — אַט זעט זייערע
מענשן, שבת אָוונט איז די חתונה
און שוין זונטאָג איז דער ברית...
אָבער, דאָס איז אויך אַ טעות. די
חתונה וואָס איך האָב ביגעוואוינט
איז טאַקע געווען שבת אָוונט, אָבער
ביי גרשון אַגראַנסקי אין פילאַ־
דעלפיע, און דער ברית איז טאַקע
געווען צומאָרגענס, זונטאָג — נאָר
ביי בת שבע אין באָריס גראַבעלסקי
אין ניו יאָרק".

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האָבער
ניו יאָרק.

יהודה שפיגל,
רח' בן יהודה 105,
תל אביב, ישראל.

תל אביב, יום א' ה' כסלו, תש"ך
(6.12.1959)

מיין ליעבער פריינד יואל האבער, ) שלום רב לכם וכל טוב !
זעהר געעהרטע פרוי האבער, )

אייער ווילקאמענע שנה טובה קארטע האב איך דערהאלטען בערך צווישען ראש השנה תש"ך און ערשטען יענער 1960. אודאי קומט אייך, און אודאי גיב איך אייך, א הארצעגען דאנק דערפאר, אבער איך וויל מיך דערמיט אליין נישט באגניגען, און איהר ווערט מסתמא אזוי פריינדליך זיין און מיט געדולד לייענען די ווייטערדיגע שורות. אין ראזדאל האט געלעבט, בערך מיט הונדערט יאהר צוריק, א רב, וועלכער איז באריהמט געווען אלס גדול אין תורה און אין חכמה. פון איהם האט מען נאכדערצעהלט: ער איז אמאל געגאנגען אויף דער גאס אין לעמבערג, זעהט ער א שילד הענגען אויף וועלכען ס'שטעהט געשריבען "כאן יש למכור י"ש טוב ובזול" (דא פארקויפט מען גוטען בראנפען ארן ביליג). איז ער שטעהען געבליבען און בעקוקט און געקוקט אויף דעם שילד א פאר מינוט. דער וואס האט איהם באגלייט, אויך א תלמיד חכם און א בכבוד'יגער מענש, האט זיך געוואונדערט וואס דער ראזלער רב קוקט אזוי לאנג אויף א שילד וועגען בראנפען, און פרעגט איהם וואס ער קוקט אזוי לאנג אויף דעם שילד. ענטפערט איהם דער ראזלער רב בזו הלשון: "דא איז מיר קשה דריי זאכען – ערשטענס "כאן יש למכור", אז דו האסט צו פארקויפען בראנפען, דארפסטו דאס אויסשרייען ? אפילו ווער ס'וואוינט אין אנדערען עק שטאדט ווייסט שוין ממילא געוואר ווערען וואו מ'פארקויפט בראנפען. צווייטענס, "י"ש טוב", וואו איז פארהאן י"ש וואס איז נישט טוב ? און דריטענס, אז דו האסט צו פארקויפען י"ש, און גוטען דערצו, פארוואס פארקויפסטו איהם "בזול" ?

אז איך האב דערהאלטען אייער איבענדערמאנטע שנה טובה קארטע, צווישען ראש השנה און "זייער" ניי-יאהר, און דער טעקסט איז אי אויף העברעאיש אי אויף ענגליש, האב איך אויך אנגעהויבען צו פרעגען קושיות: פארוואס אי העברעאיש אי ענגליש ?? און האב מיר אליין געענטפערט אזוי: העברעאיש געהער צו ראש השנה און ענגליש צו ניי-יאהר 1960. דא פרעגט זיך ווייטער: סטייטש, פון ווען אן ווינשט מען זיך צווישען יידישע יידען צו זייער ניי-יאהר ? אבער דרויף האב איך אויך א תירוץ: איך דערמאן זיך פון מיינע קינדער-יאהרען, אז ספלעגט קומען "די בילנדע נאכט" האט מען נישט געלערנט, נור מ'האט פארברענגט דעם אווענט מיט פראסטע זאכען, שפיעלען קוויטלעך א.א.וו. חסידים פלעגען טרינקען בראנפען און זיך ווינשען "לחיים" צום נייעם יאהר !!!??? מ'האט נאכגעזאגט פון איינעם א גרויסען צדיק –איך געדענק נישט זיין נאמען – וואס ער האט געטרונקען "לחיים" און געווינשט א"שנה טובה" צו זייער ניי-יאהר, זיך שטיצענדיג אויף א פסוק אין תהילים, פרק פ"ז פסוק ו" : ה' יספור בכתוב עמים" (באט צעהלט ווען די פעלקער שרייבען). – איהר האט געווינשען צו ראש השנה, אויף דעם דארף מען זיך נישט פשט'לען, נור אויף ניי-יאהר האט איהר מסתמא, בלא-יודעים, זיך געשטיצט אויף יענעם פסוק. ווי האט יצחק אבינו געזאגט: גם ברוך יהיה!

איך האָף אז דיעזע שורות וועלען איך אַנטרעפען ביים בעסטען
געזונד און באגיעס איך גאָר הארצליך.

טאָמער מיינט איהר אז אין מיטען יאָהר טאָר מען נישט שרייבען
צו'ן א פריינד זענט איהר איך טועה. און אויב די ציים ערלויבט
איך און דער ווילען איז פאר[illegible]ן, בעט איך איך מיך צו דערפרעהען
מיט א פאָר שורות.

אייער

יהודה שפיגל.

טאָג־מאָרגען זשורנאַל, נאָוועמבער 24, 1959

## אַ ביאַליק־עפּיזאָד

השוב'ער רעדאַקטאָר!

אייער חשוב'ער מיטאַרבעטער אהרן צייטלין, אין זיין פרייטאָגדיגען אַרטיקעל „פון פרייטאָג ביז פרייטאָג", גיט איבער, אַז צווישן זיינע ביאַליק־באַמערקונגען וואַרפט ער אָפּ די פאַלשע סברא דאָס „מה־יפית", דער איבערזעצער פון ביאַליק'ס „שיר־עם", אויף אידיש זאָל האָבען געווען ביאַליק אַליין.



Chaim Nachman Bialik

דאָס דערמאָנט מיך, וואָס איך האָב באַשריבען אין מיין בוך, אַז אין הודש נאָוועמבער 1932, ווען איך האָב געוואוינט אין תל־אָביב, און גראָד דעמאָלט האָט מען געפייערט דעם 60טען יובל פון חיים נחמן ביאַליק ע"ה, איז ביאַליק טעגליך פאַרבייגעגאַנגען פאַר דעם הויז. ווען איך האָב אים באַגריסט און אָפּגעגעבען אַ הארציגען מזל־טוב, האָט ער מיך געפרעגט, צי איך האָב צייט אים צו באַגלייטען צו זיין היים. אויפ'ן וועג האָט ער באַמערקט, אַז אונזער פריינט שמריהו לעווין האָט אים אין אַ שמועס געזאָגט, אַז איך בין אין דער פילם־בראַנזשע. אפשר וועל איך אים קענען זאָגען, ווער עס קען אים העלפען, אַז מען זאָל נעמען אין אַנבאַטראַכט די שיינע דערציילונג „די פרינצעסין פון אראַם" און אַ פילם זאָל פּראָדוצירט נוערען אין האָליוואוד.

[illegible]

אראָם", וואָס איז אַרייז

אין זיין בוך „ויהי היום", וואָס איז דאָ אין אַמעריקע אַרויסגעגעבען געוואָרען אין ענגליש אונטער'ן נאָמען „ענד איט קעים טו פּעס", ביאַליק האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב אויך איבערגעלייענט „אגדת שלשה וארבעה", און האָט באַן מערקט, אַז איך קען דאָס בוך באַקומען אין ניו יאָרק אין אידיש. ער האָט אָנגערופען דעם נאָמען פון איבערזעצער (ליידער, האָב איך פאַרגעסען דעם נאָמען). צוערשט האָב איך אים געזאָגט, אַז איך בין נישט אין דער פילם־בראַנזשע, איך פאַרקויף מאַשינען פאַר „טאָקיס". אָבער איך קען אים ראָטען, אַז ער זאָל זיך ווענדן צו זיינעם אַ פריינט, מאַקס שולמאַן אין באָסטאָן, ווייל שולמאַן האָט אַ צוגאַנג צו מר. מייער, פון דער גרויסער און באַוואוסטער פירמע, וואָס פּראָדוצירט פילמען — „די מעטראָ גאָלדען מייער געזעלשאַפט" אין האָליוואוד.

אין צווישען צייט בין איך געשעפטליך צוריקגעפאָרן קיין אַמעריקע, און אין הודש יולי, 1934, ווען איך האָב זיך ווידער צוריקגעקערט קיין ארץ ישראל אויף דער שיף „ראָמאַ", איז געקומען די שרעקליכע נייעס, אַז ביאַלי איז [illegible] האָט דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע. אַזוי ווי אויף דער שיף איז אויך געווען משה פיינשטיין, דער הויפּט פון „הרצליה" סעמינאַר אין ניו יאָרק, האָבען מיר אַראַנזשירט אַ טרויער אָוונט, וואו פיינשטיין האָט גערעדט וועגען דעם נפטר. מיט אַ חודש שפּעטער האָב איך ביגעוואוינט אַ טרויער אָוונט אין דער געביידע פון בית עם אין תל־אביב, וואו דר. שמריהו לעווין האָט איבערגעגעבען איינצעלהייטען וועגען חיים נחמן ביאַליק, וואָס איז מיט אים געווען די גרינדער פון פּאַבלישינג הויז „דביר" אין תל־אביב.

מיט אַכטונג,

דזשוליוס האַבער,

ניו יאָרק

## מאַטעריאַלען צו געשיכטע פון ציוניזם

**חשוב'ער רעדאַקטאָר:**

מיט עטליכע חדשים צוריק, ווען דער „טאָג־מאָרגען זשורנאַל" האָט געבראַכט די טרויעריגע נייעס אַז דער באַוואוסטער געלערנטער פּראָפעסאָר יוסף קלויזנער איז געשטאָרבען אין זיין היים אין מדינת ישראל, האָב איך גראָד דעמאָלט געבלעטערט דעם פּראָטאָקאָל־בוך פון דעם ערשטען ציון קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין באַזעל אין יאָר 1897. אין די נייעס איז אויך געווען אָנגעגעבען, אַז דר. קלויזנער איז געווען דער לעצטער פון די דעלעגירטע צום ערשטען קאָנגרעס. אַזוי ווי אין דעם פּראָטאָקאָל־בוך פונ'ם ערשטען קאָנגרעס אויף דער לעצטער זייט זענען אויך אָנגעגעבען די נעמען פון די דעלעגאַטען, און דער ערשטער אויף דער ליסטע איז אַלקאַלעי, פון בעלגראַד, דעמאָלט סערביע, היינט יוגאָסלאַוויע, און אַזוי ווי דאָ אין ניו יאָרק געפינט זיך דער געוועזענער אָבער־ראַבינער פון בעלגראַד, הרב אַלקאַלעי, וואָס איז באַוואוסט אַלס אַ ציוניסט, איז מיר איינגעפאַלען דאָס עס קען זיין, אַז ער, דער זקן, איז דאָס דער יעניגער וואָס איז געווען ביים ערשטען קאָנגרעס.

לעצטענס ווען איך האָב זיך צעשמועסט מיט דעם ווירדיגען זקן, האָט ער מיר איבערגעגעבען, אַז דער דעלעגירטער צום ערשטען קאָנגרעס איז געווען אַ ווייטער קרוב פון אים, זיין ערשטער נאָמען איז געווען דוד, און ער איז געווען אַן אַדוואָקאַט אין בעלגראַד. זיין פאָטער איז געווען דער גרויסער געלערנטער הרב יהודה בן שלמה חי, און אין יאָר 1857, ד.ה. 40 יאָר פאַר דער צייט ווען דר. טעאָדאָר הערצל האָט צוזאַמענגערופען דעם ערשטען ציון־קאָנגרעס, האָט הרב אלקאלעי פּראָפּאַגאַנדירט אין וואָרט און אין שריפט פאַר אַ אידענשטאַט אין ארץ ישראל. דער ווירדיגער רב, האָט געהאַט פּלענער ווי אַזוי צו העלפען אין דער באַוועגונג פאַר'ן צוריקקער פון די אידען קיין ארץ ישראל: מען זאָל גרינדען גרויסע אַקציען־געזעלשאַפטען פון שיפען און באַנען, און מען זאָל זיך ווענדען צום סולטאַן פון טערקיי, אַז ער זאָל איבערגעבן פּאַלעסטינע צו די אידען. ער האָט געשריבען ספרים, און דאָס לעצטע ספר „שמע ישראל" האָט הרב יהודה בן שלמה געשריבען אין יאָר 1862. דאָרט האָט ער אָנגעגעבען מערער איינצעלהייטען וועגען דער באַוועגונג.

עס איז אינטערעסאַנט, דאָס דר. הערצל'ס זיידע איז אויך אין די דאַמאָלסדיגע יאָרען געווען אַן איינוואוינער אין דער שטאָט סעמלין, קראָאַציע (יוגאָסלאַוויע), וואו הרב אלקאלעי האָט געוואוינט ווען ער איז אַרויסגעקומען מיט זיין רוף פאַר אַ אידענשטאַט אין ארץ ישראל. ווי מיר זעען האָט זיך אַזוי געפירט, אַז צוויי אייניקלעך — טעאָדאָר הערצל און דוד אלקאלעי, זאָלען זיך טרעפען אין יאָר 1897 ביים ערשטען ציון קאָנגרעס, וואָס דר. הערצל האָט צוזאַמענגערופען.

מיט דרך ארץ,

**דזשוליוס האַבער,**

ניו יאָרק.

פאָרווערטס, אָקטאָבער 26טן, 1959

# אמת וועגן די אומרוהען אין חיפה

חשוב׳ער רעדאַקטאָר:

אין „פאָרווערטס" פון מאָנטאָג, דעם 31טען אויגוסט, אין „פון פאָלק צום פאָלק", שרייבט אַ לעזער נחמן גלעזער וועגן די לעצטע אומרוהען אין חיפה. און גיט אויך איבער דאָס אייער קאָרעספּאָנדענט אין זיין באַריכט שרייבט דאָס די אומרוהען זיינען פאָרגעקומען אַלס רעזולטאַט פון די אומנאַטירליכע, שלעכטע אומשטענדען, אונטער וועלכע די אַפריקאַנער אידען לעבען דאָרטען. און עס איז אַ וואונדער, מר. גלעזער, וואָס אַזאַ ערליכער און אויפריכטיגער שרייבער ווי שלמה בן ישראל איז, זאָל אַנדערש אויסטייטשען די לאַגע.

אַזוי ווי איך בין גראָד געווען אין חיפה אין יענער צייט, דוכט זיך מיר דאָס שלמה בן ישראל, כאָטש ער איז ניט געווען בשעת די אומרוהען, שאַצט גראָד אָפּ די לאַגע זעהר גוט. אוודאי האָבען געשפּילט דאָרטען אַ געוויסע ראָלע אומפאַראַנטוואָרטליכע עלעמענטן, וואָס אין נאָרמאַלע צייטען, ווען עס זאָל ניט זיין פאַר די וואַהלען, האַלטען זיי זיך ניט געפונען אין דער נאָכבאַרשאַפט פון „וואַדי סאַליב".

מען קאָן ניט זאָגען, אַז אין אַ געוויסען זין זיינען מאַנכע באַשולדיגונגען וועגען שלעכטע וואוינונגען אָדער אַנדערע זאַכען, ווי אַ געוויסע צאָל אַרבעטסלאָזע וואָס געפינען זיך דאָרט, ניט אמת. אָבער דאָס געפינט מען אויך אין אַנדערע געגענטען, וועלכע זיינען באַוואוינט פון אידען וואָס האָבען עולה געווען פון אַנדערע לענדער. כאָטש דאָס בויען פון הייזער געהט דאָרטען אָן מיט אַ שטאַרקען טעמפּאָ, קען מען דאָך ניט צופרידענשטעלען אַלעמען. יעדענפאַלס, קען מען זאָגען, אַז מדינת ישראל איז כמעט דאָס איינציגע לאַנד, וואו מען בויט איצט אַזוי פיל וואוינונגען.

ווי שוין באַקאַנט, האָט מען די עולים פון די צפון־אַפריקאַנישע לענדער אַנגעצונדען מיט דעם, וואָס אָפּאָזיציאָנעלע פון דער איצטיגער רעגירונג זיינען אַרומגעגאַנגען אין דער געגענט פון „וואַדי סאַליב" און האָבען כלומרשט געפרעגט, צי זיי ווייסען אַז מען זאַמעלט מיליאָנען דאָלאַרען אין אַמעריקע, און דאָס איז ניט נאָר פאַר די נייע עולים, דאָס מיינט אויך פאַר די אידען פון מאַראָקע. און לויט דער פּראָפּאַרציע, דאַרפען די וואָס געפינען זיך אין יענער נאָכבאַרשאַפט באַקומען געוויס דאָלאַרען. ווען זיי באַקומען עס ניט, מיינט עס, אַז די „שקינאַזים" אָדער „אַשקענאַזים" באַקומען גאָר דאָס גאַנצע געלט. דאָס ברענגט צו הייס בלוט, און דאָס קען אויך פירען צו נאָך ערגערע רעזולטאַטען. ווען דער אַזוי־גענאַנטער ניט־געקרוינטער פירער, „בן חרוש", האָט אָנגעהויבען זיין פירערשאַפט, האָבען עלעמענטען אים אַריינגעזאָגט אַ סוד, אַז ער האָט די מעגליכקייט צו זיין טאַקע דער איינציגער פירער צווישען די אידען פון צפון־אַפריקע, און ער האָט זיך שוין געפיהלט ווי ער האָט די גאַנצע דעה צווישען זיינע לאַנדסלייט. ער האָט געוואָרענט, אַז ווען די פּאָליצייי וועט אַריינקומען אין זיין געגענט פון „וואַדי סאַליב" אָהן זיין גוטהייסונג, וועט רינען בלוט. און ווען אין אַ פרייטאָג אָווענט, ווען עס האָט געהאַלטען ביי אַ ווייטערן אויסברוך און די פּאָליצייי איז טאַקע יאָ געקומען, האָט דער פירער „בן חרוש" אויף זיי געשאָסען, און ווען מען האָט אים איינגעשפּאַרט אין אַן אַרעסט־קאַמער האָט ער געוואָלט באַגעהן זעלבסטמאָרד. דערמאָלט האָט מען גערעדט אין חיפה, אַז ער וועט פאַרלירען פילע פון זיינע אָנהענגער, ווייל דאָס וואָס ער האָט זיך געוואָלט אויפהענגען, איז ביי זיי אַ באַווייז, אַז ער איז ניט [illegible] קיין פירערשאַפט. זייער אַ פירער־מוז באַהערשען העלדענטאַטען, ניט אַנצואווערען זיין ווירדע און זיך אויפהענגען.

יעדענפאַלס, הערט מען, אַז ער האָט נאָך אָנהענגער און אַז ער וועט אפשר אויפגעשטעלט ווערען ביי זייניגע אויפ׳ן צעטעל אַלס קאַנדידאַט צו דער כנסת. אין פּאָליטיק איז אַלץ מעגליך.

עס ווילט זיך האָפען, אַז באַלד נאָך די וואַלען וועלען די צפון־אַפריקאַנישע אידען איינזעהן אַז מען האָט זיי אויך אין זינען. מען שאַפט ווי נאָר מעגליך אַרבעט און מען בויט נייע וואוינונגען פאַר זיי. כאָטש עס זיינען איצט פאַראַן מערערע וואוינונגען פריי אין די דערפער, אָבער די מאַראָקאַנער ווילען בעסער זיין אין שטאָט. אויך אַנדערע אידען האָבען זיך ניט געוואָלט באַזעצען אין די דערפער, אָבער מיט דער צייט האָבען זיי איינגעזעהן, אַז אויך אין דאָרף האָבען זיי פילע באַקוועמליכקייטן און זיינען צופרידען וואָס זייער היים איז אין דאָרף.

מען זעהט שוין היינט פילע אידען, וואָס זיינען געקומען פון די צפון־אַפריקאַנישע לענדער, האָבען זיך שוין באַזעצט אין פּערמאַנענטע היימען, און אויך זיי זיינען צופרידען און זיינען שוין שטאָלצע בירגער פון מדינת ישראל.

נאָר אַמאָל מוז איך באַטאָנען, אַז אין דער צייט פון די וואַלען זיינען געקומען אומצופרידענע עלעמענטען צו כאַפּען פיש אין מוטנעם וואַסער. לאָמיר האָפען, אַז דאָס מאָל וועט עס זיי זיך ניט איינגעבען.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האָבער,

ניו יאָרק.

ירושלים, יולי 29טער 1959 !

א באריכט צום טאָג-מאָרגען זשורנאל וועגען
דער פטירה פון הרב יצחק הלוי הערצאָג, זצ"ל.

פֿון דזשוליוס האבטר

פאר געווים האָט אייער חשוב'ער באריכטשטאטער
דוד פלינקער, אייך שוין טעלעגראפירט וועגען
דער פטירה פון'ם חשובען רב, הרב יצחק הלוי
הערצאָג, אָבער אזוי ווי איך האָב צוגעזעהן די
לויה, און אויך געהערט וואָס מיין לאנדסמאן
מאיר אלטמאן, א קאָזין פון הערשל אלטמאן,
אייער אדווערטייזינג אגענט, האָט מיר איבער-
געגעבען איז ווערט צו פארצייכנען.

מאיר אלטמאן וואָס איז באקאנט אין ירושלים
אלס א גוטער מנגן, פלעגט במעט יעדען פריי-
טאָג אָווענד מקבל שבת זיין אינ'ם הויז פון
הרב הערצאָג. נאָכ'ן דאווענען איז אלטמאן צו-
געגאנגען צו דער רעבעצין הערצאָג און זיך
נאָכגעפרעגט צו ער האָט מיט זיין דאווענען נישט
געשטערט די רו פון'ם רב וואָס איז געלעגען
אין א דערביי-אינגען צימער, זי האָט אים פאר-
זיכערט דאָס דער רב איז נישט געשטערט געווען.

שבת פריה האָב איך געדאווענט אין דער גרויסער
ישורון שוהל, נאָכ'ן דאווענען איז צו מיר צו-
געקומען א יונגער מאַן וואָס איז יעצט פארבונ-
דען מיט „היכל שלמה" וועמען איך האָב שוין
געקענט פאר אַלענגערע-צייט, און מיר זיינען
געגאנגען צוזאמען אין דער ריכטונג פון מיין
האָטעל, אויפ'ן וועג האָט ער אריינגערעדט א
סוד, אז דורך דער נאכט איז הרב הערצאָג
נפטר געוואָרן.

שבת איז אין דער שטאָד געווען ווי אלע שבתים
ערשט נאָך הבדלה האָט די ראדיאָ אנאָנסירט דאָס
הרב הערצאָג איז נפטר געוואָרען. טאקי באלד
האָט מען געזעהן ווי מענשען געהן אין דער
ריכטונג פונ'ם נפטר'ס הויז. צומאָרגענס ווען
איך בין צוגעקומען צום הויז האָב איך שוין
געטראָפען טויזענדער מענשען וואָס האבען גע-
וואַרט אויף דער לויה.

טאָג-מאָרגען זשורנאַל, יולי 29־טער 1959



הרב ר׳ יצחק-אײזיק הלוי הערצאָג, זצ״ל

אין הויז זײנען געװען חשובע רבנים װאָס ~~זײנען~~
האָבען זיך מתעסק געװען מיט דעם נפטר. צוערשט
האָב איך געװאַרט אין דרויסען מיט אלעמען, װען
איך האָב באַמערקט דאָס אבא איבן װאָס איז אַ
שװאָגער צום נפטר׳ס זון איז ארײן בעגאַנגען
אין הויז בין איך אויך ארײן איװעניג, אָבער
װען אַ חוץ אבא איבן זײנען אלע געװען פון די
פרומע האָט מיר שוין באַנג געטאָן פאַר װאָס איך
בין ארײנגעקומען.

פונ׳ם הויז האָט זיך די לויה געצויגען צו דער
געבײדע פון „היכל שלמה" װאָס דעם נפטר׳ס פרײנד
טער, אײזיק װאָלפסאָן האָט אויפגעבויעט, און עס

טאָג-מאָרגען זשורנאַל, יולי 29טער, 1959

האָבען שוין דאָרט געוואָרט חשובע רבנים וואָס
האָבען מספּיד געווען דעם נפטר. ביי דער זייט זיינען
געשטאַנען באַוואוסטע פּערזענליכקייטען, און צווישען
זיי אבא איבן און דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר
אָגדען ריעד. פון דאָרטען איז די לויה געגאַנגען
אין דער ריכטונג פון סנהדריה־וואו דער נפטר
איז קובר געוואָרען ביי דער זייט פון זיין שוועהר
הרב הלמן.

אין ירושלים זיינען אַלע רעגירונגס געביידעס
און אויך די געשעפטען געווען געשלאָסען ביז נאָך
דער לויה. די פאָנען אויף די געביידעס פון
דער רעגירונג זיינען געהאָנגען האַלב־מאַסט.
אויפ'ן צווייטען טאָג האָט מען שוין אָנגעהויבן
צו שפּעקולירען ווער עס וועט פאַרנומען הרב
הערצאָג'ס אָרט אַלס הרב הראשי פון מדינת
ישראל.

די אַלגעמיינע ציוניסטען זיינען באַלד אַרויס־
געקומען עס זאָל זיין נור איין הרב הראשי.
די פּראָגרעסיווע ציוניסטען זיינען אַרויסגע־
קומען [redacted] פאַר דעם הויפּט רב פון דער אַרמעי
דזשענעראַל הרב שלמה גאָרען.
די מזרחי האָט ערקלערט דאָס זיי זיינען פאַר
הרב יוסף בער סאָלאָווייטשיק פון אַמעריקע אַלס
דער הרב הראשי פון מדינת ישראל. אין תל־
אביב זיינען די מיינסטע געווען פאַר זייער הרב
הכולל איסר יהודה אונטערמאַן.

די מיינונג פון מאַסגעבענדע קרייזען איז, דאָס
אַזוי שנעל וועט מען נישט ערוועהלען קיין הרב
הראשי, און עס קען נעמען פילע יאָרען און
דערווייל וועט הרב נסים בלייבען דער איינציגער
הרב הראשי פון מדינת ישראל. די צייט וועט
ווייזען ווער עס איז געווען גערעכט.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האַבער
חולון, ישראל.

טאָג־מאָרגען זשורנאל, יוני 13טען, 1959

## זכרונות וועגען קאַמפּען אויף א ציוני־קאָנגרעס

חשוב'ער רעדאַקטאָר:

אין דעם אַרטיקעל פון אייער חשוב'ן מיטאַרבעטער משה דובאַוני, „חיפה — ערשטע ישראל שטאָט וואָס וועט האָבען א סאָבוועי", גיט ער איבער, אַז אין זיין אינטערוויו מיט דעם ענערגישען מעיאָר פון חיפה, אבא חושי, האָט ער איבערגעגעבען, אַז ער איז געקומען קיין ארץ ישראל אין יאָר 1920 און מיט א יאָר שפּעטער איז ער געווען איינער פון די בויערס פונ'ם בית אַלפא.

איר וועט מיר דערלויבען צוצוגעבען דאָס אינ'ם זעלבען יאָר זענען מערערע פון אונזערע בויבעריקער לאַנדסלייט אויך געקומען קיין ארץ ישראל און צווישען זיי זענען געווען בעריל בעקער, היינט א חבר אין דער קבוצה רמת יוחנן. בעריל איז איינער פון די גרעסטע עקספּערטען פון שאָף צוכט, ער האָט וועגען דעם שוין געשריבען עטליכע ביכער. ער און דער גאָטזעליגער משה לייב צוך, און אויך דער איצטיגער „נגיד" פון דער מדינת ישראל באַנק אין ירושלים, דוד האָראָוויץ און אויך צבי ניימאַן [illegible] גאַליציע, זענען גע־

[...]

פועל'ן צו ענדערן אונזערע מיינונגען? זאָלט איר, מענער, וויסען, דאָס איר קענט אונז נישט אָפּקויפען מיט א מאַלצייט". און אַזוי איז טאַקע געווען. די פרויען האָבען ביז דער לעצטער מינוט אויסגעהאַלטען און האָבען געשטימט פאַר דער וויצמאַן־פּאַרטיי.

די אינטערעסאַנטסטע זיצונג איז געווען מאָנטאָג אָוונט, פון 8 אזייגער אָוונט ביז דינסטאָג 11 אזייגער פרי, ווען די זיצונג האָט זיך געשלאָסען. אין מיטען דער נאַכט בין איך געזעסען אין דעם גרויסען אָבער זעהר קאַלטען זאַל און פון ביידע זייטען לעבען מיר זענען געזעסען צוויי דעלעגאַטען ביידע פון באָסטאָן און ביידע אַדוואָקאַטען. אליהו דוד סטאָן, און בענדזשאַמין ראַבאַיפּסקי. אַרום 12 אין מיטען דער נאַכט זענען צו אונז צוגעקומען דזשאָ סטאָן און יוסף גרינליעף, אַזוי ווי עס איז געווען פאַר'ן אָפּגעבען די שטימען, האָט דזשאָ סטאָן זיך געווענדט צו אליהו סטאָן, און איב געוואָלט באַוועגען דאָס ער זאָל שטימען פאַר וויצמאַנ'ס צד. [illegible]ען האָט גרינליעף

[...]

הויבען און פאַרלאָזט דעם זאַל. ערשט דעמאָלט האָט אויך ראָבערט סזאָלד פאַרלאָזט דעם זאַל, דאָס איז געמיינט געוואָרען אַלס „פּאַריטי", אָבער דר. ווייז האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזען ביז ער האָט אָפּגעגעבען זיין שטימע פאַר וויצמאַנ'ס גרופּע, און אַרום 3 פאַרטאָג האָט ער זיך צוריקגעקערט אין האָטעל.

עס איז אויך אינטערעסאַנט, אַז די אַרבעטער פּאַרטיי אין מדינת ישראל, „אחדות עבודה", האָט יענע נאַכט געשטימט פאַר סילווער'ס גרופּע.

מיט דרך ארץ,

**דזשוליוס האַבער,**
ניו יאָרק.

## וועגן 7טן ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס

הישוב'ער רעדאַקטאָר!

אין די נייעס אין „טאָג־מאָרגען זשורנאַל", אַז פּראָפּ. חיים פיינ־מאַן, איינער פון די גרינדערס פון די פּועלי ציון, איז פּלוצים גע־שטאָרבען; איז געווען אָנגעגעבען, אַז פּראָפּ. פיינמאַן איז אין 1904 געווען אַ דעלעגאַט ביים 7טען ציו־ניסטישן וועלט־קאָנגרעס. איך וועט מיר דערלויבען צו קאָרעגירען, אַז דער 7טער וועלט־קאָנגרעס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין חודש אויגוסט, 1905 און ניט אין 1904.

דער 7טער קאָנגרעס איז געווען דער היסטאָרישער קאָנגרעס, וואָס האָט אַנטשיידט וועגן אוגאַנדאַ. דער אַקציאָנס־קאָמיטעט האָט אי־בערגעגעבען צום קאָנגרעס די אַנט־שיידונג וועגן דער אָנגעווייטיק־טער פראַגע אוגאַנדאַ, האָט דער קאָנגרעס מיט אַ זעהר גרויסער מערהייט גוטגעהייסען די אַנטשיי־דונג פון אַקציאָנס קאָמיטעט. אַזוי ווי איינער פון די דעלעגאַטען, ישראל זאַנגוויל, און אויך אַנדע־רע זיינען מיט דער אַנטשיידונג נישט געווען צופרידען, האָט זאַנג־וויל געוואָלט אַריינטראָגען אַ נייע רעזאָלוציע וועגן דער זעלבער אוגאַנדאַ פראַגע. דער דאַמאָלסדי־גער פרעזידענט פון קאָנגרעס, דר. מאַקס נאָרדוי, האָט געפונען, אַז די רעזאָלוציע איז נישט געווען אין פּלאַץ, האָט ער געבעטען מר. זאַנג־ווילן, אַז ער זאָל זיך אָפּזעצן. אויף דעם האָט זאַנגוויל אַ ברוגז'ער באַלייטיגט דעם פאָרזיצער אין פאַראַאַט קעגן די אינטערעסען פון אידישען פאָלק. אים צו הילף איז געקומען דר. נחמן סירקין, איינער פון די גרינדער פון דער פּועלי־ציון באַוועגונג.

דר. סירקין האָט אַפּעלירט צו די דעמאָקראַטישע עלעמענטן ביים קאָנגרעס, אַז נאָכדעם ווי זיי האָבן



דר. נחמן סירקין

ערשט בייגעוואוינט ביי דער זי־צונג, וואָס קען ברענגען פיל שאָדן דעם אידישען פאָלק, זאָלען זיי זיך מער ניט באַטייליגן אין קאָנגרעס. און דר. סירקין מיט 28 דעלעגאַטען סאָציאַליסטען ציוניסטען, האָבען פאַרלאָזן דעם זאַל. אין די מינסטע האָבען זיך דאַמאָלס אָנגעשלאָסען אין דער נייגעגרינדעטער „אידי־שער טעריטאָריאַליסטישער" באַ־וועגונג, וועמעס פּרעזידענט איז געווען ישראל זאַנגוויל. אָבער די מיינסטע דעלעגאַטען פון די פּועלי ציון מיט דר. סירקין, זיינען לאַנג ניט געווען אַוועק פון דער ציוניס־טישער באַוועגונג. ווען אין ווינ־טער פון 1909 איז פאָרגעקומען אין האַמבורג, דייטשלאַנד, דער 9טער ציוניסטישער וועלט־קאָנ־גרעס, האָב איך זיי שוין געזען אַלס דעלעגאַטען ביים קאָנגרעס האָבען שוין ווידער גענומען אַ טיכטיגען אַנטייל.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האָבער, ניו יאָרק.

פֿאָרווערטס, מאַי 1959

# מענשען און פּאַסירונגען

פון
## בען לאַרשי

### געשיכטע

גענוי מיט 10 יאָר צוריק, מיט־זאָך, דעם 11טען מאַי, 1949, האָט די אַסעמבלי פון די פאַראייניגטע פעלקער אין פלאַשינג מעדאָוס אויפגענומען פאַר אַן אָפּשטימונג אַ רעקאָמענדאַציע פון יו־ען זיכער־הייט־ראַט אַריינצונעמען ישראל אַלס מיטגליד.

אינדרויסען, פאַר דער געביידע וואו די אַסעמבלי האָט אָפּגעהאַלטען די זיצונג, האָבען 58 פאָנען, פון 58 לענדער, געפלאַטערט אַרום דער בלויער פאָהן פון דער יו־ען. אַ 59טע שטאַנג האָט זיך דערהויבען אַ פאַר׳יתומ׳טע, ניט באַפּוצטע. דאָס איז געווען דער צוגרייטונגס־פּלאַץ פאַר דער פאָהן פון דעם 59טען לאַנד, וואָס וועט אַריינגענומען ווערען אין דער פעלקער־משפחה.

אין הערל־באַלויכטענעם אַסעמבלי האַל איז צוגעגאַנגען די אָפּשטימונג. מ׳האָט אָנגעהויבען אויסרופען די לענדער לויט׳ן אַלף־בית. אַפגאַניסטאַן! „ניין!“ האָט זיך דערהערט די שטימע פון דעלעגאַט. דער ערשטער נעגאַטיווער „וואָוט“.

איינער נאָכ׳ן צווייטען האָבען אויפגעשאַ׳ט די „יעס“ און „נאָ“ ענטפערס. אויסער די זעקס אַראַבישע לענדער, האָבען געשטימט געגען ישראל אינדיע, פאַקיסטאַן, בורמאַ און עטיאָפּיע. אַפגאַניסטאַן, אינדיע און פאַקיסטאַן האָבען געשטימט געגען ישראל אויך דעם 29טען נאָוועמבער, 1947. בורמאַ איז אין 1947 נאָך ניט געווען קיין מיטגליד אין דער יו־ען און האָט איצט געשטימט מיט אַזיע. עטיאָפּיע האָט געהאַט אייגענע אויסרעכענונגען צוליב דער אַראַבישער באַפעלקערונג אין עריטרעא.

אָפּגעהאַלטען זיך פון שטימען האָבען בעלגיע, בראַזיל און על־סאַלוואַדאָר (קאַטוילישע לענדער מיט ספעציפישע אינטערעסען אין ירושלים), שוועדען און דענמאַרק (אַלס פּראָטעסט צוליב דעם מאָרד פון גראַף בערנאַדאָט), גריכענלאַנד (ווייל אין עגיפּטען לעבען אַ סך גריכען), טערקיי (צוליב מאַכמעדאַנישער סאָלידאַריטעט), טאַילאַנד (וועלכע האָט ניט געוואָלט אָפּשטעהן פון אַזיע), און ענגלאַנד, וועלכע האָט נאָך אַלץ „געטראָגען אַ האַרץ“ אויף דעם גאַנצען „ענין פּאַלעסטינע“.

אָבער ישראל האָט באַקומען מער ווי די צוויי־דריטעל שטימען וואָס זיינען געווען נויטיג, און ווען משה שרת איז אַרויף אויף דער פּלאַט־פאָרמע אָנצונעמען די מיטגלידער־שאַפט און אויסצודריקען ישראל׳ס דאַנקבאַרקייט צו דער פעלקער־משפחה — האָבען ביי פילע מענשען זיך געשטעלט טרערען אין די אויגען. עס איז געווען אַ היסטאָרישער מאָמענט אינ׳ם לעבען פון אידישען פאָלק. ישראל איז אָפיציעל געוואָרען אַ פאָלק צווישען פעלקער.

---

### לעגענדע

וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן יענעם טאָג אין די קולואַרען און אין דרויסען ביי דער אַסעמבלי געביידע איז שווער צו שילדערען. פילע פון אונז, וואָס זיינען דאָרט געווען אַנוועזענד, וועלען עס אייביג געדענקען צוגלייך מיט דעם ווילדען ענטוזיאַזם פון דעם שבת־צו־נאַכט, נאָוועמבער 29, פון יאָר 1947.

צווישען עולם, וואָס האָט געיובל׳ט יענעם מיטוואָך, ווען ישראל איז אַריינגענומען געוואָרען אין דער יו־ען, האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען אַ הויכע פרוי מיט גרויע נעט־צוגעקעמטע האָר, און אַ פּאָר גרויסע שוואַרצע אויגען. זי איז געשטאַנען צווישען טאַנצענדיגען, רוישיגען עולם, טרערען האָבען זיך געקייקעלט איבער אירע באַקען; איר אויסזעהן האָט פאַרמאָגט אין זיך עפּעס מאַיעסטעטישעס, וואָס האָט צוגעצויגען צו איר די אויפ־מערקזאַמקייט פון די אַרומיגע.

זי איז ניט געווען קיין יונגע — אַ פרוי אין די זיבעציגער — און זי האָט זיך געהאַלטען גלייך ווי אַ סטרונע און זיך באַוועגט מיט גראַציעזער לייכטקייט ווי אַ יונגע מיידעל. זי האָט געטראָגען אַ גרוי קלייד און געהאַלטען אויף דער האַנט אַ זשאַקעטל. קיינער האָט זי פריער קיינמאָל ניט געזעהן אין פלאַשינג מעדאָוס, ווי אויך ניט אין לייק סוקסעס, וואו עס האָבען זיך געפונען אין יענער צייט

**די אפיסעס און די קליינע זיצונג־זאלען פון דער יו״ען.**

איך בין ניט געווען דער איינציגער אויף וועמען די פרוי האָט געמאַכט אַן אומפאַרגעסליכען איינדרוק. דזשוליוס האַבער, וועלכער האָט נאָך פאַרפעלט קיין איין זיצונג ווען די יו״ען האָט פאַרהאַנדעלט די פּאַלעסטינער, שפּעטער די ישראל פראַגע — אויך ער האָט זי געזעהן יענעם מיטוואָך. מיין קאָלעגע לעאָן קרישטאַל האָט זי באַמערקט; היענע יאַפּע פון „טאָג" האָט זיך שפּעטער נאָכגעפרעגט ביי מענשען ווער די פרוי איז געווען; מיין פריינט וועלוועל גינגאָלד, אַ קעפּמאַכער ביים פאַד און אַ גוטער פידלער מיט אַ גרויס אידיש־האַרץ, וועלכער איז יענעם טאָג ספּעציעל געקומען פון די בראָנקס קיין פלאַשינג מעדאָוס, האָט מיר עטליכע מאָל אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער פרוי, באַמערקענדיג איר „קעניגליכע האַלטונג".

אין טומעל, אין דער קאָכעניש, אין דער אַלגעמיינער באַגייסטערונג איז קיינעם ניט געלעגען אין זינען זיך צו אינטערעסירען מיט עפּעס אַ פרוי, כאָטש זי האָט געצויגען אַ מענ׳ס אויפמערקזאַמקייט צו זיך. און איך וואָלט אפשר אינגאַנצען פאַרגעסען די פרוי, ווען איך וואָלט זי ניט באַמערקט אויך צווישען עולם, וואָס האָט זיך פאַרזאַמעלט ביי די פאָהנען ווען משה שרת האָט אַרויפגעצויגען צום ערשטען מאָל די ישראל פאָהן אויף דער לעדיגער 59טער שטאַנג.

איך האָב אָפּגעמאַכט ביי זיך צוצוגעהן צו איר נאָך דער צערעמאָניע און רעדען מיט איר. זי האָט געהאַט אין זיך אַ פאַרבאָרגענעם צויבער און אַ צוציהונגסקראַפט, וואָס האָט גערייצט מיין נייגעריגקייט. ווער איז זי? ווי קומט זי דאָ שוין דעם צווייטען טאָג? נאָך אַלעמען איז זי אַן עלטערע פרוי און די פאַרבינדונג פון דער שטאָט מיט פלאַשינג מעדאָוס איז ניט קיין לייכטע.

אָבער נאָך דער צערעמאָניע איז זי פאַרשוואונדען געוואָרען. איידער דער פאַרזאַמעלטער עולם פון צייטונגסלייט און צושויער האָט באַוויזען צו באַגריסען די ישראל דעלעגאַטען ביי דער פאָהן איז זי „אויסגעטריקענט" געוואָרען. מיין פריינט דזשוליוס האַבער האָט זיך געשוואוירען, אַז אָט נאָר־וואָס איז זי געשטאַנען לעבען אים, און וועלוועל גינגאָלד האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער פיהלט נאָך דעם איידעלען גערוך פון פאַרפיום וואָס זי האָט געלאָזט נאָך זיך.

„זי דערמאָנט מיר אין קאַפּריציאָ עספּאַניאָל", האָט ער געמורמעלט. „איך ווייס ניט פאַרוואָס... זי איז אַ שטימונגספולע מעלאָדיע, גראַציעז, לייכט, באַצויבערנד..."

וועלוועל און איך האָבען זי אַרומגעזוכט איבער דער גאַנצער געביידע פון דעם יו״ען אַסעמבלי האָל, אָבער מיר האָבען זי ניט געפונען. און דאַן האָט וועלוועל אַ זאָג געטאָן פלוצים עפּעס, וואָס האָט מיך איבערראַשט, אָבער גלייכצייטיג איז עס געווען נאַטירליך, ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדליכע זאַך.

„ווילסט וויסען ווער די פרוי איז? זי איז רחל! מוטער רחל! געקומען און פאַרשוואונדען ווי אַ מעלאָדיע..."

מוטער רחל! אַ פאַנטאַסטישער געדאַנק, און דאָך האָב איך ניט געלאַכט פון וועלוועל׳ען. אויך דזשוליוס האַבער און היענע יאַפּע און אַ צאָל אַנדערע האָבען ניט אַרויסגעוויזען קיין איבערראַשונג, ווען איך האָב זיי איבערגעגעבען וועלוועל׳ס מיינונג.

די מוטער רחל! געקומען צו זיין אַנוועזענד ביי ישראל׳ס אַריינקום אין דער פעלקער־משפחה פון דער וועלט! געקומען בייצוזיין ביים אַרויפציען די פאָהן פון ישראל אויף דעם לעדיגען שטאַנג, וואָס האָט געוואַרט אַ פאַר׳יתום׳טער קנאַפּע צוויי טויזענט יאָר אויף דעם מאָמענט...

און אַזוי איז ביי אונז אַ הייפעלע מענשען, געשאַפען געוואָרען אַ נייע לעגענדע און אַ היסטאָרישען מאָמענט אין פלאַשינג מעדאָוס — אַ לעגענדע ווי די מוטער רחל איז ערשינען צווישען אונז, און מיר האָבען געזעהן אירע טרערן פון פרייד נאָך אַזוי פיל יאָרען פון קלאָגען...

## ווירקליכקייט

לעצטען יאָר חול המועד סוכות האָט איינער אַ פריינט מיך געבעטען, איך זאָל אים צופירען אין אַ שפּיטאָל פאַר כראָניש קראַנקע, וואו עס געפינט זיך זיין פאָטער.

איך האָב זי מאָמענטאַל דערקענט, די מוטער רחל, כאָטש זי איז געווען שטאַרק פאַרענדערט. די קנאַפּע צען יאָר, וואָס איך האָב זי ניט געזעהן, האָבען זי חרוב געמאַכט.

זי איז געזעסען אויף אַ שטול מיט רעדלעך אויף דער טעראַסע פון שפּיטאָל צוגעבונדען צום ווענטעל פון דער שטול, זי זאָל ניט אַראָפּפאַלן. אירע אויגען האָבען געקוקט מיט אַ שטאַרקען בליק ניט זעענדיג די ליכטיגע וועלט. זי איז געווען בלינד און איינגעדאַרט, דאָס פּנים צוקנייטשט, די האָר שניי־ווייס. אירע הענט זיינען געווען איינגעדעקט מיט אַ קאָלדרע.

אָבער איך האָב זי מאָמענטאַל דערקענט אין איר גלייכער האַלטונג פון אויבערשטען טייל קערפּער. זי איז געזעסען, וואָס אמת, אַ צוגעבונדענע, אָבער אַנגעצויגען ווי אַ סטרונע, און די פיין־געשניצטע שטריכען פון איר פּנים האָבען פאַרמאָגט אין זיך די אַמאָליגע שעהנקייט. אַ פאַרוועלקטע בלום, אָבער אַלץ אַ בלום.

מיין פריינט איז אַריין צו זיין פאָטער אין צימער און איך בין געבליבען אויף דער טעראַסע, וואו אַ צוויי צענדליג קראַנקע אַלטע מענשען האָבען זיך געוואַרימט אין דער זון. נאָר געצעהלטע פון זיי זיינען געזעסען אויף שטולען אָהן רעדלעך.

איך האָב געוואָלט רעדען צו דער פרוי, אָבער אַ נוירס האָט מיר עס ניט געראַטען צו טאָן. „זי קען ניט רעדען זינט זי האָט געהאַט דעם צווייטען סטראָוק" — האָט זי מיר דערצעהלט. „זי איז האַלב פאַראַליזירט, בלינד און כמעט גענצליך טויב".

פון דער נוירס האָב איך זיך דערוואוסט איינצעלהייטען וועגען דער פרוי. זי האָט צוויי זיהן און דריי טעכטער. די קינדער קומען יעדען צווייטען טאָג עמיצער אַנדערש. די פרוי געפינט זיך שוין אין שפּיטאָל באַלד צוויי יאָר. זי איז 79 יאָר אַלט און נאָך איידער זי איז פאַראַליזירט געוואָרען האָט זי שוין גענומען פאַרלירען איר קלאָרען פאַרשטאַנד און איז געוואָרען „סיניאַיל", אַדער בעסער געזאָגט, עובר בטל.

איר מאַן איז געווען אַ דאָקטאָר און ער איז שוין טויט באַלד צוואַנציג יאָר. זיי זיינען געקומען קיין אַמעריקע פון רוסלאַנד און אין איר יוגענט איז זי געווען אַ באַלעט־טענצערין. זי האָט אויך דאָ אין ניו יאָרק געלערענט טאַנצען. זי האָט אויך זעהר שעהן געמאָלען און פלעגט שרייבען לידער אין דער רוסישער שפּראַך. צו איר 75טען געבורטסטאָג האָבען אירע קינדער איר געבראַכט אַ געשאַנק: אַ ביכעלע פון אירע געקליבענע לידער וואָס זיי האָבען געלאָזט אָפּדרוקען אין 100 קאָפּיעס און עס פאַרטיילט צווישען פריינט.

איידער מיין פריינט און איך האָבען פאַרלאָזט דעם שפּיטאָל איז אַנגעקומען איינע פון אירע טעכטער און איך האָב זיך באַקאַנט מיט איר און איר דערצעהלט די לעגענדע וועגען דער מוטער רחל. ביי דער טאָכטער האָבען זיך באַוויזען טרערען אין די אויגען.

„אַ שאָד, אַ שאָד וואָס איר האָט ניט געקענט מיין מוטער אַמאָל", האָט זי געזאָגט. זי האָט מיך איינגעלאַדען, איך זאָל איר באַזוכען און זי וועט מיר ווייזען דאָס ביכעלע מיט דער מוטער'ס לידער.

„איין ליד וועט אייך ספּעציעל אינטערעסירען", האָט זי געזאָגט.

און זי האָט געהאַט רעכט. עס איז געווען דאָס לעצטע ליד אין ביכעלע: „פ ל אַ ג א י ז ר אַ ע ל אַ" (ישראל'ס פאָהן, דאַטירט: מאַי, 1949. און פאַר מיר איז ערשינען יענער זוניגער טאָג אין מאַי מיט דער מאַיעסטעטישער געשטאַלט פון דער געהיימניספולער פרוי, ווען איך האָב געלייענט:

„פלאַטער הויך, פלאַטער שטאָלץ
„פאָהן פון ישראל!
„צום ערשטען מאָל,
„נאָך יאָרען פול מיט פיין,
„דערהויבסטו זיך אַ פרייע
„צום בלויען הויך פון
בגמזול"

# נ. י. יוניווערסיטי, דראָפּסי קאָל. רעקאָמענדירן דזשוליוס האַבער׳ס בוך „50 יאָר אַמעריקאַנער ציוניזם״

ניו יאָרק יוניווערסיטי און דראָפּסי קאָלעדזש האָבן געגעבן וואַרימע רעקאָמענדאַציעס פאַר דעם בוך „50 יאָר אַמעריקאַנער ציוניזם״ פון דעם ציוניסטישן וועטעראַן אין אַמעריקע דזשוליוס (יואל) האַבער. דאָס בוך איז לעצטנס פאַרעפנטלעכט געוואָרן און האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אינטערעס אין די ברייטסטע אַמעריקאַנער ציוניסטישע קרייזן.

די רעקאָמענדאַציעס פון די פּראָמינענטע בילדונגס־אינסטיטוציעס זיינען צוגעשיקט געוואָרן אין בריוו צום אויטאָר דזשוליוס האַבער, וואו עס ווערט אויסגעדריקט די פולסטע אָנערקענונג פאַר זיין בוך.

פאַר ניו יאָרק יוניווערסיטי האָט דעם בריוו געשריבן ד״ר. אברהם י. קאַטש, אָנפירער פון דעפּאַרטמענט פאַר אידישע וויסנשאַפטן. ד״ר. קאַטש שרייבט, אַז ער רעקאָמענדירט דזשוליוס האַבער׳ס בוך פאַר די סטודענטן פון זיין קלאַס וועגן דער געשיכטע פון נייעם ישראל.

פּראָפ. אברהם א. נוימאַן, פּרעזידענט פון דראָפּסי קאָלעדזש אין פילאַדעלפיע, האָט אָנגעשריבן צו דזשוליוס האַבער׳ן אַ לענגערן בריוו, אין וועלכן דער פּראָמינענטער אידישער געלערנטער פירט אויס:

„אייער בוך האָט דערוועקט אין מיר אַזוי פיל זכרונות פון די פאַרגאַנגענע טעג. איך בין באַוואונדערט פון אייערע אויסגעצייכנטע שילדערונגען און פון אייער אומגעוויינליכן זכרון. ווען אַפילו איך וואָלט זאָרגפעלטיג געפירט אַ טאָגבוך, וואָלט געווען שווער צונויפצוזאַמלען אַזוי פיל מאַטעריאַל וועגן די געשעענישן און זיי איבערגעבן מיט אַזאַ פעאיגקייט. די פּאַנאָראַמע, וואָס איר שילדערט פון אָנהויב אָן פון אַמעריקאַנער ציוניזם ביז אונזערע איצטיגע טעג, האָט אויף מיר געמאַכט דעם טיפסטן איינדרוק.״

דזשוליוס האַבער׳ס בוך איז וואַרים אויפגענומען געוואָרן דורך אַ גאַנצער ריי קריטיקער אין דער אידישער און ענגליש־אידישער פּרעסע אין אַמעריקע.

## דר. הערצל און דר. ניסן קאַצענעלסאָן

השובֿ'ער רעדאַקטאָר:

אין אַן אַרטיקל אין „טאָג־מאָרגען זשורנאַל" פון אליהו טראַצקי „דער צאַר האָט געהייסן אַן אָפּציערען ברייצי הערצל'ען", שרייבט ער אויך, אַז אין די אידישע בירגערליך־ראַדיקאַלע קרייזן האָט מען דעמאָלט געהאַלטן הערצל'ס הויפּט עצה־געבער דר. ניסן קאַצענעלסאָן אַלס פאַראַנטוואָרטליך אין דעם פאַלשן טעות צו קומען קיין פעטערבורג און איבערהויפּט זיך טרעפן מיט'ן צורר היהודים פלעווע. עס ווערט אויך אָנגעגעבן, אַז ניסן קאַצענעלסאָן, האָט גענאָסן קנאַפּע פּאָפּולאַריטעט מחוץ דער ציוניסטישער וועלט.

איך קען נישט באַגרייפן, אַז אַ פּערזאָן ווי קאַצענעלסאָן, וואָס האָט גהאַט קנאַפּע פּאָפּולאַריטעט, אין יאָר 1903, איז שוין מיט ווייניגער ווי צוויי יאָר שפּעטער געווען אַ קאַנדידאַט צו דער ערשטער דומאַ, וואָס די וואַלן זיינען דאַן פאַרגעקומען אַלגעמיין און געהיים און ער איז דערוויילט געוואָרן. און ער איז אויך געווען איינער פון די, וואָס האָבן אונטערגעשריבן דעם וויבאָרגער מאַניפעסט, וואָס פאַר דעם איז ער אָפּגעזעסן אין אַרעסט 6 חדשים.

איך דערמאָן זיך אין חודש יוני, 1904, האָב איך זיך געטראָפן מיט דר. קאַצענעלסאָן אויף דער שיף „אימפּעראַטאָר" אויף מיין וועג קיין אייראָפּע. דר. קאַצענעלסאָן האָט זיך צוריקגעקערט קיין רוסלאַנד נאָך אַ קורצן באַזוך אין ניו יאָרק אין די אינטערעסן פון דער אידישער (ציוניסטישער) באַנק פון לאָנדאָן.

דעמאָלט געווען אַ קראַנקער מענטש, זיינע דאָקטוירים האָבן אים געוואָרנט, אַז אַזאַ לאַנגע און שווערע רייזע קיין רוסלאַנד וועט אים טאָן פיל שאַדן אין זיין געזונט. אַזוי ווי דאָס איז געווען ערשט 4 חדשים נאָכ'ן קישינעווער פּאָגראָם, האָט הערצל געמיינט, אַז ווען ער וועט זיך דורכרעדן מיט די רוסישע מיניסטאָרן, וועט דאָס אייווייטער איבערהיטן פון מערערע פּאָגראָמען. אויך דעמאָלט איז עס געווען אין דער צייט פאַר'ן 6טען ציון־קאָנגרעס, וואו די אוגאַנדאַ־פראַגע האָט געזאָלט אַנטשיידן ווערן. דעמאָלט האָט די רוסישע רעגירונג נישט דערלויבט דער ציוניסטישער באַוועגונג צו זאַמלען פאַר אַקציעס פאַר דער אידישער קאָלאָניאַל באַנק. ווען עס זענען געווען מער ווי 6 מיליאָן אידן אונטער רוסישער הערשאַפט, און צווישן זיי זענען געווען פאַרמעגליכע אידן, וואָס האָבן געקאָנט איינקויפן כמעט אַלע אַקציעס פון דער באַנק, האָט דר. הערצל געמיינט, אַז ווען ער וועט פערזענליך אַפּעלירען צו די צאַרישע מיניסטאָרן, וועט ער ביי זיי פּועל'ן, אַז מען זאָל די ציוניסטן נישט שטערן אין זייער אַרבעט.

דר. הערצל'ס רייזע קיין רוסלאַנד און דער 6טער ציון־קאָנגרעס, וואו די אוגאַנדאַ־פראַגע איז פאַרגעקומען, מיט גרויסע, לאַנגע דעבאַטען, האָבן פאַרקירצט זיין לעבען, און זונטאָג, דעם 3טען יולי, 1904, צען חדשים נאָך זיין באַזוך אין רוסלאַנד, האָט דער גרויסער איד הערצל אויסגעהויכט זיין הייליגע נשמה.

**דזשוליוס האָבער.**

טאג־מארגען זשורנאל, מאי 11טען, 1950

## אַמעריקע און ארץ ישראל

חשוב'ער רעדאַקטאָר!

אייערער חשוב'ער מיטאַרבעטער, ש. איזבאַן, אין זיין אַרטיקעל „שוין 100 יאָר ווי אידען לעבען אין ניו־זעלאַנד”, דערמאָנט ער אויך דעם נאָמען אהרן וועכט, אַ געשעפטסמאַן אין ניו־זעלאַנד.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז אהרן וועכט איז געווען באַקאַנט אַלס אַ פּראָמינענטער ציוניסט, וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון'ם ציוניסטישען אַקציאָנס קאָמיטעט, ער האָט דעמאָלט פאַרטרעטען אַרגענטינע. אין די יאָרען 1905-6, איז דער דעמאָלטדיגער סעקרעטערי אָוו סטעיט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, ע. רוט, געווען אויף אַ באַזוך אין אַרגענטינע, איז ער דאָרטען באַגריסט געוואָרען פון אַ ציוניסטישער דעלעגאַציע, פון וועלכער אהרן וועכט איז געווען דער אָנפירער. די קאָמיטע האָט געדאַנקט דעם סעקרעטערי אָוו סטעיט פאַר אַלעם וואָס אַמעריקע האָט געטאָן פאַר די אידען פון רוסלאַנד בשעת די גרויסע פּאָגראָמען. דעם סעקרעטערי'ס ענטפער איז געווען: „דאָס אַמעריקאַנער פאָלק, וועט מיט'ן גרעסטען פאַרגעניגען צו יערער צייט העלפען די אידען, ווי עס זאָל נישט זיין, אָבער איך האָב דאָס געפיל, אַז אַן אייביגע הילף וועט קומען פאַר'ן אידישען פאָלק, ווען זיי וועלען האָבען זייער אַלט היימלאַנד אין ארץ־ישראל”. ווען דאָס איז דערשינען אין דער פּרעסע, האָט דאָס דערמאָנט וואָס מיט עטליכע יאָר פריער האָט אַן אַנדערער סעקרעטערי אָוו סטעיט דזשאָן העי דערקלערט אין דער עפענטליכקייט, אַז „ווען מען גלויבט אין די הויפּט פּונקטען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג מיינט ניט, אַז מ'איז ניט לאָיאַל צו דער מוטער־לאַנד”...

די דערקלערונגען פון די דעמאָלט באַוואוסטע אַמעריקאַנער שטאַטסמענער, איז פאַרעפענטליכט געוואָרען נאָך מיט 50 יאָר צוריק איידער די אַנטי־ציון „די אַמעריקען קאַונסיל אָוו דזשודאאיזם” איז געגרינדעט געוואָרע,

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האבעו

ניו יאָרק

**דר. הערצל׳ס נבואה צו דר. וויז**

השוב׳ער רעדאַקטאָר!

דער אַרטיקל פון אייער השוב׳ן מיטאַרבעטער דר. שלמה ביקל וועגן ראַבאַי סטיפען ס. וויז, צו זיין צענטען יאָרצייט איז באמת געווען אַ פיינע אָפּשאַצונג פון דעם גרויסן אידישן פירער אין אַמעריקע.

איך וועט מיר דערלויבן צוצוגעבן, אַז ווען דר. וויז האָט זיך צוריקגעקערט פון ווין וואו ער האָט זיך באַטייליגט אין אַפּריל, 1904, אַלס מיטגליד פון ציוניסטישן אַקציאָנס קאָמיטעט, האָט ער אונז איבערגעגעבן, אַז אונזער אומשטערבליכער פירער דר. טעאָדאָר הערצל, וואָס האָט נאָך דאַמאָלס אָנגעפירט מיט דער זיצונג פון׳ם קאָמיטעט, האָט שוין אויסגעזען צו זיין קראַנק. דאָס פּנים איז געווען אויסגעצערט און זעהר בלאַס. ביים געזעגענען, האָט הערצל געזאָגט: „דר. וויז, דו ביזט נאָך יונג, דו וועסט נאָך דערלעבן אַ אידענשטאַט אין ארץ ישראל״. הערצל׳ס נבואה צו דר. וויז איז מקוים געוואָרן עטליכע חדשים פאַר זיין טויט. דר. וויז האָט נאָך דערלעבט צו זיין מיט אונז ביי דער דעקלאַראַציע פון אַ אידענשטאַט.

דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב זיך געטראָפן מיט דר. וויז, איז געווען זונטאָג, דעם 27טען פעברואַר, 1949, אין דער געביידע פון קאָנסולאַט פון מדינת ישראל. עס איז געווען אַ חנוכת הבית, און איך בין צוזאַמען מיט דר. וויז אַרויפגעפאָרן אויפ׳ן קליינעם עלעוואַטאָר פון דער געביידע. ביים אָפּגעבן דר. וויז׳ן אַ האַרציגען מזל־טוב, האָב איך גלייכצייטיג איהם געפרעגט ווען ער וועט באַזוכן מדינת ישראל. זיין ענטפער איז געווען, אַז ער האָט ערשט באַקומען אַן איינלאַדונג פון פרעמיער מיניסטער דוד בן־גוריון, און מיט גאָט׳ס הילף וועט ער דאָרט זיין אין חודש מאַי צו דער פייערונג פון ערשטן געבורטסטאָג פון דער אידישער מדינה. ער האָט אַרויסגעצויגן אַ קליינעם מאַנוסקריפּט. „אָט־דאָ האָב איך באַשריבן״ — האָט ער געזאָגט — „אונזער טייערן דוד בן־גוריון, און איך האָב דאָס איהם איבערצוגעבן פּערזענליך״.

ליידער האָט ער שוין דעם חודש מאַי נישט דערלעבט. אין ווייניגער פון צוויי חדשים, זינט איך האָב איהם געטראָפן אין דער געביידע, בין איך געזעסן אין קאַרנעגי האָל צוזאַמען מיט ראַבאַי הר. ישראל לעווענטאַל, איהם צו לאַנגע יאָרען, דער גייסטיגער פירער פון׳ם ברוקלין אידישן צענטער, בייצואוואוינען די לעצטע צערעמאָניע ביי דער לויה פון דר. וויז. איך האָב דאַמאָלס דערמאָנט, אַז דר. וויז האָט געוואָלט אַליין איבערגעבן די באַשרייבונג צו דוד בן־גוריון. ביי דער ערשטער געלעגענהייט האָב איך באַקומען אַ קאָפּיע פון׳ם אַרטיקל און עס איבערגעשיקט צום פרעמיער מיניסטער. אין עטליכע וואָכען אַרום האָב איך באַקומען אַ דאַנק בריוו פון הר׳ בן־גוריון׳ען פאַר מיין מי אויסצופירן די ביטע פון דר. סטיפען שמואל וויז.

מיט דרך־ארץ,

**דזשוליוס האַבער,**

**ניו יאָרק.**

## וועגן אַמעריקאַנער ציון־פירער אדם ראָזענבערג

השוב'ער רעדאַקטאָר!

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַרטיקעל פון אייער חשוב'ען מיטרעדאַקטאָר אהרן אַלפּערין, וועגן דעם ציוני אדם ראָזענבערג, וועט איר מיר דערלויבן צוצוגעבן, אַז ווען אדם ראָזענבערג האָט זיך צוריקגעקערט פונ'ם ערשטען ציון וועלט־קאָנגרעס ענדע 1897, האָט ער פּאַראינטערעסירט דר. ריטשאַרד גאָטהייל, ראַבּיי סטיווען וויז און רעווערענד פּערערא מענדעס אין זיין פּלאַן צו גרינדען דאָ אַ געזעלשאַפט פון געשעפטסלייט צו אימפּאָרטירן פון באַראָן ראָטשילד'ס וויין־קעלערען אין ארץ ישראל די וויינען און קאָניאַק צו פאַרקויפען אין די פאַראייניגטע שטאַטען.

די ערשטע פאַרזאַמלונג איז גערופען געוואָרען אין יאַנואַר 1898, און אויף דער פאַרזאַמלונג האָט זיך געגרינדעט אַ קאָמיטע פון געשעפטסלייט. אדם ראָזענבערג האָט איבערגעגעבן, אַז דער באַראָן איז גרייט צו געבען דער געזעלשאַפט קרעדיט ביז 3 יאָר, אָבער ער נעמט אויס, אַז די געשעפטסלייט מוזען אינוועסטירען אייגענע געלטער. דאָס זאָל ווייזען, אַז זיי נעמען די זאַך ערנסט און וועלען זיך אַריינוואַרפען אין דער אַרבעט צו עטאַבלירען דאָ אין אַמעריקע אַ מאַרק פאַר ארץ ישראל וויין. צום באַדויערן, איז פון דעם גאַנצען פּלאַן גאָרנישט געוואָרען. ערשט אין עטליכע יאָר שפּעטער איז געקומען פון ארץ ישראל דער דעמאָלט באַוואוסטער לעווין־עפּשטיין און ער האָט אויפגעעפענט עטליכע געשעפטן אין ניו יאָרק און אין ברוקלין, וואו פאַר דער צייט ביז'ן 1טן וועלט־קריג האָט מען פאַרקויפט דעם גוטען כרמל וויין.

דורכ'ן קריג האָט מען ניט געקענט מער אימפּאָרטירען קיין וויין פון ארץ ישראל, ווייל טערקיי, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט די אויפזיכט איבער פּאַלעסטינע, וואָס איז געווען אַ טייל פון דער טערקישער אימפּעריע, און איז דעמאָלט געווען צוזאַמען מיט דייטשלאַנד אין דער צענטראַל־מאַכט, געגען די אַליאירטע, ד. ה., קעגען אַמעריקע. נאָך דער מלחמה איז איינגעפירט געוואָרען פּראָהיבישאָן קעגען וויין און ליקער, און דאָס כרמל וויין געשעפט איז אויפגעגעבן געוואָרען. אָבער היינט באַקומט מען כרמל וויין אין כמעט אַלע וויין און ליקער געשעפטען איבער'ן לאַנד.

אדם ראָזענבערג האָט פּראַקטיצירט אַלס לאָיער אין ניו יאָרק, וואו איך האָב זיך מיט אים געטראָפען אייניגע מאָל. ער איז שוין אָבער געווען אַן אַנטוישטער אין דער מאָדערנער ציון באַוועגונג. עס איז אַ שאָד, וואָס ער האָט נישט דערלעבט די פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל. ער ווי אויך אַנדערע ציוניסטישע וועטעראַנען, ווען זיי זאָלען געווען לעבען ביז איצט, וואָלטען זיי ערשט געזען, אַז די וועגן וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרען פון די מענשען אין אונזער צייט זיינען נישט געווען קיין שלעכטע. עס איז דאָ אַ אידישע מדינה, וואָס ווערט געפירט ניט ערגער ווי די אַנדערע נייע מדינות, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין אונזערע טעג.

מיט דרך־ארץ,

דזשוליוס האבער.

## באַמערקונגען וועגן „דזשע־האָוואַ'ס עדות"

אין צוזאַמענהאַנג מיט די אינטערעסאַנטע אַרטיקלען פון אייער חשוב'ען מיטאַרבעטער ב. צ. גאָלדבערג וועגן „דזשעהאָוואַ'ס עדות", וואָס זיינען געווען געדרוקט אין „טאָג־מאָרגען זשורנאַל", וועט איר מיר געבען די געלעגענהייט צוצוגעבען, אַז אַ יאָר שפּעטער, ד. ה., אין סעפּטעמבער, 1910, נאָכדעם ווי די רעליגיעזע באַוועגונג איז געגרינדעט געוואָרען אין ברוקלין, נ. י., האָט דער גרינדער פּאַסטאָר משאַרלס ראָסעל אַדרעסירט אַ גרויסע מאַסען־פאַרזאַמלונג אין דער „אַקאַדעמיע אָוו מוזיק" אין ברוקלין. דאַמאָלס האָט ער אויסגעטייטשט זיין רעליגיעזע באַוועגונג ווי זיינע איצטיגע נאָכפאָלגער. דעמאָלט איז פּאַסטאָר ראָסעל ניט געווען קיין געגנער פון אַ אידישע ארץ ישראל אַזוי ווי די היינטיגע „וויטנעסעס" זיינען. אין זיין רעדע האָט דער פּאַסטאָר דעמאָלט באַהויפּטעט, אַז זיין באַוועגונג איז געגען די מיסיאָנערען, וואָס האָבען דעמאָלט געאַרבעט אין די אידישע געגענטען אין ניו יאָרק.

כאָטש ס'איז שוין באַלד אַ האַלבער יאָרהונדערט זינט די דאַמאָלטדיגע מאַסען־פאַזאַמלונג, געדענקט זיך נאָך אַלץ ווי שטונדען נאָך דער פאַרזאַמלונג זיינען מיר געשטאַנען אין דרויסען ביי דער געביידע פון דער „אַקאַדעמיע אָוו מוזיק" און אַרגומענטירט וועגן דעם, וואָס פּאַסטאָר ראָסעל איז אויסען געווען מיט זיין רוף צו דער אידישער באַפעלקערונג אין ניו יאָרק, איבערהויפּט צו דער גרויסער מאַסע אידען וואָס זיינען אַנוועזענד געווען אין זאַל. עטליכע טעג נאָך דער פאַרזאַמלונג האָט די וועכענטליכע ציוניסטישע צייטונג „דאָס אידישע פאָלק" געהאַט אַ לאַנגען באַריכט פון דעם מיטינג. עס איז אויך געווען דאָס בילד פון פּאַסטאָר ראָסעל מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד.

מיט עטליכע טעג שפּעטער האָט דר. ישראל פרידלענדער ז"ל, דעמאָלט פּראָפעסאָר אין אידישען טעאָלאָגישען סעמינאַר אין ניו יאָרק, וואָס איז צוגלייכער צייט אויך געווען דער פאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער פעדעראַציע, איצט „זי־אָ־עי", שטאַרק קריטיקירט די לייטונג פון ציוניסטישען וואָכענבלאַט פאַר ברענגען אויף די שפּאַלטען פון דער צייטונג אַ באַריכט פון דער פאַרזאַמלונג. דר. פרידלענדער, ווי אויך אַנדערע אידישע פירערס האָבען באַטראַכט די נייע רעליגיעזע באַוועגונג פון פּאַסטאָר ראָסעל אַלס אַ מיסיאָנערישע באַוועגונג, פון וועלכער יעדער איד, סיי ציוניסט אָדער ניט־ציוניסט, דאַרף זיך אויסהיטען, און ניט באַזוכען זייערע מאַסען־פאַרזאַמלונגען. פּאַסטאָר ראָסעל האָט געזען, אַז זיינע מיטינגען מיט אידישע באַזוכערס ווערן אַלץ שיטערער, און האָט אויך געזען, אַז פירענדע אידישע פערזענליכקייטען האָבען אַרויסגעגעבען וואָרנונגען, אַז אויך זיין רעליגיעזע באַוועגונג איז ניט אַנדערש ווי די אַנדערע מיסיאָנערישע באַוועגונגען, האָט ער זיך לאַנגזאַם צוריקגעצויגען און איז אַוועק פון דער אידישער גאַס אין ניו יאָרק, און מער האָבען מיר ניט געהערט פון פּאַסטאָר ראָסעל.

מיט דרך־ארץ,

דזשוליוס האַבער,

ניו יאָרק.

## די געשיכטע פון געװערקשאַפטן קאַמפּעין אין אַמעריקע

חשוב'ער רעדאַקטאָר:

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַרטיקעל פון לואי סיגאַל, „35 יאָר געװערקשאַפטען קאַמפּעין פאַר הסתדרות”, װאָס איז דערשינען אין אייער חשוב'ער צייטונג, װעט איר מיר דערלויבען צו קאָרעגירען די פאָלגענדע צײלען. מר. סיגאַל שרייבט, דאָס אין יענער צייט (מיט אַרום 35 יאָר צוריק) האָט די הסתדרות אין ארץ ישראל געציילט אַרום 5,000 מיטגלידער. מר. סיגאַל האָט אַ טעות, װייל דעמאָלט האָבן שוין די פאַראייניגטע אידישע אַרבעטער אין ארץ ישראל געציילט 16 טויזענט מיטגלידער, די ציפערן זענען אָנגעגעבען פון דוד בן גוריון, װאָס איז דעמאָלט געװען דער סעקרעטאַר פון די פאַראייניגטע אידישע אַרבעטער אין ארץ ישראל.

דעמאָלט האָט מאַקס פיין, װאָס איז געװען דער סעקרעטאַר פון די פאַראייניגטע אידישע געװערקשאַפטען אין ניו יאָרק, באַקומען אַ בריװ פון בן־גוריון'ען, אַז עס װאָלט געװען זעהר װינשענסװערט, דאָס אַ קאָמיטע פון די אידישע געװערקשאַפטן זאָל קומען קיין ארץ ישראל און זיך באַקענען מיט דער אַרבעט פון די אידישע אַרבעטער אין לאַנד.

מאַקס פיין האָט פאַררופען אַ זיצונג פון דער עקזעקוטיװע און פאָרגעלייענט בן־גוריון'ס בריװ, אָבער די זיצונג האָט צוריקגעװיזען די איינלאַדונג. אָבער איידער די זיצונג האָט זיך געשלאָסען, האָט זיך אויפגעשטעלט ישראל פיינבערג, דער דעמאָלטדיגער מענעדזשער פון דעם דזשאָינט באָרד פון דער קלאָוק מאַכער'ס יוניאָן, און מיט שאַרפע װערטער האָט ער געטאַדעלט די עקזעקוטיװע, פאַרװאָס זי האָט צוריקגעװיזען די איינלאַדונג. פיינבערג האָט זיי געזאָגט פאַרװאָס דאַרף ארץ ישראל נאָך אַלץ זיין אַ מורא און אַ רויטע שמאַטע ביי די מיינסטע פון אונזערע אידישע אַרבעטער פירער אין אַמעריקע. די צייט איז שוין געקומען װען אידישע אַרבעטער מוזען העלפען און געבען אַ פריינטליכע האַנט צו אונזערע ברידער אַרבעטער װאָס בויען די אידישע נאַציאָנאַלע היים אין אונזער אַלט־ניי לאַנד.

איינגענטליך האָט זיך דער קאַמפּעין, צו זאַמלען אין אַמעריקע פאַר די אידישע אַרבעטער אינסטיטוציעס אין ארץ ישראל, נאָך אָנגעהויבען אין יאָר 1921 — ד. ה. מיט איבער צװיי יאָר פריער פאַר די דאַטען װאָס מר. סיגאַל גיט אָן. עס געדענקט זיך נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג, װען ענדע פעברואַר 1921, איז אָפּגעהאַלטען געװאָרן אַ מאַסן פאַרזאַמלונג און אַ באַזאַר אין דעם לעקסינגטאָן אָפּערא הויז, (היינט אַ מואװי הויז, אויף לעקסינגטאָן עװ. און 51־טער גאַס), דאָרטען האָבען גערעדט: דר. י. ל. מאַגנעס, דוד פינסקי, יוסף שלאָסבערג, אַלעקסאַנדער קאַהן, מאַקס פיין און ש. באַנטשיק. מען האָט געזאַמעלט 3,000 דאָלאַר. צװישען דעם איז געװען 1,000 דאָלאַר פון פיטער שװייצער, װאָס איז געװען דער טרעזשורער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע.

מיט 6 חדשים שפּעטער, װען עס איז אָפּגעהאַלטען געװאָרען די 13־טע קאָנװענשאָן פון די פּועלי ציון אין אַמעריקע, איז באַשלאָסען געװאָרען דאָס דער פאָנד פאַר הסתדרות זאָל פאַרבלייבען אַ פערמאַנענטע אינסטיטוציע אין אַמעריקע.

מיט עטליכע חדשים שפּעטער, איז געקומען פון ארץ ישראל די סאַמע ערשטע אַרבעטער דעלעגאַציע װאָס איז באַשטאַנען פון מאַניע שאָכעט, יוסף באַראַץ און בעריל קאַצענעלסאָן. זיי זענען געקומען אין די אינטערעסען פון דער אַרבעטער באַנק אין תל אביב. עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ קאָמיטע — מאַקס פיין, פאָרזיצענדער; דר. מאַגנעס, טרעזשורער, און ש. באַנטשיק, סעקרעטאַר. מיט יאָרען שפּעטער איז, אין די אינטערעסען פון דער אַרבעטער באַנק, געקומען אברהם דיקענשטיין, ער האָט פאַרקויפט פילע אַקציעס פון דער אַרבעטער באַנק, און נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג שניידען אַמעריקאַנער אידען די קופּאָנען פון דער באַנק, װאָס האָט זייט דעמאָלט געמאַכט ריזיגע פאָרשריט.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האַבער

ניו יאָרק.

# נפתלי הערץ אימבער און די „התקוה"

ווערטער רעדאַקטאָר:

לעצטענס האָט דער „פאָרווערטס" איבערגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער עלטסטער אידישער קאָלאָניע אין אַמעריקע, די קאָלאָניע „כרמל" אין ניו דזשוירזי. אין דעם באַריכט איז אויך דערצעהלט געוואָרען, אַז דער מחבר פון דער „התקווה", נפתלי הערץ אימבער, האָט זייענדיג אַן איינוואוינער אין דער קאָלאָניע „כרמל", דאָרט פאַרפאַסט די „התקווה".

אַז דער יעניגער, וואָס האָט דאָס איבערגעגעבן, האָט געמאַכט אַ [illegible]ויסען טעות, קאָן מען זעהן פון די פאָלגענדע איינצעלהייטען:

נפתלי הערץ אימבער האָט זיך באַגעגענט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, דאָס איז דעמאָלסט געווען די הויפּטשטאָט פון דער טערקישער אימ[illegible] מיט דעם ענגלענדער סער לאָרענס אָליפאַנט, [illegible] וועגן אַן אָנהענגער פון אַ אידישער פּאַלעסטינע. זיי האָבען זיך באַפריינדעט און צוזאַמען זיינען זיי אָפּגעפאָרען קיין ארץ ישראל און ווען אין יאָר 1886 איז סער לאָרענס געשטאָרבען, האָט אימבער אַרויסגעגעבן דאָס בוך „באַרקאַי" (דער מאָרגענשטערן) און דאָס בוך איז געווידמעט צו זיין ענגלישען פריינד און אין דעם בוך איז שוין אויך אַריין די „התקווה". פון דעם קאָן מען זעהן, אַז דער אידישער הימן איז פאַרפאַסט געוואָרען מיט פילע יאָרען פריהער, איידער אימבער איז איבערהויפּט געווען אין אַמעריקע. נאָך סער לאָרענס' טויט, איז אימבער אַריבערגעפאָרען קיין ענגלאַנד. דאָרט האָט ער זיך באַפריינדעט מיט ישראל זאַנגוויל, און דאַן איז ער אָפּגעפאָרען צום ערשטען און איינציגען מאָל קיין אַמעריקע. עס איז מעגליך, אַז ער האָט פאַר אַ קורצער צייט געוואוינט אין כרמל, אַזוי ווי ער האָט פילע מאָל באַזוכט די אַנדערע אידישע קאָלאָניע „וואָודבאַין", אויך אין ניו דזשוירזי. נפתלי הערץ אימבער האָט געוואוינט אין אַמעריקע, ביז

ער איז דאָ געשטאָרבען שמחת תורה, און איז געבראַכט געוואָרען צו קבורה זונטאַג, דעם 10טען אָקטאָבער, 19[illegible]. ענדע מערץ, 1953, זיינען די ביינער פון דעם מחבר פון „התקוה" אַריבערגעשיקט געוואָרען קיין מדינת ישראל, און באַערדיגט געוואָרען ביי דער זייט פון אַן אַנדערען העברעאישען דיכטער, פּרץ סמאָלענסקי, אין ירושלים.

ים דרך ארץ,

דזשוליוס האָבער,

ניו יאָרק, נ. י.

## אידישע מיליאָנערען אין מדינת ישראל

**חשוב'ער רעדאַקטאָר!**

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער
איבערזיכט פון דער וואָך, פון ס.
דינגאָל, וואו ער ציט אויפמערק־
זאַמקייט דערויף, אז ס'וואָלט גע־
ווען א יושר, אז אונזערע אידישע
מיליאָנערען זאָלן באַטש א העלפט
פון זייער אייגנטום איבערלאָזן פאַר
מדינת ישראל,—מיט דעם וועט יע־
דער פריינד פון מדינת ישראל זיין
איינשטימיג. אָבער לײדער זיינען
זעהר ווייניג אידישע מיליאָנערען,
וואָס קענען שענקען גרעסערע
סומען, אינטערעסירט אין דער
מדינה. לעצטענס איז באַקאַנט גע־
וואָרען, אז איינער פון אַמאָליגע
אָנגעזעהענסטע ריזען אין דער אַמע־
ריקאַנער גרויס אינדוסטרי, דזשע־
ראַרד סוואָפּ, דער געוועזענער
פּרעזידענט פון דער דזשענעראַל
עלעקטריק קאָמפּאַני אין אַמעריקע,
האָט איבערגעלאָזט זיין גאַנץ פאַר־
מעגען — אַכט מיליאָן דאָלאַר —
פאַר'ן טעכניקום אין חיפה. עס איז
אינטערעסאַנט, וואָס זעהר ווייניג
פון אונז האָבען געהאַט וועלכע
אַנונג, אז ער שטאַמט פון אידען,
און אז זיין עלטער פאָטער איז גע־
ווען א ראַבינער אין דייטשלאַנד,
אז מיט'ן נאָמען שוואַב, און ער, אן
איניקל, האָט געטראָגען דעם זייי־
דענ'ס נאָמען אַלס דזשעראַרד
סוואָפּ. אז ער האָט איבערגעלאָזט
פיל געלט פאַר'ן טעכניקום איז מיר
שוין באַקאַנט געווען נאָך איידער
איך בין אָפּגעפאָרען קיין ישראל,
אָבער ערשט דעם 29טען מאַי, ווען
איך בין נאָך געווען אין ישראל, זע־
נען מיר באַקאַנט געוואָרן די איינ־
צעלהייטן וועגען סוואָפּ'ס פאַרמע־
גען פאַר'ן טעכניקום. די איינצעל־
הייטען זיינען באַקאַנט געוואָרען
ווען דער יעניגער וואָס האָט סוואָפּ'ן
פאַראינטערעסירט אינ'ם טעכניקום,
איז א ציוניסט אין אַמעריקע ביים
נאָמען אברהם טולין, וואָס איז דער
טשערמאַן פון דער באָרד פון ת
פריינד פון דער אינסטיטוציע אין
אַמעריקע און איך איינער פון די
באָרד און גאָווערנאָרס פונ'ם
[illegible]
[illegible]
איז געווען אין מדינת ישראל צו
יער זיצונג פונ'ם באָרד און גאָווער־
נאָרס און האָט אַרויסגעגעבען דעם
דערמאָנטען סטעיטמענט.

מר. טולין, אַן אַדוואָקאַט, האָט
זיך אין יאָר 1953, באַקענט מיט
מר. סוואָפּ, און אים פאַראינטערע־
סירט אינ'ם טעכניקום, צוערשט
האָט סוואָפּ געשענקט פאַר'ן טעכ־
ניקום 50,000 דאָלאַר און דאַן
האָט ער ווידער געגעבען דריי מאָל
צו הונדערט טויזענט דאָלאַר. צו־
זאַמען 350,000 דאָלאַר. אין די
ערשטע חדשים פון 1956, האָט מר.
טולין באַוואויגען מר. סוואָפּ, דאָס
ער זאָל איבערלאָזען זיין פאַרמעגען
פאַר'ן טעכניקום. ... מר. טולין,
אַלס אַדוואָקאַט, האָט אַריינגעקוקט
אין דער גאַנצער אָנגעלעגנהייט,
האָט ער געזען דאָס פון די 8 מיליאָן
וועט מען מוזען צאָלען איינקונפט
שטייער מער ווי א העלפט, ווייל
אייגענטליך האָט דאָס פאַרמעגען
געזאָלט זיין א ירושה פון סוואָפּ'ס
פרוי צו אים. סוואָפּ זייענדיג על־
טער פון זיין פרוי האָט איבערגע־
שריבען דאָס גאַנצע פאַרמעגען
אויף איר נאָמען. אָבער זי איז גע־
שטאָרבען פאַר אים, האָט זי גע־
לאָזט דאָס פאַרמעגען צו אים, און
אַלס ירושה וואָלט מען געדאַרפט
צאָלען אַזאַ הויכען איינקונפט
שטייער. טולין האָט זיך דורכגע־
רעדט מיט עטליכע פון זיינע
פריינד, אַלע אין דער שטיל, און
האָט זיי ערקלערט, דאָס ער וויל
פּרובירען עפּעס טאָן און וואַשינג־
טאָן און זען צי מען קען אַמענדירען
דאָס געזעץ, די פריינד האָבען אים

גערַאטען, אַז ער זאָל פּרובירען, כאָטש זיי זעען נישט איין צי עס איז דאָ וועלכע עס איז מעגליכקייט דאָס דורכצופירען. טולין האָט געאַרבייט אומערמידליך איבער 4 חדשים אין וואַשינגטאָן, אַלץ אין דער שטיל, און עס איז איהם געלונגען אויסצואווירקען אַזויפיל, אַז צוויי קאָנגרעסלייט פון ניו יאָרק האָבען אַריינגעבראַכט אַן אַמענדמענט צו דעם אינטערנאַל רעווענױ קאָוד פון 1954, סעקשאָן 2055, וואָס לייענט זיך, דאָס ווען אַן עלטערער פּערזאָן לאָזט איבער זיין פאַרמעגען פאַר לערן־אינסטיטוציע אין אַ פריינדליכער מדינה, דאַרף מען נישט צאָלען קיין איינקונפט שטייער פון דעם פאַרמעגען. אין צווישען־צייט איז דער סעקרעטאַר פון דער טרעזשורי געווען געגען דעם אַמענדמענט, אָבער אויך דאָס איז מען איבערגעקומען. און דעם 6טען אויגוסט, 1956, עטליכע חדשים פאַר דער סיני אַקציע, ווען מדינת ישראל איז געווען געצוואונגען צו פאַרטרייבען די מערדער פון אירע גרעניצען, האָט דער פּרעזידענט אונטערגעשריבען דאָס געזעץ. וואָלט די זאַך זיך געווען פאַרצויגען ביז דער צייט פון דער סיני אַקציע, וואָלט דער קאָנגרעס קיינמאָל נישט געווען געשטימט פאַר דער אַמענדירונג פון'ם שטייער געזעץ צוגונסטען ישראל.

לויט דעם סטייטמענט פון מר. טולין, האָט דזשעראַרד סוואָפּ איהם, און אויך סוואָפּ'ס זון געמאַכט די אַפּוטרופּסים פון דעם פאַרמעגען פאַר'ן טעכניקום. און מר. טולין האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אַקצעפּטירען וועלכען געצאָלט פאַר זיין אַרבייט אַלס אַדוואָקאַט, אַזוי ווי ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַקצעפּטירען געצאָלט פאַר זיין אַרבייט אַלס דער יעניגער וואָס האָט געהאָלפען אויסאַרבייטען די סטאַטוטען וואָס נאַוואָמעיסקי האָט באַקומען דעם פרענטשייז פאַר דעם פּאַטאַש אין ים המלך פון דער ענגלישער מאַנדאַט מאַכט, ווי אויך האָט טולין געהאָלפען פנחס רוטענבערג אין זיין אַרבייט אויך ביי דער ענגלישער מאַנדאַט מאַכט צו באַקומען דאָס רעכט צו עטאַבלירן עלעקטריק אין ארץ ישראל. מר. טולין איז אויך אין יאָר 1917 געווען דער פאַרטרעטער פון ריכטער בראַנדייס אין ענגלאַנד איידער די רעגירונג האָט באַקאַנט געמאַכט די באַלפור דעקלאַראַציע. אויך פרוי טולין איז זעהר אינטערעסירט אין ישראל און איז אַ טיכטיגער מיטגליד אין דער נאַציאָנאַלער באָרד פון הדסה וואו זי גיט איר גאַנצע צייט. מען קען זי זען אין דעם אָפיס אַלס וואָלונטיר צו יעדער צייט.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האַבער.

ניו יאָרק.

טאג־מארגען זשורנאל, יוני 28טער, 1958

# יוליוס האבער, באקאנטער ציוניסט, ברענגט א גרוס פון מדינת ישראל

יוליוס האבער, דער באקאנטער ציוניסט, האט זיך ערשט צוריקגעקערט פון ישראל, וואו ער האט פארבראכט צוויי וואכן ביי זיינע קינדער. דאס איז זיין 16טער באזוך אין ארץ־ישראל. אויף דער פראגע, וואס עס האט אים אמיינסטן אימפאנירט אין דעם איצטיגן באזוך, איז זיין ענטפער געווען, דאס ער האט דאס מאל זיך גוט צוגעקוקט צום מענטשן־מאטעריאל, וואס איז געבליבן אין לאנד, זינט דער צייט פון דעם באפרייאונגס־קאמף, מיט צען יאר צוריק. איבערהויפט די יונגע נו־ראה, וואס זענען געקומען פון די אנגלא־אראבישע לענדער.

מר. האבער האט ביי זיין אנקומען אין ישראל באקאנט געמאכט, דורך דער טעגליכער צייטונג „די דזשערוזאלעם פאסט", וואס ווערט אויך געלייענט פון די מייסטע טוריסטן, וואס קומען פון אמעריקע, דאס זיבעצן פרעזידענטן פון די וויכטיגסטע אמעריקאנער נאציאנאל־אידישע ארגאניזאציעס, האבן פארעפנטליכט אין א בראשור, אונטער'ן נאמען: „ביגאטרי ענד בלעקמעיל", וואו עס ווערט, צווישן אנדערן, אויך אנגעגעבן, אז „די אמעריקען עקספרעס קאמפאני" איז איינע פון די קאמפאניעס, וואס איז געפאלן אונטער'ן דרוק פון דער אראבישער באיקאט־קאמיטע און די עקספרעס קאמפאני האט צוגעשלאסן איר אפיס אין ישראל.

מר. האבער איז געקומען צו דעם באשלוס, צו פארעפנטליכן דעם נאמען פון דער אמעריקען עקספרעס קאמפאני, ווייל אויף דער רייזע קיין ישראל האט ער געזען, דאס פאקטיש יעדער פון די טוריסטן האט מיט זיך געהאט די טראוועלערס טשעקס פון דער קאמפאני. צום באדויערן, האט כמעט קיינער פון די מיטרייזענדע נישט געוואוסט, אז אזא בראשור איז ארויסגעגעבן געווארן, מיט עטליכע וואכן פריער, אין ניו יארק. אז דאס איז געווען א גוטע זאך, וואס מר. האבער האט דאס פארעפנטליכט אין דער ישראל־פרעסע — זעט מען איצט. ווייל א טאג נאך זיין צוריקקער פון ישראל, — פרייטאג, דעם 20טן יוני, — האט דער „טאג־מארגען זשורנאל" געדרוקט א טעלעגראם פון ירושלים, אז די „אמעריקען עקספרעס קאמפאני" האט צוגעשטימט צו באנייען אירע טעטיגקייטן אין מדינת־ישראל.

אויך ביים איצטיגן באזוך, האט מר. האבער פעסטגעשטעלט, אז נפתלי־הערץ אימבער, ע"ה, דער פארפאסער פון דעם אידישן נאציאנאלען הימן „התקוה", וועמעס ביינער עס זענען אריבערגעפירט געווארן פון לאנג אייניגער קיין ישראל, זענען קבר געווארן ביי דער זייט פון אן אנדער באוואוסטן העברעאישן פאעט, פרץ סמאלענסקי, אין ירושלים. ביים איצטיגן באזוך האט אויך מר. האבער, וואס האט געשריבן דאס באוואוסטע ציוניסטיש בוך „די אדעסי אוו אן אמעריקען זייאניסט", זיך דורכגעשמועסט מיט פריינט, און עס איז באשלאסן געווארן דאס בוך צו איבערזעצן פון ענגליש אויף העברעאיש, און עס לאזן דרוקן אין ירושלים.

ביים איצטיגן באזוך האט מר. האבער צוזאמענגעבראכט א גרופע פון מיטגלידער פון דעם געוועזענעם „עסטרייך־אונגארישן ציון־פאראיין אין ניו יארק" (וואס האט דעמאלט געשפילט א גרויסע ראל אינ'ם אמעריקאנער ציוניזם), וואס וואוינען אין ישראל, און אויך צווישן זיי מיטגלידער, וואס האבן זיך, אין יאר 1917, אנגעשלאסן אין אידישן לעגיאן און אנטיילגענומען אינ'ם קאמף, אונטער גענעראל אלענבי, אין ארץ־ישראל. צווישן דער גרופע האבן זיך געפונען חברים, וואס האבן זיך נישט געזען פאר 40 יאר. דער צוזאמענקונפט איז געווען שבת אוונט, דעם 7טן יוני, אין בית ציון אמעריקע, וואו מען האט פארבראכט עטליכע אינטערעסאנטע שעה, דערמאנענדיג זיך אין דער טעטיגקייט פון דער ציון־באוועגונג אין ניו יארק מיט א האלבן יארהונדערט צוריק.

אלענפאלס, דער איצטיגער באזוך פון מר. האבער אין מדינת־ישראל, איז געווען דער סאמע אינטערעסאנטסטער.

יהודה שפיגל,
רח' בן יהודה 105,
תל אביב, ישראל.

תל-אביב, זונטאג, כ"ז סיון תשי"ח.
(15.6.1958).

מיין ליעבער און חשוב'ער פריינד יואל האבער, שלום לך!

יענעם היסטארישען שבת-צו-נאכטס, ווען מיר האבען זיך א קליינע ברופע אלטע פריינדע, אויף דיין איניציאטיווע און עהרליכע באמיהונג, אין "בית ציוני אמריקה" צוזאמענגעטראפען, און אין גייסט פון "מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד" איבער פראגען און פראבלעמען, וואס באשעפטיגען אונזערע מוחות אונזער גאנצעס לעבען, אויפריכטיג אויסגעשפראכען, איז דאס געזעגענען זיך מיט דיר (איך רעד אין מיין נאמען) געקומען אזוי פלוצלינג, נאר, נאר נישט אין הארמאניע מיט דער אונטערהאלטונג. איך האב דיר געוואלט נאך א פאר ווערטער זאגען, אבער שוין איז מען געזעסען אין "טעקסי" און וויאוי! - און די נישט דערזאגטע ווערטער וויל איך אין די ווייטערדיגע שורות אויסדריקען.

אין ערשטען וועלטקריעג זענען אין דייטשלאנד פיעלע עסטרייכישע מיליטערפפליכטיגע געווען. זענען יעדעס יאהר עסטרייכישע מיליטער-קאמיסיאנען געקומען און די מיליטערפפליכטיגע "געמוסטערט". די טויגליכע האט מען אסענטירט, און די נישט טויגליכע בעפרייט ביז צו דער נעקסטער "מוסטערונג". האט מען דאמאלס דערצעהלט פאלגענדען וויץ: דער מיליטערארצט אונטערזוכט איינעם, הארכט דאס הארץ מיט די לונגען און הייסט דעם מאן ער זאל זיך אומדרעהען. ווי דער האט זיך אומגעדרעהט, גיבט איהם דער דאקטאר א קלאפ מיט דער האנד אויף דער שולטער און זאגט: טויגליך! דרעהט זיך דער טויגליכער אום און זאגט: "הערר דאקטאר! קאנסטו זי מיר דאס ניכט אינס געזיכט זאגען?"

ליעבער פריינד, דאס וואס איך וויל דא ווייטער זאגען, האב איך דיר ליידער נישט געקאנט "אינס געזיכט זאגען" ביים געזעגענען, און אזוי ווי מיר האבען אן אלטען כלל "בעססער לעיטער דהען נעווער", וועסטו מיר האפענטליך מיין פארשפעטונג ענטשולדיגען.

איך דאנק דיר פון הארצען פאר דיינע פריינדליכע וויזיטס ביי מיר. איך מוז אפען און עהרליך זאגען, אז ס'איז פאר מיר געווען א כבוד און א פארגניגען דיין זעהר ליעבע און רעספעקטאבלע פרוי קענען צו לערנען, און איך ווינש אייך בײדע איהר זאלט לאנג, געזונד און גליקליך צוזאמען לעבען, און ביי אייערע ליעבע פיעל נחת דערלעבען.

אלס פארטזעצונג צו אונזער אונטערהאלטונג אין "בית-ציוני-אמריקה", וואו די רעדע איז געווען, אז דערוויל איז נור א טייל פון אונזערע חלומות פארווירקליכט געווארען, וויל איך דא - די אמת'ע כוונה מיינע איז, מיט אייך, ליעבע מאדאם האבער, און מיט דיר ליעבער פריינד האבער, אביסעל צו פלוידערן, גלייך ס'וואלט געווען מינדליך - דערצעהלען א מ-עשה'לע פון'ם בעל-שם, ז"ל. א מאל איז צו איהם געקומען א אידענע און געוויינט און געבעטען מיט בלוטיגע טרעהרען. זי לעבט מיט איהר מאן שוין באלד צעהן יאהר און זיי האבען קיינע קינדער. ס'געהט זיי גוט און דער מאן איז זעהר געטריי און לעבען בכבוד און מיט שלום בית, אבער דער מאן וויל האבען א "קדיש". דערפאר האט ער זיך ענטשלאסען צו גט'ן. בעט זי דעם בעל-שם ער זאל זי בענשען זי זאל האבען א קינד. דעם בעל-שם האט די זאך זעהר באטראפען און האט אנגעהויבען צו קלעהרען וואס ער זאל דא טון. פון "אויבען" האט מען איהם "מודיע" געווען, אז אויף דער פרוי איז נגזר געווארען זי זאל קינדער נישט האבען. דאס הארץ האט איהם אבער זעהר

וועה בעטן אויף דער פרוי, האט ער איהר געהייסען אהיימפאהרען און בעווינטשען, אז צום יאהר וועט זי געבוירען א בן-זכר. "צדיק גוזר והקב"ה מקיים". אז א צדיק איז גוזר איז זיין ליבער נאמען מקיים. די פרוי איז אהיימגעפאהרען, און ריכטיג צום יאהר האט זי געהאט א בן זכר, און דאס פאר פאלק איז גליקליך געווען און דערלעבט קינדער און קינדס-קינדער. און אויב זיי זענען נישט געשטארבען לעבען זיי נאך היינט.

דעם בעל-שם אבער, וועלכער האט געוואוסט אז ער האט בעטן א זאך קעגען א גזירה מן השמים, האט מען מודיע געווען דורך א בת-קול, אז ער האט דערפאר אנגעוואוירען עולם-הבא. די חסידים האבען אנגעהויבען צו וויינען און צו ציטערן, ספּייטש דער בעל-שם האט פארלוירען עולם-הבא דער בעל-שם אבער האט אנגעהויבען צו זינגען און צו טאנצען און צו פרעהען. דאס האט דער עולם נישט בעקאנט פארשטעהען. האט ער זיי ערקלעהרט, אז ער פרעהט זיך וואס ער קאן אויפס-ניי אנהויבען ארבייטען אויף עולם-הבא.

און מיר, פראסטע מענשען, דארפען אנהויבען ארבייטען אויף די גאנצע ערפילונג פון אונזערע יוגענד חלומות.

נאך א מאל: זייד געזונד און שטארק, מיינע ליעבע פריינדע, ס'זאל אייך גוט געהען, און אז איהר וועט באלד ווידער קומען אהער זאלט איהר נישט פארגעסען צו בעזוכען אייער

פריינד

יהודה שפיגל

דער טאָג-מאָרגען זשורנאל, 18טער מערץ, 1958

## ווען מען פאָרשט די געשיכטע פון ציוניזם

חשוב'ער רעדאַקטאָר:

אייער חשוב'ער מיט־רעדאַקטאָר, אהרן אַלפּערין, אין זיין אַרטיקעל „צען יאָר און זעכציג יאָר", דער־מאָנט אויך אַן אינטערעסאַנט בוך מיט פאָרשונג'ס אַרבעטען וועגען דער געשיכטע פון די ערשטע יאָרן פון ציוניזם אין אַמעריקע.

איך האָב ערשט דורכגעבלעטערט דאָס נייע בוך און בין אויך אַנוועזענד געווען ביי דער קאָנפערענץ, ווען מען האָט געלייענט די מאַנוסקריפּטען פון וועלכען דאָס בוך איז צוזאַמענגעשטעלט. אָבער צו מיין גרויס באַדויערן, זע איך דאָס אין דעם אַרטיקעל, ווען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אונטער'ן נאָמען „די פעדעראַציע פון אַמעריקאַנער ציוניסטען איז געגרינדעט געוואָרען", אָדער „1897 — 1914", האָט דער שרייבער אויסגעלאָזט די סאַמע וויכטיגסטע געשעענישען פון יענער צייט. אַז די געשעענישען זענען געווען וויכטיג, זעט מען, אַז דר. טעאָדאָר הערצל האָט געפונען פאַר נויטיג דאָס אַריינצושרייבען אין זיינע טאָג־ביכער. דעם 23טן מאַי, 1897, האָט דר. הערצל פאַרנאָטירט: „די ציוניסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע האָט זיך שוין אָנגעהויבען, מיכל סינגער, דער רעדאַקטאָר פון אַ נייער וועכענטליכער צייטונג טאָלעראַנץ, שיקט מיר באַריכטען וועגען פאַרזאַמלונגען אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע שטעט, און אויך, אַז ראַבאַי דר. גוסטאַוו גאָטהייל האָט פאַררופען אַ קאָנפערענץ פון ראַבאַים און זיי האָבען זיך דער־קלערט פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג".

מיט צען טעג שפּעטער, ווען דער ערשטער נומער פונ'ם אָפיציעלען ציוניסטישען אָרגאַן „די וועלט" איז דערשינען, האָט הערצל געווידמעט איבער צוויי זייטען צו די באַריכטען, וואָס סינגער האָט געשיקט פון אַמעריקע. ענדע יוני, אויך אין 1897, איז סינגער געווען כמעט דער איינציגער אין גאַנץ ניו יאָרק, וואָס האָט באַקומען טעלעגראַפישען נאַכריכט פון דר. ט. הערצל, אַז דער 1טער ציון־קאָנגרעס, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין מינכען, דייטשלאַנד, וועט אָפּגעהאַלטען ווערען ענדע אויגוסט אין באַזעל, שווייץ.

עטלעכע וואָכען נאָכ'ן ערשטען קאָנגרעס, האָט סינגער באַריכטעט צו הערצל'ען, אַז עס ווערט גערופען אַ קאָנפערענץ פון באַוואוסטע פער־זענלעכקייטען, צווישען זיי, ראַבאַי קליין, ראַבאַי דראַכמאַן, דר. יוסף בלוסטאָן און יחזקאל שרה'זאָן, דער אַרויסגעבער פונ'ם „אידישען טאָגבלאַט" אין ניו יאָרק, צו אָר־גאַניזירען „די פאַראייניגטע ציוניסטישע פאַראיינען פון די פאַר־איינגטע שטאַטען". דעם 12טען יאַנואַר, 1898, טעלעגראַפירט סינגער צו דר. הערצל: „גרוסען צום ענערגישען קעמפער דר. טעאָדאָר הערצל, די צענטראַלע ביוראָ פון אונזערע „פאַראייניגטע ציוניסטישע פאַראיינען אין די פאַראייניגטע שטאַטען" איז שוין דערעפענט. אונזער באַזיס איז דער באַזעלער פּראָגראַם און ציון עווענטועל."

אונטערגעשריבען: ראַביי דר. פיליפּ קליין, דר. יוסף בלוסטאַן און דר. מיכל סינגער.

מיט 14 טעג שפּעטער, האָט דר. הערצל באַקומען צוגעשיקט די ליסטע פון די ניי־דערוויילטע באַאַמטע און די ליסטע פון די 14 ציוניסטישע פאַראיינען, וואָס האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין דער נייער אָר־

גאניזאציע. עטלעכע פון די פאר איינען זענען געווען פון אזוי ווייט ווי קליוולאנד און סאוואנא, דזשארדזשיא. צווישען די מיטגלידער אין דער עקזעקוטיווע האט זיך אויך געפונען איי. ד. מאָריסאָן וואס האט מיט א יאר שפּעטער זיך צוריקגעצויגען, און ווען ראבאי סטיפען ס. ווייז האט אנגענומען די שטעלע אלס ראבאי אין פּארטלאנד, אָרעגאָן, איז מר. מאָריסאָן געוואָרען דער סעקרעטאר פון דער ציוניסטישער פעדעראציע.

אז סינגער איז געווען באטראכט אלס דר. הערצל'ס פּארטרעטער אין אמעריקע, זעען מיר פון דעם בריוו, וואס דר. ריטשארד גאטהייל האט געשריבען דעם 29טען יאנואר, 1898, צו דר. הערצל. גאטהייל האט געמאכט אן אנקלאגע צו הערצל'ען אויף סינגער'ס א־בעט אין אמעריקע, און דר. הערצל אין זיין ענטפער צו גאטהייל'ן, פאר־רופט זיך אויף סינגער'ן, וואס שיקט שוין א לאנגע צייט באריכטען וועגן זיין ארבעט פאר דער נייער באוועגונג, אן געלט, און איז זעהר טיכטיג אין דער ארבעט. דר. הערצל האט געראטען, אז גאטהייל זאל אים צושיקען דירעקט באריכטען, וואס וועלן ווערן פּאראפענטלעכט אין דער וועכענטלעכער צייטונג „די וועלט", אבער צו גלייכער צייט, שרייבט הערצל, אז ער ווייסט נישט די אומשטענדען אין אמעריקע און ער קאן זיך נישט אריינמישען. יערענפאלס, אז אלץ וואס איך האב איבערגעגעבען איז נישט אריין אין דעם ארטיקעל פון די ערשטע יארען פון דער ציון־באוועגונג אין אמעריקע.

דער שרייבער וועגן די פאָרשונגען פון'ם ציוניזם אין אמעריקע אין די ערשטע יארען 1897-1914, האט אויך געמאכט טעותים. ער גיט אן, אז די פועלי ציון באוועגונג אין אמעריקע איז געגרינדעט געוואָרען אין יאר 1905. אבער לויט איינעם פון די גרינדערס הערי י. קאהן, איז די אָרגאניזאציע געגרינדעט געוואָרן אין 1903. אויך דער אָרדער בני ציון איז נישט געגרינדעט געוואָרען אין יאר 1908. איך געדענק די ערשטע פאַרזאַמלונג, ווען דר. י. ל. מאגנעס, וואס איז צו יענער צייט געווען דער סעקרעטאר פון דער ציוניסטישער פעדעראציע אין אמעריקע, ווי אויך דער ראבאי פון'ם באוואוסטען רעפארם־טעמפּעל „עמנואל", איז געווילט געוואָרען פּרעזידענט פון'ם אָרדער אין 1907, און ביי דער קאָנווענשאָן אין קלינטאָן האל אין 1908, האט ער שוין אנגעגעבען א באריכט, אז דער אָרדער האט שוין 8 „לאדזשעס" אָדער „קעמפּס" און א מיטגלידערשאפט פון 575.

אויך ראבאי יוסף דזשעיסאָן איז נישט דערוויילט געוואָרען סעקרעטאר פון דער ציון־פעדעראציע אין אמעריקע אין יאר 1907, נאר אין 1908. איך בין דעמאלט געווען א דעלעגאט צו דער ציוניסטישער קאָנווענשאָן אין אטלאנטיק סיטי, ווען ראבאי יוסף דזשעיסאָן איז אויסגעוויילט געוואָרען. אויך איז ניט אונזער אומפארגעסליכער פירער דר. טעאדאר הערצל געשטארבען דעם 2טען יולי, נאר דעם 3טן יולי, 1904, פינף אזייגער נאכמיטאג. דאס איז לויט זיין סעקרעטאר דר. רייך, וואס איז צוזאמען מיט פיר מיטגלידער פון'ם אקציאנס קאמיטעט געשטאנען ביים בעט, ווען הערצל האט אויסגעהויכט די נשמה...

לאמיר האפען, אז אין דער צוקונפט, ווען מען וועט ווידער מאכן פאָרשונגס־ארבעט וועגן דעם ציוניזם אין אמעריקע, איבערהויפּט אין די ערשטע יארן, וועט מען זיין מער פאָרזיכטיג.

מיט דרך ארץ,
דזשוליוס האבער,
ניו יאָרק

## וועגן די „מזרחי"־פרויען אין אַמעריקע

זשוב'ער רעדאַקטאָר:

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער קאָנווענשאָן פון דער מזרחי פרויע־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, ווע איך מיר דערלויבן איבערצוגעבן אינטערעסאַנטע איינצעלהייטען, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער פרויען־אָרגאַניזאַציע.

דאָס איז געווען זעקס חדשים נאָך דעם פּאָגראָם אין ארץ־ישראל, אין אויגוסט־סעפּטעמבער, 1929, בעת וועלכן צענדליגער יונגע ישיבה־בחורים. און אויך אַנדערע אידען, איבערהויפּט עלטערע מענטשען, זענען דערמאָרדעט געוואָרען אין חברון, צפת און אין ירושלים. דעמאָלט האָט דער קאָלאָניאַל־מיניסטער סער סידני וועב, אָדער ווי ער האָט שוין דעמאָלט געהייסען לאָרד פּאַספיעלד, פאַראָרדענט שליסען די טויערן פון ארץ־ישראל פאַר אידישע איינוואַנדערער. עס האָט געקאָסט דר. ווייצמאַנ'ען, ז"ל, פיל מי און געזונט, ביז מען האָט די טויערן ווידער געעפענט, און די שיף „מאַוריטאַניאַ" איז געווען די ערשטע שיף אריינצושווימען אין חיפה, אין די ערשטע טעג פון מערץ, 1930. אויף דער שיף האָב איך זיך באַקענט מיט דער פּרעזידענטין פון דער אַמעריקאַנער „מזרחי" פרויען אָרגאַניזאַציע, פרוי אידעל גאָלדשטיין. זי האָט מיר איבערגעגעבן, דאָס זי פאָרט קיין ארץ־ישראל, כדי זיך ארומצוקוקען וואָס פאַר אַ פּראָיעקט איר אָרגאַניזאַציע קאָן אונטערנעמען אין ארץ־ישראל.

מיט עטליכע יאָר שפּעטער, ווען איך האָב געוואוינט אין חיפה, האָב איך זיך באַקענט מיט פרוי האסקעל, די טאָכטער פון באַוואָסטאָן מזרחי־טוער און אָמאָליגן טרעזשורער פון דער „מזרחי" אין אַמעריקע, מר. ווילנער. פרוי האַסקאל איז געווען אַ לערערין אין בית ספר ראלי אין חיפה, וואו מיינע קינדער האָבען געלערענט. איין טאָג האָט מיך פרוי האסקעל געבעטען, איך זאָל זי באַגלייטען קיין ירושלים. אזוי ווי זי האָט מיט זיך געפירט אַ גרעסערע סומע געלט, וואָס זי האָט באַקומען פון דער „מזרחי" פרויען אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע, צו נעמען „טייטעל" אויף אַ הויז, וואָס זיי האָבען געקויפט אין ירושלים, און דער פאַרקויפער האָט פאַרלאַנגט נאָר קעש. האָב איך זי גערן באַגלייט.

דאָס הויז איז איבערגעבויט געוואָרען פאַר אַ שולע פאַר מיידלעך, וואו זיי האָבען זיך געלערענט אַ פאַך. באַלד האָט זיך פרוי בתיה גאָטספעלד אריינגעוואָרפען אין דער ארבעט און איבערגענומען די ארבעט פאַר אַנדערע פּראָיעקטען פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון די „מזרחי"־פרויען אין אַמעריקע. איבערהויפּט איז זי געווען טעטיג אין דער ארבעט פאַר'ן קינדערדאָרף אין דער קאָלאָניע רעננה. דאָס האָט מיך שוין אָנגעהויבען צו פּראָינטערעסירן, ווייל רעננה איז אויפגעבויט געוואָרען ביי דער אחוזה פון ניו יאָרק, וואָס איך האָב געהאַט די זכיה צו זיין איינער פון די גרינדערס, אין יאָר 1912 (רעננה, אונטער דעם פּעאיגן מעיאָר ברוך אָסטראָווסקי, איז דורך דער צייט געוואַקסען אין אַלע הינזיכטען. די באַפעלקערונג ציילט היינט שוין 15,000, און דער יערליכער בודזשעט איז שוין באַלד אַ מיליאָן ארץ־ישראל פונט).

איך האָב נאָכגעפאָלגט דעם פּראָגרעס, וואָס כפר ביתה האָט געמאַכט. ווען אין די ערשטע טעג פון יאַנואַר, 1947, בין איך, פונ'ם ציון קאָנגרעס, געפאָרען קיין ארץ־

ישראל. דאָרט האָב איך געהערט, דאָס מיינע אַ פּרימעניצע, מיט צוויי קינדער, זענען אַרונטערגענומען געוואָרען אין ארץ־ישראל פון דער שיף „ברכה פולד“. אין די ענגלענדער האָבען זיי איבערגעשיקט אויפ'ן אינזעל ציפּערן. מיט שווערער מי, און מיט דער הילף פונ'ם פּאַרטרעטער פונ'ם „דזשאָינט“, האָב איך זיי באַזוכט אין ציפּערן. דאָרט האָב איך צוגעזען, ווי אַזוי יונגע קינדער, אונטער דער אויפזיכט פון „מזרחי“, לעבען אין טענטס, וואו עס איז געווען נאַס פון די גרויסע רעגענס. די קינדער האָבען זיך געהאַלטען זעהר מונטער, ווייל זיי האָבען געזאָגט, דאָס „ציפּערן — איז ערב־ארץ־ישראל“. ווען איך האָב זיך דעמאָלט צוריקגעקערט קיין ארץ־ישראל, און האָב באַזוכט רעננה, האָב איך איבערגעגעבען מיינע איינדרוקען פון ציפּערן צו ברוך אָסטראָווסקי. ער האָט מיך צוגעפירט אויף אַ גרויסען, שיינעם פּלאַץ, וואו די אידישע אַגענטור האָט אויפגעבויט שיינע, גרויסע, הילצערנע געביידעס, וואָס האָבען געקאָנט אַריינעמען באַלד 2,000 פּערזאָן. די אַגענטור האָט געזאָגט, דאָס עס זאָלען דאָרט זיין אַלע באַקוועמליכקייטען, ווי אַ גרויסער עס־זאַל, מיט קליינע טישלעך, פאַר פיר פּערזאָן יעדעס; נייע בעט־צייג, מילכיגע און פליישיגע געפעס, די ווענט זיינען געווען פאַרהאַנגען מיט שיינע בילדער פון ישראל. כדי צופרידענצושטעלען די ענגלישע מאַכט, האָט די אַגענטור אָרומגענומען דאָס גאַנצע פּלאַץ מיט שטעכעדיגע דראָטן, אָבער כדי עס זאָל נישט פאַלען שווער אויף אונזערע ברידער וואָס האָבען שוין פאַרבראַכט יאָרען אין די קעמפּס אונטער שטעכעדיגע דראָטען, האָט מען געפּלאַנצט פון ביידע זייטען הויכע ביימער צו פאַרשטעלען די דראָטען. ליידער האָט די ענגלישע מאַכט דאָס צוריקגעוויזן. און ליבערשט געשיקט די אַריינגעקומענע אין די נאַסע קעמפּס קיין ציפּערן. ווען איך בין דאָרט געווען זיינען געווען איבער 8,000 פּערזאָן. ווען אין מאַי, 1948, איז פּראָקלאַמירט געוואָרען מדינת ישראל האָבען זיך שוין געפונען אין ציפּערן איבער 25,000. זיי זיינען אַלע אַריינגעבראַכט געוואָרען אין לאַנד אַריין, וואו זיי האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין דער אידישער אַרמיי. ווען איך האָב אין יולי פון זעלבען יאָר ווידער באַזוכט רעננה, האָב איך שוין געטראָפען דעם קינדער־דאָרף „כפר בתיה“ פיל פון די קינדער. דורך דער קורצער צייט האָט די מזרחי פרויען אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע אויפגעטאָן פיל גוטעס אין מדינת ישראל. זאָלען זייערע הענט זיין געשטאַרקט און נאָך טאָן גרויסע זאַכען אין דער אידישער מדינה.

מיט דרך־ארץ,

**דזשוליוס האבער,**
ניו יאָרק.

טאָג־מאָרגען זשורנאל 19 דעצעמבער 1957

## יאַן מאַסאַריק

חשוב'ער רעדאַקטאָר:

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַרטיקעל פון אייער חשוב'ן מיטאַרבעטער אהרן צייטלין, „איינער פון די חסידי אומות העולם — מאַסאַריק", וועט איר מיר דערלויבען צו דערמאָנען, דאָס עס איז שוין באַלד צען יאָר, זינט טאָמאַס מאַסאַריק'ס זון, יאַן, וואָס איז געגאַנגען אין זיין פאָטער'ס פוסטריט, און איז דעמאָלט געווען דער אויסערן־מיניסטער פון טשעכאָסלאָוואַקיע, האָט זיך צוריקגעקערט קיין פראַג, און אין עטליכע טעג שפּעטער האָט מען געפונען זיין טויטען קערפּער אין גאַס, אונטער די פענסטער פון דעם אויסערן־מיניסטעריום. די משרתים פון סטאַלינ'ען האָבען ארויסגעגעבען די נייעס, דאָס ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, אָבער זיינע פריינט האָבען פאַרזיכערט, דאָס מען האָט אים ארויסגעשטופּט, אָדער ארויסגעצוואונגען צו וואַרפען פון'ם פענסטער...

איך קאָן זיך דערמאָנען אין יענער צייט, איידער ער האָט זיך צוריקגעקערט קיין פראַג, האָט ער, אין א זונטאָג פרי, אדרעסירט דעם עולם אין טעמפּל „רודף שלום". שוין [illegible] אַלט האָט ער געפילט, דאָס זיין קליינע, אָבער שיינע רעפּובליק ווערט באַדראָט פון די קאָמוניסטן. יאַן מאַסאַריק, וואָס איז אַלעמאָל געווען מונטער און האָט אויסגעזען גוט, מיט ראָזעווע באַקען, איז שוין דעמאָלט געווען באַזאָרגט און איז געווען אויסגעצערט. ער האָט געפילט, דאָס זיין לאַנד גייט דורך א שרעקליכע צייט. אָבער ער האָט נישט געוואָלט פאָלגן זיינע פריינט, וואָס האָבען אים געראָטען נישט צוריקצופאָרען קיין טשעכאָסלאָוואַקיע.

עטליכע טעג נאָכדעם ווי ער האָט אַדרעסירט דעם עולם אין טעמפּל, האָב איך אים ווידער געטראָפען,

דאָס מאָל אין לעיק־סוקסעס, ביי דער יונייטעד נעישאָנס. עס איז געווען דער טאָג, ווען דר. חיים ווייצמאַן, ע"ה, האָט געדאַרפט אַדרעסירען די ספּעציעלע קאָמיטע, וואָס האָט געאַרבעט אין דער פראַגע פון דער טיילונג פון ארץ־ישראל, וואָס האָט געפירט צו דער אַנטשטייאונג פון מדינת־ישראל. דר. ווייצמאַן איז דעמאָלט באַגריסט געוואָרען פון באַוואוסטע ציוניסטן, וואָס זענען געקומען קיין לעיק־סוקסעס. צווישען זיי זענען [illegible] ע[illegible] שטיין פון [illegible] ראַנדזשי, [illegible]ריס און זיין ברודער דעיוו מאַרגאָלים, דזשאָרדזש בעיקער, מאיר ווייסגאַל און פיל אַנדערע. אָבער די האַרציגסטע באַגריסונג איז געווען, ווען מאַסאַר[יק] האָט איס ארומגענומען. דר. [illegible] ווייצמאַן האָט שוין דעמאָלט גע[illegible]טען פון די אויגען. ווען ער אריינגעקומען צו דער קאָמיטע, צו אדרעסירען, האָט ער געוואָרט ביז א מיטגליד פון דער אידישער



JAN MASARYK

טאָג־מאָרגען זשורנאל, דעצעמבער 9טער 1957

אַגענטור, בערל לאָקער, האָט גע־ריכטעט דאָס עלעקטרישע ליכט כדי עס זאָל אים זיין בעסער צו לייענען די צוגעגרייטע רעדע. דר. וויצמאַן האָט געענדיגט זיין רעדע מיט׳ן פאָלגענדיגען זאַץ:

„גאָט וועט נאָכאַמאָל אויסציען זיין האַנט אויסצולייזען די איבער־געבליבענע פון זיין פאָלק, און ער וועט אויפשטעלען א פאָן פאַר אַלע פעלקער און צונויפזאַמלען די נדחי ישראל און צוזאַמענברענגען די גע־פאַלענע פון יהודה פון אַלע פיר זייטען פון דער וועלט". ווען דר. וויצמאַן האָט געענדיגט איז אויס־געבראָכן א דויערענדע אָוואציע, און צענדליגער מלוכה פאָרשטייער, דעלעגאַטען פון פאַרשידענע לענ־דער האָבען אים פערזענליך באַ־גריסט און אים געדאַנקט פאַר זיין אַרויסטריט אין דער יו־ען.

ווען מיט עטליכע חדשים שפּע־טער איז געקומען די שרעקליכע נייעס וועגען דעם טויט פון יאַן מאַסאַריק, איז דאָס געווען אַ גרוי־סער קלאַפּ פאַר דר. וויצמאַנ׳ען. ארץ ישראל האָט פאַרלוירן איינעם פון די בעסטע פריינט, ווייל יאַן מאַסאַריק איז צו יעדער צייט גע־ווען גרייט צו העלפען אין דער אַר־בעט פאַר דער אידישער מדינה.

מיט דרך־ארץ,

**דזשוליוס האבער,**

ניו יארק, נ. י.

טאָג־מאָרגן זשורנאַל, דעצעמבער 8טער, 1957

# האָרעס מ. קאַלען 75 יאָר אַלט

**ער איז געווען פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אין די אוניווערזי־טעטן פון האַרוואַרד און פּרינסטאָן. — האָט פיל געשריבן וועגן אידישער דערציאונג. — האָט זיך ספּעציעל אויסגעלער־נט אידיש, כדי בעסער צו קענען ~~פאַרשטיין דאָס~~ אידישע לעבן פון אַמעריק**

אַ געשפּרעך מיט אים ספּעציעל פאַר'ן „טאָג־מאָרגן זשורנאַל"

פון אשר פּען

פּראָפעסאָר האָרעס מ. קאַלען איז איינער פון די וויכטיקסטע אַמעריקאַנער דענקער און פילאָזאָפן, וואָס האָבן אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט באַאיינפלוסט די שפּעטערישע וועלט אין אַמעריקע און געהאָלפן איינשטעלן דעם גייסטיקן ליבעראַליזם, מיט וועלכן די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע איז דורכגעדרינגען אויף אַזאַ גרינטלעכן אופן. האָרעס מ. קאַלען, וועלכער איז געווען פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אין אַ גאַנצער ריי פון די וויכטיקסטע אוניווערזיטעטן אין אַמעריקע, ...ישן זיי אויך די אוניווערזיטעטן אין האַרוואַרד און פּרינסטאָן, ...ט אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע ריי וויכטיקע פילאָזאָפישע ווערק, וואָס פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין סאַמע אויבנאָן צווישן די ווערק פון די וויכטיקסטע אַמעריקאַנער דענקער, אָבער ניט בלויז אין דער



האָרעס מ. קאָלין

אַלגעמיינער, גרויסער אַמעריקאַנער וועלט האָט פּראָפעסאָר קאַלען זיך געשאַפן אַ גרויסן נאָמען. נאָר ער האָט כמעט אין משך פון די גאַנצע פופציק יאָר פון זיין רייך און שעפערישן לעבן, זיך טיף אינטערעסירט מיט אידישע ענינים און אין דער זעלבער צייט, וואָס ער האָט געשריבן זיינע אַלגעמיין־אַמעריקאַנער פילאָזאָפישע ווערק, האָט ער אויך פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע ריי טיף־דורכגעטראַכטע אָפּהאַנדלונגען און אַנאַליזן וועגן דעם אידישן לעבן סיי אין אַמעריקע, סיי איבער דער גאַנצער וועלט.

דער שרייבער פון די שורות האָט לעצטנס געהאַט די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט פּראָפעסאָר האָרעס מ. קאַלען אין זיין היים, וואָס געפינט זיך בשכנות פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. געקומען בין איך אויף דעם דאָזיקן באַזוך צו דער געלעגנהייט, וואָס די אידישע און די אַלגעמיין־אַמעריקאַנער וועלט פייערט איצט דעם 75 יאָריקן יובילי פון דר. האָרעס מ. קאַלען.

איך בין געזעסן אין דעם אַרבעטס־צימער פון דר. קאַלען און געהאַט אַ לענגערן געשפּרעך מיט דעם אָריגינעלן אידיש־אַמעריקאַנער דענקער. פּראָפעסאָר קאַלען, וועלכער איז יאָרנלאַנג געווען אַ מיטגליד פון דעם פּרעזידענט'ס קאָמיסיע פאַר העכערער דערציאונג אין אַמעריקע, האָט פון די סאַמע ערשטע יאָרן פון זיין טעטיקייט אין דעם עפנטלעכן לעבן פון לאַנד, געהאַלטן אין איין פּרעדיקן וועגן דער וויכטיקייט פון אַ בעסערער דערציאונגס־סיסטעם פאַר די ברייטע מאַסן פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. אָבער גאַנץ באַזונדערס אויך האָט פּראָפעסאָר קאַלען שטענדיק אָנגעוויזן אויף דער וויכטיקייט פון אַ ברייטער אידישער דערציאונגס סיסטעם פאַר די אידישע קינדער אין אַמע־

ריקע. שוין כמעט פון זיינע סאמע ערשטע אפהאנדלונגען האט פראפעסאר הארעים מ. קאלען אנגעוויזען אויף דער היסטארישער געלעגנהייט וואס דאס אידישע פאלק האט געקראגען און דאס איז די שותפות, וואס קען געשאפען ווערען צווישען אמעריקאנישקייט און אידישקייט. א אידישער אמעריקאנער אדער אן אמעריקאנער איד קענען ווערען א גאר וויכטיקע געשעעניש אין די טויזנטער יארן פון אידישן לעבען, אויב מיר, אידן אין אמעריקע, וועלען קענען ריכטיק פארשטיין און אויסנוצן די גרויסע געלעגנהייט, וואס דאס לעבען אין אמעריקע גיט אונז, האט דר. הארעים מ. קאלען אנגעוויזען, ווייל אמעריקע, אלס לאנד, וואס באשטייט פון פארשידענע פעלקערשאפטען און קולטורן, זוכט צו באהאנדלען אלעמען גלייך, טראץ דעם, וואס יעדער האט א רעכט צו טראכטען אנדערש.

אבער איידער מיר גייען ווייטער אן מיט אונזער פארזוך איבערצוגעבען א פאר פון די וויכטיקסטע געדאנקען פון פראפעסאר קאלען, וועלען מיר דא דערציילען א צאל פאקטען פון זיין אינטערעסאנטער ביאגראפיע. דר. הארעים מ. קאלען איז געבוירען געווארען אין בערענשטאדט, אין שלעזיע, דייטשלאנד, אין יאר 1882. אלס קינד פון דריי יאר איז ער געבראכט געווארען קיין אמעריקע. זיין פאטער, הרב יעקב דוד קאלען, איז געווען אן ארטאדאקסישער רב, און ער האט זיך באזעצט אין באסטאן צוזאמען מיט זיין פרוי און קינדער. אין 1903 איז הארעים מ. קאלען געווארען א בעטשעלאר אוו ארטס און אין 1908 האט ער געקראגען די דיפלאמע אלס דאקטאר פילאזאפיע אין הארוואורד אוניווערזיטעט, וואו מ'האט אים גלייך איינגעלאדען צו בלייבען אלס לעקטאר פון פילאזאפיע. אין 1910 איז דר. קאלען איינגעלאדען געווארען צו ווערען

אן אינסטרוקטאר אין לאגיק אין קלארק קאלעדזש, אין וואוסטער, מאסאטשוזעטס. אין 1911 איז ער געווארען אינסטרוקטאר פון פילאזאפיע אין דעם וויסקאנסין אוניווערזיטעט, א פאזיציע, וואס ער האט אנגעהאלטען ביז דעם יאר 1918, ווען ער איז גערופען געווארן צו ווערען איינער פון די הויפט־פירער און הויפט־פראפעסארען פון דער וועלט־בארימטער ניו סקול פאר סאשל ריסוירטש, אין ניו יארק. און פון 1918 ביז היינט צו טאג איז פראפעסאר הארעים מ. קאלען פארבונדען מיט דער דאזיגער הויכשול, וואס ווערט פאררעכנט אלס איינע פון די ליבעראלע צענטערן פון דער אמעריקאנער אקאדעמישער וועלט. הארעים מ. קאלען איז פאר די לעצעטליכע יאר א פראפעסאר עמעריטוס פון דער „ניו סקול".

כדי צו געבען כאטש א טייל־ווייז בילד פון דעם, ווי פארשידנארטיק פראפעסאר הארעים מ. קאלענ'ס שאפען איז, און ווי דאס אלגעמיין אמעריקאנער גייט ביי אים צוזאמען מיט דעם אידיש־אמעריקאנער לעבען, וועלען מיר דא געבען א צעטל פון א טייל פון די ווערק, וואס דר. קאלען האט געשאפען.

די טיטולען פון די דאזיגע ווערק זיינען, צווישן אנדערן, ווי פאלגט: די פילאזאפיע פון וויליאם דזשעימס און הענרי בערגסאן; איוב אלס א גריכישע טראגעדיע; די סטרוקטור פון א דויערענדען פרידן; די פעלקער ליג היינט און מארגען;

דער אינטערנאציאנאלער נעראנק — זיין כאראקטער און צושטאנד; ציוניזם און וועלט־פאליטיק; קולטור און דעמאקראטיע אין אמעריקע; אידישקייט אין געפאר; אינדיווידואליזם — אן אמעריקאנער לעבענס וועג; קולטור און דעמאקראטיע אין אמעריקע; דער אמעריקאנער איד — א פולער פארטרעט; די דערציאונג פון דעם פרייען מענשען; קונסט און פרייהייט (צוויי בענד) און פיל, פיל אנדערע ווערק.

אויסער דעם אלעמען האט פראפעסאר הארעים מ. קאלען פארעפנטליכט א גאנצע ריי בראשורן און פאמפלעטן, וואס האבען צו טאן אויסשליסליך מיט אידישקייט און מיט אידישער דערציאונג אין אמעריקע. אבער איידער מיר גיבן דא איבער א ריי איינצלהייטען פון פראפעסאר קאלענ'ס טיפען אינטערעס אין אידישן חינוך, ווילען מיר דא אנווייזען אויף דעם

טאָג-מאָרגען זשורנאל, דעצעמבער 8טער, 1957

כאַראַקטעריסטישן פאַקט, וואָס דר. קאַלען האָט ספּעציעל זיך גרינטליך אויסגעלערנט די אידישע שפּראַך, כדי צו זיין נעענטער באַקאַנט מיט די גרונט־פּראָבלעמען פון אידישן לעבען דאָ אין לאַנד. דר. קאַלען איז א געטרייער לייענער פון דער אידישער פּרעסע און ער האָט זיך גענוי אויך באַקענט מיט די וויכ־ טיקסטע ווערק פון דער אידישער ליטעראַטור.

דר. האָרעיס מ. קאַלען איז אָבער ניט פון יענע פילאָזאָפען, וואָס האַלטען בלויז פון אַרויסזאָגן זייערע געדאַנקען און באַאָבאַכטען דאָס לעבען, וואָס גייט אָן אַרום זיי. אַלס אַ טיף־פילנדער איד האָט ער — אין שייכות מיט דעם אַלגעמיינעם אידישען לעבען אין אַמעריקע און איבער דער גאַנצער וועלט — זיך אָנגעשלאָסען אין אַמעריקאַנער אידישען קאָנגרעס, וואו ער איז איינער פון די איינ־ פלוסרייכסטע פיגורען. אין שייכות אָבער מיט אידישער גייסטיקייט, מיט אידישער דערציאונג, איז פּראָפעסאָר האָרעיס מ. קאַלען גלייך פון אָנהויב אָן געוואָרען איינער פון די געטרייסטע פריינט פון דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פון אידישער דערציאונג, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָר 1939, אין אַטלאַנטיק סיטי. ביי יענער קאָנפערענץ האָט דר. קאַלען גע־ קיינט אַ ביז גאָר וויכטיקען רע־ פעראַט אויף דער טעמע: „ווי אַזוי צו ערציען דעם אידן אין אונזער צייט”. און גוט האָט טאַקע געטאָן די אַמעריקאַנער געזעלשאַפט פון אידישער דערציאונג, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע זאַמ־ לונג פון דר. קאַלען'ס געקליבענע שריפטען, וואָס האָבן אויסשליס־ ליך צו טאָן מיט אידן און אידיש־ קייט. און נאָך וויכטיקער ווערט דער ענין, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז דר. קאַלען איז יאָרען לאַנג געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון די וויכטיגסטע פילאָזאָפען ווי דזשאָן דיואַי, וויליאַם דזשיימס, דזשאָרדזש סאַנטאַיאַנאַ, ראָיס און אַ גאַנצע ריי אַנדערע אָנגעזעענע דענקער. און דאָך האָט פּראָפעסאָר קאַלען געפינען גענוג צייט צו שרייבען און רעדען און פּרעדיקען אַזויפיל וועגן דער וויכטיקייט פון

אידישער דערציאונג אין אַמעריקע. די זאַמלונג עסייען וועגן אידען און אידישקייט איז צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַקטירט געוואָרען פון דר. יהודה פּילטש, אָנגעזעענער אידי־ שער מחנך און עקזעקוטיווער די־ רעקטאָר פון דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דער־ ציאונג און איז אַרויסגעגעבן גע־ וואָרען פון דער בלאָך פּאַבלישינג קאָמפּאַני. מיר ווילען דאָ אָנגעבען אַ צאָל פון די עסייען, וואָס דר. קאַלען האָט געשריבען וועגן אי־ דישען חינוך: אידישע דערציאונג און די צוקונפט פון דער אַמערי־ קאַנער אידישער געמיינדע; רעלי־ גיעזע דערציאונג אין אַ דעמאָקראַ־ טישער געזעלשאַפט; קריטישע פּראָבלעמען אין אידישער דער־ ציאונג; אידישע דערציאונג פאַר אַמעריקאַנער אידען; די ראָל פון אידישער דערציאונג.

דר. האָרעיס מ. קאַלען איז אויך געווען אַקטיוו אין דער ציוניס־ טישער באַוועגונג אין אַמעריקע פון די סאַמע ערשטע יאָרען אָן, און איז געווען צווישן די סאַמע ערשטע, וועלכע האָבן געוועקט די ברייטע אידישע מאַסן צו דער ציוניסטישער באַוואוסטזיניקייט. לויט ווי דזשול־ יוס הייבער, ציוניסטישער כלל־ טוער, דערציילט אין זיין אינ־ טערעסאַנט בוך „די אָדיסייע פון אַן אַמעריקאַנער ציוניסט” איז דר. האָרעיס מ. קאַלען געווען צווישען די ערשטע פּראָמינענטע אידען אין אַמעריקע, וואָס האָבן אין יאָר 1915 אָנגעהויבן אַרויסצופאָרען איבער'ן לאַנד און רופען די אידי־ שע מאַסען זיך אָנצושליסען אין די ציוניסטישע רייען. צווישען די דאָזיגע רעדנער האָבן זיך געפינען לואיס בראַנדעיס, דר. סטיפען ס. ווייז, רב יהודה ל. מאַגנעס, ריכ־ טער דזשוליען מעק, רב שמ־ לעווין, דר. האָרעיס מ. קאַלען און אַ גאַנצע ריי אַנדערע באַרימטע אידען.

דר. האָרעיס מ. קאַלען איז גע־ ווען אַ נאָענטער פריינט סיי פון ראַבאַי סטיפען ווייז, סיי פון ריכ־ טער דזשוליען מעק און סיי פון גרויסען אידישען ריכטער לואיס ד. בראַנדעיס און ער האָט צווישען זיין גרויסער צאָל ווערק אויך אַ

טאָג-מאָרגען זשורנאל, דעצעמבער 8טער 1957

ריי מאָנאָגראַפיעס וועגן די דאָזיגע וויכטיגע פּערזענליכקייטען אין אידישען לעבען פון אַמעריקע. פּראָפעסאָר קאַלען האָט זיך שטענדיק אויסגעצייכענט מיט זיין שאַרפען הומאָר און מיט זיין אָריגינעלען דענקען.

איך בין געזעסן מיט פּראָפעסאָר קאַלען און יעדעס וואָרט, יעדען געדאַנק, וואָס ער זאָגט ארויס, מאַכט אייך צום פאַרטראַכטען, ווען איך האָב אים געפרעגט, וואָס עס איז, לויט זיין מיינונג, די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון אַמעריקאַנער אידנטום היינט צו טאָג, האָט ער קורץ און שאַרף געענטפערט: די אידישע דערציאונג פון יונגען דור. דר. קאַלען איז אויך דערפאַר, אַז עס זאָלען געשאַפען ווערען וואָס מער טאָג־שולן פאַר אידישע קינדער אין אַמעריקע. אידען אין אַמעריקע מוזען אָבער זיך אויסלערנען צו טאָלערירן איינער דעם צווייטען און דער קאַמף פון איין אידישער באַוועגונג געגן דער צווייטער מוז אויפהערן, אויב נישט וועלען מיר האָבען דאָ אַ אידישען כאַאָס און אנשטאַט בויען אַ רייך און פאַרשידנאַרטיק אידיש לעבען וועלען מיר שטערן איינער דעם אנדערן, האַלט דר. קאַלען. אויב די אידען אין אמעריקע וועלען נאָר ווילן, קען דאָס אידישע לעבען דאָ אין לאַנד האָבן אַ גלאָררייכע צוקונפט, האָט דער באַרימטער אידיש־אַמעריקאַנער דענקער דערקלערט.

## וועגן דער תל־אביב'ער ביבליאָטעק

חשוב'ער רעדאַקטאָר :

דער חשוב'ער ב. צ. גאָלדבערג האָט אין זיין קאָלום א. נ. „תל אביב'ער ביבליאָטעק", ציטירט אַ בריוועל פון אברהם רעגעלסאָן, וועגן דער שטאָטישער תל־אביב'ער ביבליאָטעק. אַזוי ווי איך בין באַקאַנט מיט דער ביבליאָטעק זינט 1924, ווען די ביבליאָטעק האָט זיך געפונען אַנטקעגנאיבער דער הרצליה גימנאַזיע, וואו מיין בויבערקער לאַנדסמאַן און פריינט אברהם צוק, איז געווען און איז נאָך ביז היינטיגן טאָג איינער פון די לייטער פון דער ביבליאָטעק, און יעדעס מאָל וואָס איך באַזוך ארץ ישראל, באַזוך איך אויך מיין לאַנדסמאַן — וואָלט איך געוואָלט צוגעבן, אַז די איצטיגע געביידע אויף 8 מאָנטעפיאָרע גאַס, וואו די ביבליאָטעק געפינט זיך, איז געווען דאָס וואוינאָרט און דאָס אייגנטום פון דעם באַוואוסטן ציוניסט גלוסקין. ער איז געווען פאַרבונדן מיט דעם וויין־קעלער פון באַראָן ראָטשילד אין ראשון לציון. נאָך זיין לעבן האָט ער דאָס הויז איבערגעלאָזט פאַר דער שטאָטישער ביבליאָטעק.

אמת, תל אביב וואָלט געדאַרפט האָבען איר הויפּט־ביבליאָטעק „שערי־ציון", אין אַ פיל שענערער און גרעסערער געביירע, אָבער די שטאָט האָט אַלעמאָל געהאַט גרויסע שוועריגקייטען פינאַנציעל. עס איז געווען אַ צייט ווען די לערער אין די שטאָטישע שולען האָבען נישט באַקומען זייער געהאַלט און האָבען געמוזט סטרייקען.

אין די לעצטע 43 יאָר האָט זיך פיל געענדערט אין דער ביבליאָטעק, פיל צום גוטען. מר. צוק און זיינע מיטאַרבעטער האָבען אַריינגעלייגט פיל אַרבעט. אָבער כדי צו בויען נייע געביידעס דאַרף מען האָבען אַסך געלט. אפילו אין אַזאַ רייך לאַנד ווי אַמעריקע האָבן זיך געמוזט געפינען רייכע לייט ווי ענדרו קאַרנעגי און דער מיליאָנער אַסטאָר, צו העלפען בויען געביידעס פאַר די ביבליאָטעקען פון דער שטאָט ניו יאָרק. אפשר וועט נאָך תל אביב זוכה זיין אין אונזערע יאָרען צו האָבען אַמעריקאַנישע רייכע אידען, וואָס זאָלען זיין פאַראינטערעסירט צו העלפען אויפבויען שיינע און גרויסע געביידעס פאַר די ביבליאָטעקן.

מיט דרך ארץ,
דזשוליוס האבער
ניו יארק, נ.

---

טאָג־מאָרגען זשורנאל, 13טער אָקטאָבער 1957

## אמעריקע און ארץ ישראל

װערטער רעדאַקטאָר!

אייערער חשוב'ער מיטאַרבעטער, ש. איזבאַן, אין זיין אַרטיקעל „שוין 100 יאָר ווי אידען לעבען אין ניו־זעלאַנד", דערמאָנט ער אויך דעם נאָמען אהרן וועכט, א געשעפטסמאַן אין ניו־זעלאַנד.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז אהרן וועכט איז געווען באַקאַנט אַלס א פראָמינענטער ציוניסט, וואָס איז געווען א מיטגליד פונ'ם ציוניסטישען אַקציאָנס קאָמיטעט. ער האָט דעמאָלט פאַרטרעטען אַרגענטינע. אין די יאָרען 1905־6, איז דער דעמאָלטדיגער סעקרעטערי אָװ סטעיט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, ע. רוט, געווען אויף א באַזוך אין אַרגענטינע, איז ער דאָרטען באַגריסט געוואָרען פון א ציוניסטישער דעלעגאַציע, פון וועלכער אהרן וועכט איז געווען דער אָנפירער. די קאָמיטע האָט געדאַנקט דעם סעקרעטערי אָװ סטעיט פאַר אַלעם וואָס אַמעריקע האָט געטאָן פאַר די אידען פון רוסלאַנד בשעת די גרויסע פּאָגראָמען. דעם סעקרעטערי'ס ענטפער איז געווען: „דאָס אַמעריקאַנער פאָלק, וועט מיט'ן גרעסטען פאַרגעניגען צו יעדער צייט העלפען די אידען, ווי עס זאָל נישט זיין, אָבער איך האָב דאָס געפיל, אַז אַן אייביגע הילף וועט קומען פאַר'ן אידישען פאָלק, ווען זיי וועלען האָבען זייער אַלט היימלאַנד אין ארץ־ישראל". ווען דאָס איז דערשינען אין דער פּרעסע, האָט דאָס דערמאָנט וואָס מיט עטליכע יאָר פריער האָט אַן אַנדערער סעקרעטערי אָװ סטעיט רזשאָן העי דערקלערט אין דער עפענטליכקייט, אַז „ווען מען גלויבט אין די הויפּט פונקטען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג מיינט ניט, אַז מ'איז ניט לאָיאַל צו דער מוטער־לאַנד"...

די דערקלערונגען פון די דעמאָלט באַוואוסטע אַמעריקאַנער שטאַטסמענער, איז פאַרעפענטליכט געוואָרען נאָך מיט 50 יאָר צוריק איידער די אַנטי־ציון „די אַמעריקען קאַונסיל אָװ דזשודאַאיזם" איז געגרינדעט געוואָרען.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האבער

ניו יאָרק

## היגען פּראַווען בר מצוה'ס אין ישראל

חשוב'ער רעדאַקטאָר!

אין צוזאַמענהאַנג מיט די נייעס אין אייער צייטונג פון פּראַוועון בר־מצוה'ס אין מדינת ישראל, וועט איר מיר דערלויבען צוצוגעבן אַז שוין אין יאָר 1926 האָט דער זייד־פאַבריקאַנט פון ווין, מר. דעלפינער, וואָס האָט אויך געהאַט אַ זייד־פאַבריק אין תל־אָביב, געבראַכט זיין בר־מצוה בחור קיין תל־אָביב, און אין דער גרויסער שול איז געפּראַוועט געוואָרען די בר־מצוה. אין ווינטער פון 1932 האָט מיין זון געהאַט זיין בר־מצוה אין חיפה, און מיט אַ יאָר שפּעטער האָט פרוי ראָוז דזשייקאָבס, דעמאָלט די נאַציאָנאַלע פּרעזידענטין פון דער הדסה, געפּראַוועט די בר־מצוה פון איר זון. אָבער דער סאַמע ערשטער צו פּראַווען די בר־מצוה פון זיין זון נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל, איז געווען מיין פריינט הערי פּישער, דעמאָלט דער פּרעזידענט פון לאָנג ביטש ציון דיסטריקט. איידער איך בין אָפּגעפאָרען אין מאַי, 1949, קיין ישראל, האָב איך צוגערעדט פריינט פּישער, אַז ער זאָל פּראַווען די בר־מצוה פון זיין אינגסטען זון יהודה אין מדינת ישראל. ווען איך האָב באַקומען פון פּישער'ן אַ בריוו אַז ער און זיין פרוי מיט דעם זון וועלען קומען אין מאָנאַט יוני קיין ישראל, האָב איך זיך געווענדט צו מיין פריינט הרב דר. מרדכי נוראָק. ער האָט געמאַכט די נויטיגע אַראַנזשירונגען אין דער גרויסער שוהל אין תל־אָביב. ווען דער רב האָט דערלאַנגט אַ קאָפּיע פון דעם תנ"ך צו דעם בר־מצוה בחור, זיינען אַלע געווען גערירט פון דעם רב'ס ווערטער.

זינט דעמאָלט אַגיטיר איך צו באַקאַנטע, אַז מ'זאָל פּראַווען בר־מצוה'ס אין מדינת ישראל. דאָס לאַנד האָט אַן איינקונפט און דער בר־מצוה בחור און די עלטערן האָבען אויך אַ גייסטיגען פאַרגעניגן און עס בלייבט אַן אָנדענק פאַר די אַלע פריינט, וואָס האָבען בייגעוואוינט די בר־מצוה אין אַ שוהל פון מדינת ישראל.

אַזוי ווי עס איז שוין דעמאָלט געווען רואיג אין לאַנד, ווייל מיט [illegible] מאָנאַט פריער איז געשלאָסען געוואָרען דער וואָפענשטילשטאַנד צווישען מדינת ישראל און די אַראַבישע לענדער אויף דעם גריכישען אינזעל ראָדעס, האָבען אידען אָנגעהויבען אַריינצושטראָמען אַלס טוריסטען. אידען פון די דעמאָקראַטישע לענדער האָבען געוואָלט זען די מדינה. איך דערמאָן זיך ווען איך האָב באַזוכט די כנסת, וואָס איז געווען אין תל־אָביב אין אַן איבערגעבויטען מואַווי־טעאַטער ביים ים, האָב איך באַגעגענט דעם איצטיגען פּרעזידענט יצחק בן־צבי, דעמאָלט אַ מיטגליד אין דער כנסת. ער האָט מיך אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז כאָטש ער זעט פיל אַמעריקאַנער אידישע טוריסטען אין די גאַסען פון תל־אָביב, אָבער זיי באַזוכען נישט ירושלים. עס האָט מיך אויך געוואונדערט, ביז איך אַליין בין נישט געווען אין דער אידישער הויפּט־שטאָט. מיין ענטפער האָב איך ערשט געקענט געבען, ווען איך האָב דאָרט פאַרבראַכט עטליכע טעג. די שטאָט האָט געהאַט אַ מאַנגעל אין וואַסער, אפילו האָטעלען האָבען נישט געהאַט גענוג וואַסער פאַר די געסט. אָבער מיט מאָנאַטען שפּעטער האָט מען צוריקגעשטעלט די וואַסער לייטונג וואָס די אַראַבער האָבען צעשטערט און זינט דעמאָלט איז ירושלים פאַרזיכערט מיט גענוג וואַסער, אַ גרויסער האָטעל האָט געקענט איינאָרדענען אַ סווימינג פּול ביים האָטעל מיט גרויס דערפאָלג.

לאָמיר אַלע האָפען, אַז שפּעטער עלטערן וועלען ברענגען זייערע קינדער און פּראַווען זייערע בר־מצוה'ס אין דער אידישער מדינה. די קינדער, ווי אויך די עלטערן און פריינט, וואָס וועלען בייוואוינען אַזאַ בר־מצוה, וועלען דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסען און מדינת ישראל וועט פון דעם האָבען אַן איינקונפט פון דאָלאַרען; און וואָס [illegible] נויטיגט זיך אַזוי. זאָל דאָס [illegible]ערען אַזאַ מנהג ביי אַמעריקאַנער אידישע עלטערן צו פּראַווען בר־מצוה'ס אין ישראל.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האָבער, נ.

## מאַטעריאַלען צו דער געשיכטע פון אַמעריקאַנער ציוניזם

חשוב'ער רעדאַקטאָר:

איר וועט מיר דערלויבען אויסצודריקען מיין דאַנק צו אייער חשוב'ען מיט־רעדאַקטאָר אהרן אַלפּערין פאַר זיינע אויספירליכע אַרטיקלען וועגן „60־יעריגען יובל פון ציוניזם". אין אַרטיקעל, פון זונטאָג דעם ערשטען סעפּטעמבער, ציטירט ער דעם בריוו, וואָס דר. הערצל האָט באַקומען פון ראַביי דר. עדוואַרד בראַוני, אין וועלכען דר. בראַוני האָט פאָרגעשלאָגען וועגען דער לייטונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, און האָט אָנגעגעבען צווישען די באַאַמטע פאַר דער אָרגאַניזאַציע זיין אייגענעם נאָמען אַלס דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר און דר. מיכל סינגער און ראַביי שעפּטעל שעפּער אַלס זיינע הילפס־אָרגאַניזאַטאָרן. דאָס האָט מיך פאַראינטערעסירט, ווייל מיט אַ יאָר צוריק האָב איך באַקומען אַ בריוו פון ירושלים, דאַטירט דעם 27טען יוני, 1956, פון דר. אַלעקסאַנדער בעין, וואָס איז באַקאַנט אַלס דער ביאָגראַף פון דר. הערצל, און איצט דער הויפּט־לייטער פון דעם ציוניסטישען אַרכיוו אין ירושלים.

דר. בעין דערמאָנט, אַז ער האָט איבערגעגעבען, אַז די אידישע אַגענטור וועט אַרויסגעבען אַלע שריפטען פון דר. הערצל אין העברעאיש, אין 20 בענדער. אין דעם בריוו מאַכט ער מיר אויפמערקזאַם, אַז דער ערשטער באַנד איז שוין אַרויס פון דרוק, און נאָך צוויי בענדער, וואָס אַנטהאַלטען הערצל'ס בריוו, וועלן אין קורצען אויך זיין פאַרטיג. אַבער אַזוי ווי צווישען די בריוו וואָס הערצל האָט באַקומען פון אַמעריקאַנער ציוניסטען, געפינען זיך בריוו פון דריי פּערזאָנען, וואָס מען ווייסט זעהר ווייניג פון זייער ציוניסטישער טעטיגקייט, אַזוי פאַרלאַנגט דר. בעין אַז איך זאָל אים איבערשיקען מעהרערע איינצעלהייטען וועגען זייערע טעטיגקייטען איז אַמעריקע.

וועגען לעאָן זאָלאָטקאָף, האָב איך באַלד איבערגעשיקט צו דר. בעין אַלץ וואָס דר. זאָלאָטקאָף האָט געטאָן פאַר דער באַוועגונג, און עס איז זעהר פיל. וועגען דר. מיכל סינגער האָב איך געצויגען דר. בעין'ס אויפמערקזאַמקייט צו וואָס איך האָב פאַרנאָטירט וועגען דר. סינגער אין מיין בוך „די אָדיסעי פון אַן אַמעריקאַנער ציוניסט". איך האָב נאָר צוגעגעבען, אַז ווען דר. סינגער האָט זיך צוריקגעצויגען פון דער ציוניסטישער אַרבעט, האָט ער זיך אָפּגעגעבען מיט זיין „סינגער'ס סטיעם פּרינטערס" אויף דער אידישער איסט סייד.

[illegible] ער ווייזען דר. עדוואַרד בראַוני, איז כמעט נישט דערמאָנט [illegible] ציוניסטישע טעטיגקייט. עס [illegible] באַקאַנט, אַז אין יאָר 1876, האָט ער איבערגעזעצט פון העברעאיש אויף ענגליש דאָס ספר „הישר". און ווען מען האָט אָפיציעל געעפענט דעם רעפאָרם טעמ, „געיטס אָוו האָופּ", אויף דער 86טער גאַס צווישען לעקסינגטאָן עוועניו און פּאַרק עוועניו, האָט ער אַלס ראַביי פאַרפאַסט אַ באַזונדערן סוירמאָן, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין אַ פּאַמפלעט וועגען דער אידישער רעליגיע. מיט צוויי יאָר שפּעטער, אין 1885, האָט ער אויך פאַרפאַסט אַ סידור אין העברעאיש און ענגליש, וואָס זיין טעמפּעל „געיטס אָוו האָופּ" האָט גענוצט פאַר זיינע זייער דאַווענערס.

איך האָב לעצטענס באַגעגענט אַ באַוואוסטע פּערזענליכקייט, וואָס האָט אויך גראַדואירט פון דעם רעפאָרם סעמינאַריום און האָט געקענט ראַביי דר. בראַוני פּערזענליך, האָט ער מיר איבערגעגעבען שטריכען פון דר. בראַוני. ער איז געווען אַ פאַנטאַזיאָר, געהאַט גערן סענסאַציעס און נישט אָנגעהאַלטען פיל יאָרען אַלס ראַביי אין טעמפּלען. מיט דעם וואָס ער האָט פאָרגעשלאָגען צו דר. הערצל זיין נאָמען אַלס הויפּט אָרגאַניזאַטאָר פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע, און האָט אָנגעגעבען די נעמען פון דר. סינגער און ראַביי שעפּער אַלס זיינע מיטהעלפערס, זעט מען שוין וואָס ער איז געווען. עס פרעגט זיך: ווי קומט עס, אַז

הערצל, וואָס האָט אים געזען טאָג און נאַכט אין דער שווערער אַרבעט, האָט געשענקט זיין אויפמערקזאַמקייט צו דר. בראוני'ס בריוו איבערהויפּט? דער ענטפער קאָן זיין, אַז דר. בראוני האָט אָנגעגעבען אין נרן אריין זיין איבערזעצונג פון ספר „הישר", און דאָס האָט אויף הערצל'ען געמאַכט אַן איינדרוק.

הערצל'ס אַכטונג פאַר די באַריכטען פון דר. סינגער, קאָן מען זען דערפון, וואָס שוין אין מאַי, 1897, האָט הערצל געפונען פאַר נויטיג צו פאַרצייכענען אין זיין טאָג־בוך, אַז סינגער, אין זיין לעצטען באַריכט, טיילט אים מיט, אַז דער ציוניזמוס מאַכט גרויסע פאָרשריטע אין אַמעריקע, און אויך דר. גאָטהייל (ער מיינט גוסטאַוו גאָטהייל פון טעמפּעל עמאַנועל) האָט צוזאַמענגערופען פיל ראַביים און זיי האָבען אָנערקענט דעם ציוניזם. ווען הערצל האָט אַרויסגעגעבען די וועכענטליכע ציוניסטישע צייטונג „די וועלט", האָט ער געווידמעט אין דעם ערשטען נומער פון דער „וועלט" צוויי און אַ האַלב זייטען פאַר די באַריכטען, וואָס ער האָט דערהאַלטען פון דר. סינגער וועגן ציוניסטישע טעטיגקייט אין אַמעריקע. ערשט ווען הערצל האָט זיך געטראָפען ביים צווייטען ציון קאָנגרעס אין אויגוסט 1898 פּערזענליך מיט דר. ריטשאַרד גאָטהייל, וואָס איז מיט זעקס וואָכען פריער אויסגעוויילט געוואָרען אַלס דער ערשטער פּרעזידענט פון דער נייער אָרגאַניזירטער פעדעראַציע פון אַמעריקאַנער ציוניסטען, און גאָטהייל האָט איבערגעגעבען פאַקטען וועגן דר. סינגער'ס אומפאַראַנטוואָרטליכקייט, און גאָטהייל האָט זיך אויך פאַררופען אויף בריוו, וואָס ער האָט בייגעלייגט אין זיין ערשטער אַנקלאַגע וועגן סינגער'ס אַקטיוויטעטען צו אָרגאַניזירן „פאַראייניגטע ציוניסטען פון די פאַראייניגטע שטאַטען", ערשט דאַן האָט הערצל געוויזען דעם קעיבעל, וואָס ער האָט דערהאַלטען פון דר. סינגער, אין 1898, וואָס לייטעט: „באַגריסונג צום ענערגישען פירער דר. טעאָדאָר הערצל. דאָס ביוראָ פון אונזערע פאַראייניגטע ציוניסטען פון די פאַראייניגטע שטאַטען איז שוין דערפענט. אונזער באַזיס איז דאָס באַזעלער פּראָגראַם און ציון עווענטועל. אונטערגעצייכענט, ראַביי דר. פיליפּ קליין, דר. איי. י. בלושטיין, און דר. מיכל סינגער".

מיט צוויי וואָכען שפּעטער האָט דר. הערצל באַקומען צוגעשיקט די נעמען פון אַלע אַנדערע באַאַמטע פון דער נייער אָרגאַניזאַציע, און אַ ליסטע פון 22 ציוניסטישע פאַראיינען, וואָס האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין דער אָרגאַניזאַציע (אויך דאָרט זעט מען נישט דעם נאָמען פון ראַביי דר. עדוואַרד בראוני). דער בריוו וואָס דר. גאָטהייל האָט זיך פאַררופען איז געווען פון אַ ציוני און אַ באַוואוסטער העברעער פון דער דעמאָלטדיגער צייט ביים נאָמען וואָלף שור, וואָס האָט מיטגעהאָלפען אין די יאָרען 1897־1898 צו גרינדען ציוניסטישע פאַראיינען אין סיינט פּאָול, מינעסאָטאַ, קענזעס סיטי און דע מאָין, איי‌אָוואַ. ווען סטיפען ט. ווייז, וואָס איז אויך געווען דעלעגאַט צו דעם קאָנגרעס צוזאַמען מיט דר. גאָטהייל, האָט זיך באַקלאָגט אויף סינגער'ס אומפּינקטליכקייט, און האָט אויך איבערגעגעבען פאַקטען, האָט דר. הערצל איבערגעריסען זיינע באַציאונגען מיט סינגער'ן, און נאָר אָנערקענט די נייע ציוניסטישע פעדעראַציע פון אַמעריקאַנער ציוניסטען, פון וועלכע דר. ריטשאַרד גאָטהייל איז געווען פּרעזידענט און סטיפען ס. ווייז, סעקרעטאַר.

דער לעצטער אַקט פון דר. מיכל סינגער'ס טעטיגקייט אין אַמעריקאַנער ציוניזם איז געווען, ווען ער האָט צוגעשיקט אַ טעלעגראַפישע באַגריסונג צום צווייטען ציון־קאָנגרעס קיין באַזעל, אין אויגוסט, 1898, און האָט אונטערגעצייכענט זיין נאָמען אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר.

מיט דרך־ארץ,

דזשוליוס האַבער

ניו יאָרק.

יהודה שפיגל,
רחוב בן-יהודה 105,
תל אביב. ישראל.

תל אביב, דיזענגאף. כ"א אלול תשי"ז

1957 סעפטעמבער 5טען

מיין זעהר ליעבער פריינד יוליאוס האבער !

תיכף אין אנהויב פון מיינע שורות מוז איך מודה זיין, אז ס'פעהלט מיר
פשוט דער פאסענדער אויסדרוק דיר צו דאנקען, ערשטענס, פאר דער זעהר
אנגענעהמער איבעראשונג וואס דו האסט אן מיר געדאכט און מיר געשיקט
דיין בוך, און, צווייטענס, פאר דעם בוך גופא, וואס לויט מיין מיינונג
דארף מען עס אויף אידיש רופען: "דער מזמור שיר פון אן אמעריקאנישען ציוניסט".
וואו איך זאל נישט אויפמישען באגעגען איך הארציגע חברים מיט וועלכע איך
האב פארבראכט די שעהנסטע יאהרען אין מיין לעבען. פיעלע מאמענטען עראינערן
וואו איך בין מיטאקטיוו געוועזען, און דאמאלס בין איך געוועזען יונג,
טעמפעראמענטפול, הומארפול, און מ'האט געקוקט דורך ראזיגע ברילען אין די
צוקונפט. מ'האט געגלויבט יעדעס וואורט וואס די פיהרער האבען געזאגט,
ווייל מ'האט דאס געפיהל געהאט אז זיי אליין גלויבען אין דעם וואס זיי זאגען.
אין דער פאנטאזיע לעב איך דורך בשעת לייענען דאס בוך דעם טעם פון
"חדש ימינו כקדם". – איך באוואונדער דיך וואס דו האסט אזויפיעל צייט און
מיה און ארבייט אויפגעבראכט, צוזאמענטראגענדיג דאס רייכע, פיעלפארביגע
מאטעריאל וואס דאס בוך ענטהאלט.

פאר מיר איז דיין בוך זעהר ווערטפול נישט נור ווייל איך ערלעב דערביי
נאך אמאל מאנכע אנגענעהמע און שפאנענדע מאמענטען אין וועלכע איך האב
אקטיוו טיילגענומען, נור אויך דערפאר, ווייל איך לערן דארויס איבער די
ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון די עסטרייך-אונגארישע ציוניסטען נאכדעם
ווי איך האב ניו-יארק פארלאזען אין 1910. צוואר אין די ערשטע יאהרען
בין איך נאך געשטאנען אין פארבינדונג מיט פיעלע חברים, און הארי סעקלער
האט מיינע בריעף אבגעדרוקט אין "אידישעם פאלק". אבער באלד איז געקומען
דער ערשטער וועלטקריעג און דער קאנטאקט איז אבגעבראכען געווארען. דערפאר
איז מיר זעהר אנגענעהם צו געפינען אין דיין בוך די פארטזעצונג וואס ביז
יעצט האב איך נור וועניג דערפון געוואוסט. דער אינדעקס ווייזט מיר אן
וואו צו געפינען וואס איך זוך. דאס דערמאנט מיך אן א וויץ וואס אין מיין
זכרון אליין איז ער א "בארדער" שוין מעהר ווי פופציג יאהר. א "יעקע" וואס
האט געוואוינט כל ימיו אין דארף צווישען גויים און האט גארנישט געוואוסט
פון אידישקייט איז אמאל מגולגל געווארען אין שטאדט (בערלין אדער האמבורג)
דוקא אום שבועות. דער בעקאנטער אדער קרוב ביי וועמען ער האט זיך אויפגע-
האלטען האט איהם מיטגענומען אין טעמפעל. ס'איז געקומען צו דער "פרעדיגט"
הערט ער ווי דער ראבינער רעדט מיט אזא בעגייסטערונג פון מאזעס און דער
גאנצער עולם קוועלט פון דער פרעדיגט. אונזער דארפסהעלד קאן נישט פארשטאנען
פארוואס דער ראבינער לויבט אזוי דעם העררן מאזעס, האט איהם זיין קרוב
ערקלעהרט, אז מאזעס האט געבראכט דעם פאלק די לוחות פון בארג סיני. לכתחילה
האט ער נישט באגריפען וואס פאר א גרויסע זאך דאס איז, נור נאכדעם ווי
ער האט "טיעף ארייגעקלעהרט" איז איהם אויפגעגאנגען א ליכט אין מוח:
"אהההההא, יעצט פערשטעה איך, אויס די לוחות ערזעהען וויר וואן די יאהרמערקטע
(יארידים) שטאטפינדען. דאס וואר ווירקליך איין גראסער מאן דער מאזעס!"

–––––––– און איך אז איך וויל עפיס וויסען וועגען געוויסע פערזאנען
אדער פערזענליכקייטען, אדער אינסטיטושאנס א.ז.ו. גיב איך א קוק אין "לוח"
וועלכען דו רופסט "אינדעקס" און איך ווייס תיכף ווען ס'איז יאריד – – –
נור ליידער דערמאנט מיך דאס שלום עליכם'ס "צוריק פון'ם יאריד"...

איך דאנק דיר נאך אמאל גאנץ הארציג פאר דיין פריינדליכקייט און וואונש
דיר א גוט געבענשט יאהר.
דיין פריינד

# ווער האט געמאַכט דעם אויפשטאַנד געגען סולטאַן פון אָמאַן?

ווערטהער רעדאַקטאָר:

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַרטיקעל „ווער האט געמאַכט דעם אויפשטאַנד געגען סולטאַן פון אַמאַן — קעניג סאַוד אָדער נאַסער" פון אייער השוב'ען מיטאַרבייטער און פאָרטרעטער אין דער יו־ען לעאָן קרישטאַל, וועט איר מיר ערלויבען צו דערמאַנען, אַז די געשיכטע ציט זיך שוין עטליכע יאָר, ווייל נאָך מיט פיר יאָר צוריק האָט דער פאָרטרעטער פון קעניג איבן סאַוד פון סאַודי אַראַביע אין דער יו־ען, ביי אַ קאָנפערענץ פון דער פרעסע, אָנגעקלאָגט די ענגלישע מאַכט אַז די ענגלישע סאָלדאַטען אין די קליינע שעיכדאָמס, וואָס גרעניצען זיך מיט סאַודי אַראַביע שיסען אַריבער די גרעניץ און האָבען שוין געטויטעט פילע איינוואוינער פון זיין לאַנד. עס האָט דאַמאָלס געהייסען, אַז דער זיכערהייט־ראָט וועט די זאַך דיסקוטירען, אָבער סיי אַמעריקע און סיי ענגלאַנד האָבען געזעהן, אַז די פראַגע זאָל ניט פאַרגעבראַכט ווערען פאַר'ן זיכערהייטס־ראָט, ווייל דאָס וואָלט געגעבען רוסלאַנד אַ מעגליכקייט צו מאַכען איר אייגענע פראָפּאַגאַנדע. מען האָט שוין דאַמאָלס געזעהן, אַז הינטער סאַודי־אַראַביע שטעהט אונזער אַמעריקאַנער אויל־טראַסט, וועלכער האָט אַן אויג אויף די עטליכע קליינע אַראַבישע שעיכדאָמס וואָס זיינען אונטער ענגלישער השפעה.

ווי באַוואוסט, זיינען די רייכע אויל פעלדער פון סאַודי־אַראַביע אונטער דער השפעה פון דעם אַמעריקאַנער אויל־טראַסט, וואָס צאָלט צום קעניג סאַוד אין ראָיאַלטיס מער ווי 300 מיליאָן דאָלאַר יערליך. אָבער ענגלאַנד האָט אין יאָר 1956 אויסגעצאָלט אין ראָיאַלטיס צו איין שעיכדאָם, וואָס האָט ווייניגער ווי 200 הונדערט טויזענט איינוואוינער, די גיגאַנטישע סומע פון 185 מיליאָן דאָלאַר. פון דעם אַליין זעהט מען דאָס דער מעכטיגער אַמעריקאַנער אויל - טראַסט [illegible] דאָרטען אַרויסשטופּען די ענגלישע אויל מאַגנאַטען. ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? עס ווערט דערצעהלט, אַז מיט 70–80 יאָר צוריק, ווען אַמעריקאַנער אין דער אויל בראַנזשע האָבען געהאַלטען אַן אויג אויף וועלכע אויל פעלדער, האָט מען געדונגען מענשען צו מאַכען דעם דזשאָב. אָבער אין איצטיגען צוואַנציגסטען יאָרהונדערט, פּאַסט דאָס שוין ניט. מוז מען דאָס מאַכען פיל איידעלער. מען האָט אויפגעבויט אַ פראַנקענשטיין אין דער פּערזאָן פון דעם דיקטאַטאָר נאַסער אין עגיפּטען, און מען האָט אים געמאַכט פאַר אַ גרויסען העלד אין דער אַראַבישער וועלט, און דורך אים, מיט דער הילף פון פילע מיליאָנען גוטע אַמעריקאַנישע דאָלאַרען, האָט מען געהאָפט אַרויסצושטויסען די ענגלענדער פון די רייכע אויל־פעלדער. דער אויל טראַסט האָט ניט ערוואַרטעט, אַז נאַסער וועט וועלען בעסער זיך שפּילען מיט די קאָמוניסטען. אָבער אַזוי ווי דער אויל־טראַסט האָט שוין אינוועסטירט אין דער זאַך, איז דאָס ניט אַזוי גרינג אָפּצושטעלען. איבערהויפּט ווען די אַמעריקאַנער האַלטען נאָך אַלץ, אַז נאַסער וועט נאָך צוריקקומען און זיי באַהילפיג זיין אין [illegible] פּלענער.

עס איז די אַמעריקאַנער ניט צום האַרצען, ווען די פרעסע ניט איבער[illegible] דאָס מען זעהט אַמעריקאַנער גע[illegible] ווער אין די הענט פון דעם סולטאַן'ס געגנער און דאָס געווער קומט פון סאַודי אַראַביע. דאָס הייסט, דאָס געווער וואָס אַמעריקע האָט געשאַנקען צו קעניג איבן סאַוד פאַר זעלבסט־פאַרטיידיגונג. איצט זעהט מען, אַז ער האָט אַ גרויסען טייל פון דעם אָוועקגעגעבען צו די רעבעלען און זיי ניצען עס געגען ענגלאַנד.

עס איז שוין באַוואוסט, אַז דער אַמעריקאַנער אויל־טראַסט, ווי אויך די אָפיציעלע וואַשינגטאָן, האַלטען אין איין קעבלען די אַראַבישע לענדער, איבערהויפּט דעם קעניג פון סאַודי־אַראַביע. יעדער באַגער פון דעם קעניג ווערט באַלד אויסגעפירט אין וואַשינגטאָן נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג. צום באַדויערען, האָבען אפילו אידען געגלויבט די פראָפּאַגאַנדע וואָס עס איז געקומען פון וואַשינגטאָן, אַז אַמעריקע מוז האָבען דעם אויל פון די אַראַבישע לענדער פאַר זעלבסט־פאַרטיידיגונג. אָבער די לעצטע טעג לייענען מיר אין דער טעגליכער פרעסע, דאָס אונזער פּרעזידענט האָט געגעבען אַן אויפטראַג אַז מען זאָל פאַרקירצען אָדער האַלב אָפּשטעלען דאָס אימפּאָרטירען פון אויל, ווייל די אַמעריקאַנער אויל־פעלדער גיבען אַרויס פיל אויל און מאַנכע פון די קוואַלען מוז מען דאָ פאַרמאַכען, ווייל מיר האָבען שוין אַן איבערפלוס פון דעם שוואַרצען גאָלד. דאָס הייסט, אַז מיר האָבען אַן איבער־פּראָדוקציע.

וואָס עס וועט זיין אין דער צוקונפט איז שווער צו פּראָפעצייען. אָבער פּאַבליים אין דער אויל אינדוסטרי פאַרזיכערען, אַז אַזוי פיל מיליאָנען, וואָס די אַראַבישע קעניגען האָבען באַקומען פון אַמעריקע אין ראָיאַלטיס, וועלען זיי שוין ניט באַקומען. יערענפאַלס, מדינת ישראל, וואָס איז אונז אַלעמען טייער, האָט געליטען פיל, ווייל וואַשינגטאָן האָט פאַרגעצויגען בעסער די אַראַבישע לענדער איידער מדינת ישראל. לאָמיר האָפען, אַז מען וועט נאָך געפינען מערערע נאַפט קוואַלען אין ישראל און דאָס לאַנד וועט מיט דער צייט זיין זעלבסטשטענדיג, וואָס אַנבאַלאַנגט נאַפט פאַר'ן לאַנד, און אויך דאָס אַמעריקע וועט איינזעהן, אַז מיט קעבלען די אַראַבישע לענדער, פירט זי גאַרנישט אויס. עס העלפט נאָך, אַז די אַראַבער זאָלען אָנהאַלטען זייער געגנערשאַפט צו ישראל.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האָבער.

ניו־יאָרק

טאָג־מאָרגען זשורנאל, אויגוסט 18טער 1957

## ציוניזם אין אמאָליגע גאַליצישע שטעטלעך

ווערטער רעדאַקטאָר:

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אינטערעסאַנטען אַרטיקעל פון אייער חשוב'ען מיטאַרבייטער, מנשה אונגער, „ערשטע ציוניסטישע רעדנער אין א חסידיש שטעטל", וועט איר מיר דערלויבען צו איבערגעבען אן ענליכע געשעעניש אין אונזער שטעטל „בויבערקע ביי לעמבערג" און אזוי ווי עס ווערט באלד זעכציג יאָר זייט דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין באַזעל, די שווייץ, איז [illegible] צו איבערגעבען די [illegible]

באלד נאָכ'ן ערשטען ציון קאָנגרעס, האָט געזאָלט אָפּגעהאַלטען ווערען אין אונזער שטעטל א מאסען פאַרזאַמלונג מיט דעם דעמאָלט באַוואוסטען פאָלקס־רעדנער לייבעל טויבעש, ווי ער האָט געזאָלט איבערגעבען זיינע איינדרוקען פון'ם קאָנגרעס, איבערהייפּט וועגען דעם אומשטערבליכען פירער דר. טעאָדאָר הערצל. די פאַרזאַמלונג האָט געדאַרפט אָבגעהאַלטען ווערען אין דער גרויסער שול. די חסידים זיינען געווען געגען דער פאַרזאַמלונג. אזוי ווי די נאַכטען אַרום דער שול זיינען שוין געווען פאַרפולט מיט



**דר. יוזף קובאַק**

**פאָטער פון גאַליציאַנער ציוניזם, גרינדער און פאָרזיצער פון דער ערשטער ציוניסטישער אַגודה „מקרא קודש" אין לעמבערג.**

מענטשען וואָס האָבען געוואָלט הערען דעם גרויסען רעדנער, איז אזוי שנעל ווי די שול האָט זיך געעפנט האָבען די מאַסען ארויסגעשטראָמט אין דער שול, כאָטש חסידים זיינען געשטאַנען ביי דער טיר אום צו שטערן דאָס אריינקומען. עס איז זיי נאָר געלונגען צוריקצוהאַלטען

# טאג־מארגען זשורנאל, אויגוסט 18טער, 1957

זייערע אייגענע זין אבער דאַרפֿן האבן זיך אן עצה געגעבן. איבערהויפט איז אינטערעסאנט איבערצוגעבן פון צוויי זין.

יואל שפיגעל, וואס איז מיט יארן שפעטער געווען דער מיט־רעדאקטאר פונ'ם לעמבערגער טאגבלאט, און איז אומגעבראכט געווארן פון היטלער'ס מערדערס, און דער אנדערער, אים צו לאנגע יארן, משה פישער, וואס האט אימיגרירט קיין אמעריקע, וואס צוזאמען מיט זיין ברודער אברהם זיינען באוואוסטע געשעפטסלייט.

זיי האבן, א גריסען־טייל פון זייער פארמעגען אינוועסטירט אין דער קאלאניע „רעננה", וואס איז געשאפען פון אונזער ניו יארקער אחוזה, וואס מיר האבן ארגאניזירט מיט 45 יאר צוריק. אזוי ווי שפיגעל און פישער זיינען פון זייערע עלטערן נישט דערלויבט געווארן אריינצוגיין אין דער שול, זענען זיי דורך א זייטיגער טיר ארויף צו דער ווייבערשער אפטיילונג און מיט א שטריק האבן זיי זיך ארונטערגעלאזען אין דער שול אום צו הערען ליידעל טויבעש איבערגעבען א רעפארט פונ'ם ציון קאנגרעס און פון דר. הערצל. ליידער האבן דעמאלט די חסידים געברויכט א טאקטיק, וואס מען האט קוים ערווארטעט פון פרומע אידען. זיי האבן געבראכט א זשאנדאר און ער איז ארויף אויף דעם באלעמער און ארונטערגעפירט דעם רעדנער, מיט א ווארנונג דאס ער מוז גלייך פארלאזען אינזער שטעטל, אז נישט וועט ער אים ארויספירן ביז דער באן וואס גייט קיין לעמבערג.

דאס ענליכע האט פאסירט אין פילע שטעט און שטעטלעך איבער גאנץ גאליציע און ווארשיינליך אויך אין אנדערע לענדער. אבער עס איז אינטערעסאנט, דאס גראד דעמאלט, ווען אין אונזער שטעטל האט מען נישט געלאזט האבן ציוניסטישע פארזאמלונגען, האבן אנדערע צוויי יונגעלייט פון בוי־בערקע, דא אין ניו יארק ארגאניזירט דעם ציון פאראיין „יהודה הלוי". איינער פון זיי איז משה שפיצבארד וואס איז דעמאלט געווען דער מענעדזשער פון דער פארמעלאוס־באנק אויף איסט בראדוויי, און דער אנדערער אברהם פרוכטער, וואס איז מיט יארן שפעטער געווען באשעפטיגט ביי דער ראקעפעלער אייל געזעלשאפט. שפיצבארד און פרוכטער, האבן צו זייער קינדהייט צו זיין די סאמע ערשטע צו זאמלען עטליכע וואכן נאך דעם ערשטען ציון קאנגרעס אויף א חתונה פון זייערע באקאנטע, א געוויסע סומע פאר'ן אידישן נאציאנאל פאנד, און דאס געלט איז אוועקגעשיקט געווארן צו דר. הערצל קיין ווין. דאס איז געווען פיר יאר נאך איידער דער אידישער נאציאנאל־פאנד איז געגרינדעט געווארן אויפ'ן פינפטען ציוני. קאנגרעס, אין יאר 1901.

מיט דרך ארץ,

**דזשוליוס האבער**

ניו יארק.

## פּיקאַנטע פּרטים וועגן דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינת ישראל

חשוב׳ער רעדאַקטאָר:

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַרטיקעל פון אייער חשוב׳ן מיטאַרבעטער ב. צ. גאָלדבערג, „פאַרוואָס אַמעריקע האָט זיך געוואַקלט ביים אויפשטעלן די אידישע מדינה”, וועט איר מיר דערלויבן צו קאָרעגירן דעם זאַץ „די דערקלערונג פון דער אומאָפּהענגיגער מדינה האָט בן גוריון געלייענט פיר אזייגער נאָכמיטאָג אין דער פאַלעסטינער צייט, דאָס איז געווען זעקס אזייגער אַמעריקאַנער צייט”. דאָס איז נישט אַזוי, ווייל פיר אזייגער נאָכמיטאָג איז געווען צען אזייגער אין דער פרי ניו־יאָרקער צייט.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז צען אינדערפרי האָט זיך דר. אבא הלל סילווער אויפגעשטעלט ביי דער דערעפענונג זיצונג אין לעיק סוקסעס, און האָט דערקלערט, אַז היינט, דעם 14טען מאַי, וואָס איז איצט פיר אזייגער פאַלעסטינער צייט, האָט דוד בן גוריון געלייענט די פּראָקלאַמאַציע פאַר דער אומאָפּהענגיגער מדינה, און צו דער לייכער צייט האָט דר. סילווער עראַנקט דעם קאָמיטעט פון דער רען פאַר געבען איב די געלעגנהייט בייצוזאַוויינען די זיצונגען און נעמען אַן אַנטייל ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ארץ ישראל. דר. סילווער האָט דערקלערט, אַז מדינת ישראל וועט האָבן אייגענע פאַרטרעטער ביי די זיצונגען פון דער יו־ען. ער האָט אויך דערקלערט, אַז ער, אַלס אַן אַמעריקאַנער בירגער, האָט זיך ביז דעמאָלט באַטייליגט אין דער יו־ען, אַלס אַ מיטגליד פון דער אידישער אַגענטור, אָבער איצט, ווען ישראל האָט זיך דערקלערט אַלס מדינה, וועט זי האָבן אייגענע פאַרטרעטער.

די זיצונג האָט דעם טאָג אָנגעהאַלטען אין לעיק סוקסעס ביז דריי אזייגער נאָכמיטאָג. און פון לעיק סוקסעס האָבן זיך די יו־ען דעלעגאַטען צוגעאיילט צו דער ספּעציעלער זיצונג פון דער דזשענעראַל אַסעמבלי, וואָס האָט זיך געעפענט מיט אַ שעה שפּעטער אין פלאַשינג מעדאָו. די דעלעגאַטען און די ציטונגס־פאַרטרעטער זענען געזעסען ווי אויף הייסע קוילן. מיר האָבן געהאַלטן אין איין קוקן אויפ׳ן זייגער, ווייל ביז זעקס אזייגער האָבן נאָך די שונאים פון אַ אידישען שטאַט ביי דער יו־ען געקאָנט אַריינברענגען אַ רעזאָלוציע געגען דעם דערקלערונג, אָבער ווען דער זייגער האָט געוויזען אַ מינוט נאָך זעקס, זענען מיר שוין געווען באַרואיגט און מיר האָבן זיך שוין געוואונשען מזל־טוב.

צען מינוט נאָכדעם איז דורכגעלאָפען אַ מעסענדזשער פון איינער פון די גרויסע נייעס אַגענטורן, וואָס איך האָב געקענט אין דער יו־ען, און האָט מיר אַריינגעזאָגט אין אויער, אַז אַמעריקע האָט נאָר וואָס אָנערקענט מדינת ישראל. איך האָב דאָס איבערגעגעבען צו דעם פאַרטרעטער פון דער טעגליכער ניו יאָרק טריביון, וואָס איז געזעסען לעבן מיר, דזשאָן ראָדזשערס, מיט וועמען איך בין געווען באַפריינדעט נאָך פון ארץ ישראל. זיינע ערשטע ווערטער זענען געווען: „מאַך דיך נישט נאַריש. זע אונטען, ווי די אַמעריקאַנער דעלעגאַציע זיצט זיך אַזוי רואיג. ווען עס זאָל זיין ווי דו זאָגסט, וואָלטן זיי געווען די ערשטע דאָס צו וויסען!” און אַזוי ווי ער האָט גערעדט צו מיר האָבן מיר באַמערקט ווי עטלעכע פון דער אַמעריקאַנער רעלעגאַציע ביי דער דזשענעראַל אַסעמבלי זענען אַרויסגערופען געוואָרען צום טעלעפאָן, און ערשט דאַן איז דזשאָן ראָדזשערס אַליין אויך אַראָנטערגעלאָפען צוזאַמען מיט די אַנדערע ציטונגסלייט פון דער פרעסע אַבטיילונג, און שנעל איז דער זאַל פון דער דזשענעראַל אַסעמבלי פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ מאַסען־פאַרזאַמלונג. די זיצונג איז שוין מער נישט אָנגעגאַנגען, און איך האָב באַמערקט ווי אַראַבישע ציטונגס פאַרטרעטער האָבן זיך געווישט די אויגען און מיט טרערן באַהויפּטעט, אַז אין ווייניגער ווי אין אַ מאָנאַט וועט די אידישע מדינה אָפּגעווישט ווערען פון דער ערד...

דזשאָן ראָדזשערס האָט מיר דעם זעלבען טאָג איבערגעגעבען, אַז דער הויפּט פון דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע ביי דער יו־ען, וואָרען אָסטין, מיט וועמען ער איז געווען באַפריינדעט, האָט אים מיט אַ טאָג פריער געזאָגט, אַז ווי עס זעט אויס וועט בן גוריון נישט פּראָקלאַמירען קיין אידישע מדינה, און פאַלעסטינע וועט אַ געוויסע צייט מוזען זיין אונטער אַ טראַסטישיפּ, ווייל דאָס איז געווען דער פאַרלאַנג פון דעם דעמאָלטדיגען סעקרעטאַר פון סטעיט דזשאָרדזש מאַרשאַל, אָבער דער פּרעזידענט העררי ס. טרומאַן, ווי שוין באַקאַנט, האָט אַנדערש געדענקט. אין דאַנק טרומאַנ׳ען איז מדינת ישראל אָנערקענט געוואָרען שוין באַלד אין דער פרי, שבת דעם 15טען מאַי, פון פילע לענדער, איינגעשלאָסען סאָוועט־רוסלאַנד.

מיט דרך ארץ

רזשוליוס האַבער

ניו־יאָרק

## אינטערעסאַנטע „פאַקטען" וועגן סיירוס ל. סולצבערגער, פאָטער פונ'ם אַרויסגעבער פון דער „ניו יאָרק טאַימס"

ווערטער רעדאַקטאָר:

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַרטיקעל פון אייער חשוב'ן מיטאַרבייטער נ. זאַלאָוויץ, „נייער פּרעזידענט פון ניו יאָרק טאַימס", ווערט אויך דערמאָנט דער פאָטער פון דעם פּאַבלישער, אַרטור העיז סולצבערגער. דער פאָטער פון אַרטור העיז, סיירוס ל. סולצבערגער, האָט געהאַט זעהר גרויסע פאַרדינסטען אין זיין צייט. איך דערמאָן זיך, ווען אין נאָוועמבער 1905 זיינען אויסגעבראָכען די פּאָגראָמען אויף אונזערע ברידער אין רוסלאַנד, האָט זיך געגרינדעט דאָ, אין אַמעריקע, אַ קאָמיטעט, אום צו זאַמלען געלט שטיצע פאַר די געליטענע פונ'ם פּאָגראָם, מיט דעם אידישען שטאַטסמאַן, אָסקאַר שטראָוס, אַלס טשערמאַן, און דעם דעמאָלסט באַוואוסטען אידישען באַנקיר, יעקב ה. שיף, אַלס טרעזשורער, און סיירוס ל. סולצבערגער אַלס עהרן־סעקרעטאַר.

ווי מיר געדענקען, האָט ער אַוועקגעגעבען טעג און נעכט אין דער ריזיגער אַרבייט צו שאַפען שנעל גרויסע סומען געלט, וואָס איז געווען זעהר נויטיג. אין ווייניגער פון צוויי מאָנאַטען האָט די קאָמיטע איבערגעשיקט קיין רוסלאַנד איבער אַ מיליאָן און 500 טויזענט דאָלאַר. עס איז דעמאָלסט געווען אַ ריזיגע סומע און עס האָט פאַרלאַנגט, ווי שוין געזאָגט, זעהר פיל אַרבייט.

מר. סיירוס סולצבערגער האָט זיך מיט צוויי יאָר פאַר די פּאָגראָמען באַקענט מיט דר. טעאָדאָר הערצל, ביים 6טען ציון קאָנגרעס אין באַזעל, אין 1903, וואו ער איז געווען אַלס דעלעגאַט פון דער פעדעראַציע פון אמעריקאַנער ציוניסטען (די הויפּטיגע זייאָניסט אָרגאַניזיישאָן אין אַמעריקע). סולצבערגער איז דעמאָלסט אויך געווען דער וויצע־פּרעזידענט פון דער ציון פעדעראַציע.

ווי באַוואוסט, האָט מען אויף דעם 6טען ציון־קאָנגרעס פאַרהאַנדעלט וועגן אוגאַנדאַ. סולצבערגער האָט געשטיצט דר. הערצל'ען אין דער אוגאַנדאַ־פראַגע.

ווען סולצבערגער האָט זיך צוריקגעקערט פונ'ם קאָנגרעס, האָט ער פאַר אונז איבערגעגעבען אַ באַריכט פון דעם קאָנגרעס. די מייניסטע צייט אין זיין באַריכט האָט ער גערעדט וועגן דער פּערזאָן הערצל. סולצבערגער איז געווען באַגייסטערט, ווען דר. הערצל און ער האָבען באַזוכט שבת די שיהל אין באַזעל, וואו הערצל איז אויפגערופען געוואָרען צו דער תורה און האָט געגעבען די סומע פון 800 שווייצאַרישע פראַנקען פאַר דער שיהל, וואָס איז דעמאָלסט געווען 160 אַמעריקאַנער דאָלאַר. אין דער צייט האָט הערצל שוין געהאַט פּאַקטיש אויסגעגעבען זיינע און זיין פאָטער'ס פאַרמעגען פאַר'ן ציון אידעאַל.

איך דערמאָן זיך אויך דאָס סולצבערגער'ס רעפּאָרט וועגן דר. הערצל האָט געדויערט אַבער אַ שעה און איבער'ן קאָנגרעס האָט ער גערעדט ווייניגער ווי אַ האַלבע שעה. אין די שפּעטערע יאָרען האָט סיירוס סולצבערגער פיל געהאָלפען דר. י. ל. מאַגנעס'ן אין זיין אַרבייט פאַר'ן העברעאישען אוניווערזיטעט אין ירושלים. סיירוס סולצבערגער האָט זיינע בייסטייערונגען אָנגעהאַלטען ביז זיין טויט אין יאָר 1932.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האבער,

ניו יאָרק, נ. י.

טאָג-מאָרגען זשורנאל, יולי 2טער, 1957

## וועגן אַן אינטערעסאַנטער פּאַסירונג

חשוב'ער רעדאַקטאָר

די נייעס אין „טאָג-מאָרגען זשורנאַל", אַז הונדערט פּאָליסלייט האָבן באַשיצט דעם נאַצי-דיריגענט אין קאַרנעגי-האָל, דערמאַנט אין די ערשטע באַריכטען, וואָס דאָן סטיפען ס. וויז, ע"ה, האָט געשיקט צו דר. הערצל'ען אין וויען.

ווי שוין באַוואוסט, האָט דר. הערצל, ע"ה אין יאָר 1898, ביים צווייטען ציון קאָנגרעס אין באַזעל, באַאויפטראַגט ראַבינער וויז, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ דעלעגאַט צום ציון קאָנגרעס פון אַמעריקע, אַז ער זאָל צושיקען צו הערצל'ען אַלע וויכטיגע נייעס וועגן ציוניזם ווי אויך וועגן אַנדערע וויכטיגע אידישע אַקטיוויטעטען אין אַמעריקע, וואָס זאָלען זיין פּאַסיג צו פאַרעפענטליכען אין דער אָפיציעלער ציוניסטישער וועכענטליכער צייטונג „די וועלט", וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פון דר. הערצל'ען אין 1897.

דעם ערשטען באַריכט האָט [illegible] וויז צוגעשיקט אין נאָוועמבער, 1898. ביי דער אָפיציעלער דערעפענונג פון דעם „היברו טעכניקאַל אינסטיטוט" האָט דער דאַמאָלדיגער ניי-דערוויילטער גאָווערנאָר פון דעם שטאַט ניו יאָרק, טעאָדאָר רוזוועלט, אין זיין רעדע דערציילט, אַז ווען ער איז געווען פּאָליציי-קאָמישאָנער פון ניו יאָרק, איז צו אים געקומען אַ קאָמיטע, וואָס איז געווען פאַראינטערעסירט אין אַ באַוואוסטען אַנטיסעמיטישען אַגיטאַטאָר אהלוואַרדט, וואָס איז אַהערגעקומען פון אייראָפּע. זיי האָבן פאַרלאַנגט פון דעם פּאָליציי-קאָמישאָנער ער זאָל געבען פּאָליציי-זיכערונג פאַר דער גרויסער פאַרזאַמלונג, וואו דער אַנטיסעמיט האָט גערעדט. רוזוועלט האָט צוגעשיקט צו דער פאַרזאַמלונג 30 פּאָליסלייט. צו מאָרגענס נאָך דער פאַרזאַמלונג איז די קאָמיטע מיט אהלוואַרדט'ן געקומען צו רוזוועלט'ן אים צו דאַנקען פאַר צושיקען פּאָליציי צו האַלטען אָרדנונג ביי דער פאַרזאַמלונג. רוזוועלט האָט זיי אויפגענומען העפליך און געזאָגט, אַז די אַלע פּאָליסלייט, וואָס ער האָט געשיקט צו האַלטען אָרדענונג זענען געווען אידישע, און זיי, ווי אויך די אידישע באַפעלקערונג פון ניו יאָרק, זענען פיינע אַרבעטסזאַמע בירגער פון דער גרויסער שטאַט צוגלייך מיט ~~דער נישט-אידישער באַפעלקערונג.~~ אַבער אויף להבא וועט ער אַלס פּאָליציי-קאָמישאָנער נישט שיקען זיינע מענשען צו באַשיצען אַ פאַרזאַמלונג, וואו מען באַשמוצט די אידישע באַפעלקערונג. רוזוועלט האָט געראָטען זיי זאָלען אויפגעבן די אַנדערע פאַרזאַמלונגען, וואָס דער אַנטיסעמיט האָט אָרגאַניזירט, ווייל ער, אַלס הויפּט פון דער פּאָליציי, וועט נישט דולדען, אַז מען זאָל ביי אַן עפענטליכע פאַרזאַמלונג באַליידיגען די אידישע איינוואוינער. דאָס איז דעמאָלט געווען די ענדע פון דעם אַנטיסעמיט'ס באַזוך אין ניו יאָרק.

אין דעם זעלבען [illegible] האָט דר. וויז אויך איבערגעגעבען, אַז דער אַמט אַלס מיניסטער צו דער טערקישער רעגירונג, וואָס אָסקאַר שטרויס האָט פאַרנומען, וועט אין גיכען דערהויבען ווערען צו אַ פולען אַמבאַסאַדאָר. די נייעס האָט הערצל'ען זעהר דערמוטיגט, ווייל, ווי באַוואוסט, האָט דר. הערצל דעמאָלט געזוכט די באַקאַנטשאַפט פון פּראָמינענטע פּערזאָנען, וואָס האָבן געהאַט אַ צוטריט צום טערקישען הויף.

דר. וויז איז אויך אין זיין צייט באַאויפטראַגט געווען צו שיקען איינצעלהייטען וועגען דעם שטעטעל וואודביין, ניו דזשוירזי, וואָס איז עטאַבלירט געוואָרען מיט די געלטער פון באַראָן מאָרים דע הירש אין 1891. אזוי ווי דר. וויז האָט נאָך זיין צוריקקערן פונ׳ם קאָנגרעס אָנגענומען אַ פּאָסטען אלס ראַבינער אין פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן, איז אים ניט געווען מעגליך ווייטער צו שיקען קאָרעספּאָנדענצען פון דאָרטן. אָבער מיט עטליכע יאָר שפּעטער האָט אַן אדוואָקאַט פון גאַליציע מיט׳ן נאָמען דר. ה. סיראָפּ, באַזוכט וואודביין, און האָט פאַרעפענטליכט אין דער טעגליכער צייטונג פון לעמבערג איינצעלהייטען וועגען וואודביין, וואָס זענען אין יאָר 1905, שוין נאָכ׳ן טויט פון אונזער אומפאַרגעסליכן פירער דר. הערצל, דערשינען אין „דער וועלט". דר. סיראָפּ האָט איבערגעגעבן, דאָס ווען ער האָט באַזוכט וואודביין, האָט דאָס שטעטעל געהאַט 2,500 איינוואוינער, אלע אידען. זיי האָבען געוואוינט אין קליינע הייזער, מיט אלע באַקוועמליכקייטן לויט דער דאַמאָלסדיגער צייט. דער מעיאָר פון וואודביין איז געווען ה. ל. סאַבסאָוויטש, ער איז אויך געווען דער הויפּט פון דער שול, וואו 400 קינדער האָבען געלערנט, און אויך פון [illegible] קינדער־גאָרטען, ווי אויך פון [illegible]

פרייטאָג, 4 נאָכמיטאָג. זיי האָבען פאַרדינט צווישען 8־6 דאָלאַר אַ וואָך, פון דעם האָבען זיי געצאָלט רענט זעקס דאָלאַר אַ חודש. האָט האָט אויך שוין אנטהאלטען דאָס אויסצאָלונג פון דעם הויז. עס איז געווען אויסגערעכנט, אז דאָס וועט נעמען ביז 10 יאָר, און יעדער וועט האָבען אויסגעצאָלט זיין הויז. דאָס שטעטעל האָט געהאַט איין פּאָליסמאַן, און ער האָט נישט געהאַט אַ שטאָך אַרבעט, די מיינסטע צייט האָט מען אים געטראָפען אין וויין היים.

די מיינסטע פון די איינוואוינער זענען געווען אידען פון רוסלאַנד. אלע איינוואוינער פון וואודביין האָבען זיך געהאַלטען גלייך; געשט קיין אונטערשיד אויב ער איז געווען דער דאָקטאָר, באַאַמטער, לערער, אָדער אַ פּראָסטער אַרבעטער. דר. סיראָפּ האָט אויך באַזוכט די פיר אַגריקולטור קאָלאָניעס, וואָס זענען געגרינדעט געוואָרען מיט דער שטיצע פונ׳ם באַראָן הירש פאָנד. די קאָלאָניעס האָבען זיך געפונען אַ שעה רייזע פון וואודביין. דאָס זענען געווען די נעמען פון די 4 קאָלאָניעס: אַליאַנס, כרמל, ראָזענהיים און נאָרמאַ.

דאָס אינטערעסאַנטסטע איז געווען, אַז 9 יאָר שפּעטער נאָכדעם ווי דר. וויז האָט באַקומען די מיסיע צו באַריכטען וועגען וואודביין, האָט דר. וויז דערמאָנט ביים חנוכה־אָווענט, וואָס אונזער עסטרייך־אונגאַרישער ציון פאַראיין האָט פאַראַנשטאַלט אין פאָלקסגעייסעאום האָל, אויף דער איסט־סייד. אין יאָר 1907 האָט וויז געגרינדעט, און איז געווען דער גייסטיגער פירער פון דער „פרי־סינאַגאָג" אין קאַרנעגי האָל.

**דזשוליוס האָבער,**
ניו־יאָרק.

[illegible]
...יינסטע פון דער באַפעלקערונג ה...
...ט געאַרבייט אין די פיר פאַבריקע...
... (מילינערי און קליידער), די אַרב...
...עטס־טעג זענען געווען פון זונט...
...אָג פרי ביז

טאָג־מאָרגען זשורנאַל, 26טער דעצעמבער 1956

# נפתלי־הערץ אימבער

## (צום 100־טן געבוירענטאָג פונ'ם מחבר פון „התקוה")

פון דזשוליוס האַבער

היאָר איז געוואָרען 100 יאָר זינט ס'איז געבוירען געוואָרען דער מחבר פון אידיש־נאַציאָנאַלן הימן „התקוה", נפתלי הערץ אימבער.

די „התקוה" האָט אויסגעאיבט א ריזיגען איינפלוס אויף אידען אין דער גאַנצער וועלט, א סך א גרעסערען ווי וועלכע ס'איז אַנדערע מעלאָדיע. אומעטום וואו אידען קלייבען זיך צוזאַמען, זינגען זיי אימבער'ס אומשטערבליכע ווערטער. מיליאָנען משה'לאַך און שלמה'לאַך, שרה'לאַך און דבורה'לאַך מאַכען די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט אונזער קולטור א דאַנק דער „התקוה". די האָפענונגען, די חלומות, אַספּיראַציעס און שטרעבונגען פון דעם אידישען פאָלק קומען צום נשמה'דיגען אויסדרוק אין אימבער'ס אויפרודערנדיגע און באַגייסטערנדע פערזען.

און דאָך מוז מען זאָגען מיט אַן אויפריכטיגן באַדויער אַז די דאַטע פון אימבער'ס געבוירנטאָג איז אַדורך כמעט ווי אומבאַמערקט. און דאָס איז מאָדנע דערפאַר, ווייל די אַלע וואָס האָבן געקענט אימבער'ן ווייסען און געדענקען אים אלס אַן אימפּולסיווען מענשען מיט א שטאַרקען ווילען, הגם ניט קיין פּראַקטישען. ער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די ראָמאַנטישע קאָנצעפּציע פון א פּאָעט, און אפשר דערפאַר איז ער גלייכצייטיג געווען באַליבט און געהאַסט.

מען האָט וועגען אימבער'ן אָפטמאָל גערעדט ווי וועגען א שווערען עגאָצענטריקער, גענצליך פאַרטאָן אין זיך, וועמען ס'גייען ניט אָן קיין מענשליכע ווערטען. ער האָט אָבער אויך געהאַט מעלות, טיף פאַרבאָרגענע, וואָס פלעגען נאָר אַמאָל קומען צום אויסדרוק. אין די לעצטע טעג פון זיין אָרימען, ביטערען לעבען, פלעגט ער פאַר די לעצטע פענים קויפען קאַוועס (וואָטערמעלאָנס) אויף דער איסט סאַיד און פאַנאַנדערטיילען זיי צו הונגעריגע אָרימעלייט.

כ'דערמאָן זיך, ווי אימבער האָט אין יאָר 1907 באַזוכט די קלוב־צימערן פון די עסטרייך־אונגאַרישע ציוניסטען אויף דער איסט־סאַיד, אין דער באַגלייטונג פון דעם פאָטער פון אידישען טעאַטער, אברהם גאָלדפאַדען. פון דעם אופן ווי זיי זיינען אַריינגעקומען אין די קלוב־צימערן, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז אימבער איז א גענעראַל. זיין אָרעם איז געווען פאַרוואָרפען איבער גאָלדפאַדענ'ס פּלייצע, און געניגט זיך אויף רעכטס און לינקס. אימבער פלעגט נאָר ריידען וועגען זיך, און דאָך האָבען מיר זיך צוגעהערט, ווי דער זלאָטשאָווער יונגערמאַן (פון גאַליציע) האָט אָנגעשריבען די העברעאישע פּאָעמע „אוסטריא" לכבוד דעם קיסר פראַנץ יאָזעף און איבערגעשיקט פּאָעמע אין א דייטשער איבערזעצונג צום קיסר. אימבער האָט שפּעטער געקראָגען א בריוו פונ'ם קיסר מיט א טשעק אויף 25 גולדען (10 דאָלאַר). אימבער איז דעמאָלט אַלט געווען בלויז 15 יאָר, און ער האָט דאָס געשעענע איבערגעטייטשט אין דעם זין, אַז ער האָט שוין דערגרייכט א הויכע ליטעראַרישע פּאָזיציע.

א פּאָר יאָר נאָך זיין פאָטער'ס טויט, איז אימבער אָפּגעפאָרען קיין בראָדי, וואו ער האָט זיך באַקענט מיט א געוויסען פעלדמאַן, א שטיקעל סוחר וואָס האָט זיך באַהאַלטען פאַר א גאַנצען פּאָעט... פעלדמאַן האָט גענומען אימבער'ן אין א שענקעל, געגעבען אים א שנאַפּסעל, און אָנגעהויבען פאָרצולעזען זיין פּאָעזיע. פעלדמאַנ'ס שירים האָבן געהאַט אַזאַ מין טעם, אַז אימבער

## טאָג־מאָרגען זשורנאל,26טער דעצעמבער 1956

האָט זיך געהייסען דערלאַנגען איין גלעזעל נאָך אַ צווייטס. צום גליק איז אין שענקעל אריינגעקומען אימבער׳ס אַ האַנדסמאַן פון זלאָטשעוו, מייסען, וואָס האָט אימבער׳ן איינגעלאַדען צו אַ מאָלצייט.

מייסען האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ בעל מדקדק. נאָכ׳ן מיטאָג האָט מייסען „אַנטדעקט״ פאַר אימבער׳ן די „נייעס״, אַז ער, מייסען, האָט „געפונען״ אַ „גרייז״ אין יהודה הלוי׳ס אַ שיר. אימבער איז געבליבען זיצען רואיג און קאַלט. דאַן האָט מייסען זיך אָפּגערופען, אַז אימבער וועט ניט זיין קיין גרויסער דיכטער, סיידען ער וועט זיך פריער ניט אויסלערנען דקדוק.

אימבער האָט דענסטמאָל אַ זאָג געטאָן, אַז ישעיהו הנביא האָט אויך ניט געקאָנט קיין דקדוק, און פונדעסטוועגען איז ער איינער פון די גרעסטע וועלט־דיכטער. „דער מאָגען און די נשמה״ — האָט אימבער מוסיף געווען — „האָבן עפּעס געמיינזאַמעס: זיי ביידע ווילען ניט וויסען פון קיין דקדוק״...

אויף צומאָרגענס האָט אימבער באַזוכט דעם בראָדער למדן ר׳ הערשל שאָר און געכאַפּט מיט אים אַ שמועס.

אין רעזולטאַט פון אָט דעם שמועס איז די „התקוה״ געבוירען געוואָרען.

שאָר האָט גע׳עצה׳ט אימבער׳ן צו שרייבען פּשוט און פאַרשטענדליך, ס׳זאָל אַפּעלירען צום מאַסען־מענש, ווי אויך דערמוטיגט אים צו שרייבען דעם נאַציאָנאַלען אידישען הימן.

שאָר׳ס ווערטער זיינען טיף אריינגעדרונגען אין אימבער׳ס וועזען, און ניט געגעבען אים קיין רו.

אימבער האָט צונויפגעקליבען אַלע זיינע מאַנוסקריפּטען און איז אוועקגעפאָרען קיין לעמבערג זיך זען מיט אברהם קראָכמאַל׳ן, אַ באַרימטער געלערנטער זון פון ר׳ נחמן קראָכמאַל.

ער האָט זיך געטראָפען ט קראָכמאַל׳ען אין אַ לעמבערגער קאַפע. צוערשט איז קראָכמאַל ניט געווען ווילינג צו לעזען אימבער׳ס שירים. שפּעטער אָבער ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז דער קיסר אַליין האָט באַערט אימבער׳ן, האָט ער גענומען לייענען אימבער׳ס לידער. דער איינדרוק פון די שירים איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז קראָכמאַל האָט גערופען צו זיך אַ דרוקעריי, ווי אויך געזאַמעלט געלט צווישען זיינע פריינד אום ארויסצוגבן 1000 עקזעמפּליאַרען פון אימבער׳ס פּאָעזיע.

דער באַנד לידער איז געווען אַ סוקסעס.

קראָכמאַל האָט אוועקגעפירט אימבער׳ן צוערשט צו אַ באַרבער, דאַן צו אַ שניידער — און אין 24 שעה איז שוין אימבער געווען אַ מאָדערן געקליידעטער יונגערמאַן. קראָכמאַל האָט אַפילו געוואָלט שיקען אימבער׳ן אין גימנאַזיע, אָבער אימבער׳ס מוטער האָט זיך ווענען דעם דערוואוסט און זי איז גלייך אראָפּגעקומען קיין לעמבערג און באַשטאַנען אויף דעם, אַז איר זון זאָל תיכף ומיד פאָרען מיט איר צוריק קיין זלאָטשעוו.

אימבער האָט זיך אין זלאָטשעוו לאַנג ניט אויפגעהאַלטען. אין 1882 איז ער צוגעשטאַנען צו דער בילויים־באַוועגונג און מיט דער מוטער׳ס צושטימונג געקליבען זיך פאָרען קיין ארץ ישראל. אויפ׳ן וועג האָט ער זיך אויפגעהאַלטען אין בולגאַריע און קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואו ער האָט זיך, אגב, באַפריינדעט מיט סער לאָורענס אליפענט, דעם פריינד פון אַ אידיש לאַנד.

אין 1886 האָט אימבער פאַרעפענטליכט אַ באַנד לידער אונטער׳ן נאָמען „ברקאי״, אין וועלכען ס׳האָט זיך אויך געפונען „התקוה״, וואָס איז געוואָרען דער נאַציאָנאַלער הימן פון אידישען פאָלק און פון מדינת ישראל.

# אידישע פאַרמער אין אַמעריקע

ווערטער רעדאַקטאָר:

עס קומט אַ דאַנק אייער חשוב'ן מיטאַרבייטער י. שמועליוויטש, פאַר די אַרטיקלען וועגן די אידישע פאַרמערס אין ניו יאָרק סטעיט. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ווערט דער נאָמען פון באַראָן מאָריץ דע הירש דערמאָנט, אַלס דער יעניגער וואָס האָט געהאָלפען באַזעצען אידען אויפ'ן לאַנד אַלס פאַרמערס. ליידער האָט מר. שמועליוויטש געענדיגט זיינע אַרטיקלען און ניט דערמאָנט דאָס אויך אין פילע שטעטלעך אין ניו דזשוירזי האָבען זיך באַזעצט אידען אויפ'ן לאַנד און זיינען געוואָרען גוטע פאַרמערס, און זיי מאַכען אַ גוט לעבען. עס האָט אויך געזאָלט דערמאָנט ווערען דאָס ריין־אידיש שטעטל וואוּדביין, וואו דער באַראָן האָט אין יאָר 1891 געגרינדעט די דעמאָלט־באַוואוסטע אַגריקולטור־שולע, וואו הונדערטע אידישע יונגעלייט האָבען זיך געלערענט פאַרמעריי.

איך דערמאָן זיך אַ יונגענמאַן מיטן נאָמען אליעזר ליפּע יאפּע. ווען ער האָט אין יאָר 1912 געענדיגט די שולע, האָט ער זיך באַזעצט אין ישראל, וואו ער האָט שוין געלערענט אַנדערע יונגע מענשען מאָדערנע פאַרמעריי. יאפּע איז שפּעטער געווען איינער פון די וואָס האָבען געגרינדעט די ערשטע מאָדערנע קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע, נהלל, און אויך איינער וואָס האָט מיטגעהאָלפען אין דער גרינדונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט — „תנובה" — וואָס האָט די אויפזיכט איבער דעם פאַרקויף פון די פּראָדוקטען פון די קיבוצים און אויך פון די קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס.

וואוּדביין איז געווען אַ הונדערט־פּראָצענטיג אידיש שטעטל, וואָס איז געווען באַוואוּסט ניט נאָר ביי אונז אין אַמעריקע, נאָר איבעראַל, וואו מען האָט זיך אינטערעסירט מיט פאַרמעריי צווישען אידען. אין באַראָן הירש האָט געשעפּט פאַרגעניגען פון דער שולע, וואָס ער האָט עטאַבלירט דאָרט. אויך דר. טעאָדאָר הערצל איז געווען אינטערעסירט אין דעם פּראָגרעס וואָס דאָס שטעטל האָט געמאַכט. דר. הערצל, ווען ער האָט זיך געטראָפען צום ערשטען מאָל מיט דר. סטיפען ס. וויז, אין באַזעל, ביים צווייטען ציון־קאָנגרעס, אין יאָר 1898, האָט ער צווישען אַנדערע־אינטערעסאַנטע זאַכען אויך דערמאָנט די אידישע אַגריקולטורעלע שולע אין וואוּדביין. ווען דר. וויז האָט זיך צוריקגעקערט פונ'ם קאָנגרעס, האָט ער געזאָלט באַזוכען דאָס שטעטל, אָבער עס האָט זיך אים באַלד איינטערגערוקט שטעלעס אַלס ראַבינער אין דער ווייטער וועסט, וואו ער האָט שפּעטער אָנגענומען די שטעלע אַלס ראַביי אין פּאָרטלענד, אָרעגאָן.

וואוּדביין, וואָס איז ניט ווייט פון פילאַדעלפיע, האָט געהאַט אַ באַן־פאַרבינדונג מיט דער גרויסער שטאָט, מיט אַ גרויסער אידישער באַפעלקערונג. דאָס שטעטל האָט אויך געהאַט אַ פּאָסט און טעלעגראַף־פאַרבינדונג. דער מעיאָר פון שטעטל איז צו־גלייכער צייט געווען דער דירעקטאָר פון דער שולע מיט'ן נאָמען דר. ה. ל. סאַבסאָוויטש. עס איז אינטערעסאַנט, דאָס אַלע איינוואוינער, סיי די באַאַמטע, סיי די לערער, און סיי די אַרבייטער, וואָס האָבען געאַרבייט נאָר פון זונטאָג פרי ביז פרייטאָג נאָכמיטאָג, און האָבען פאַרדינט אין דורכשניט אַכט דאָלאַר אַ וואָך, זיינען אַלע געווען גלייך אין דער היימישער געזעלשאַפט. די הייזער זיינען אויסגעצאָלט געוואָרען אין צאָלונגען פון אַכט דאָלאַר אַ חודש. אויך האָט דאָס שטעטל געהאַט פיר פאַבריקען, וואָס האָבען אויך געאַרבייט קליידער און מילינערי.

מיט דרך־ארץ,

**דזשוליוס האָבער,**

ניו יאָרק.

**טאָג–מאָרגען זשורנאל, 18טער אָקטאָבער 1956**

## וועגען לואי מאַרשאַל, פירער פון אַמעריקאַנער אידען

ווערטער רעדאַקטאָר:

עס איז באמת געווען אינטערעסאַנט צו לייענען די קאָלומס פון חשוב׳ן ב. צ. גאָלדבערג, וועגען דעם פאַרשטאָרבענעם אידיש־אַמעריקאַנער פירער לואיס מאַרשאַל צו זיין הונדערט־יאָריגען געבורטסטאָג, איבערהויפּט פאַר די יעניגע וועלכע האָבען ביינעוואוינט די אַקטיוויטעטען פון מאַרשאַל אין די ערשטע יאָרען.

לואיס מאַרשאַל האָט אוועקגעגעבען צייט און מי, כדי צו פירען דעם קאַמף אין דער פּאַספּאָרט־פראַגע ביז פּרעזידענט וויליאַם האָוואַרד טאַפט איז געצוואונגען געווען צו אַנולירען די האַנדעלס־באַציאונגען מיט דער רוסישער רעגירונג, אָבער עס מוז דאָ באַמערקט ווערען, אז דעם גרויסען שטויס דערצו האָט געגעבען די מאַסען־פאַרזאַמלונג וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 10טען דעצעמבער, 1911, אין קאַרנעגי האָל. אין דער פאַרזאַמלונג האָבען זיך באַטייליגט פירענדע פערזאָנען פון ביידע גרויסע פּאָליטישע פּאַרטייען פון יענער צייט.

איינ[illegible] פון די הויפּט רעדנער אויף [illegible] פאַרזאַמלונג דעם 10טען דעצ[illegible]ר איז טאַקע געווען וואודראָו [illegible]סאָן. ער איז דעמאָלט געווען ד[illegible] גאָווערנאָר פון ניו דזשוירזי. ווען ווילסאָן האָט געענדיגט זיין רעדע, האָט זיך אויפגעשטעלט רעווערעד יוסף זעף ע״ה, א באַוואוסטער ציוניסט, און אויסגעשריען: „טרי משירם פאַר אונזער נעקסטען פּרעזידענט וואודראָו ווילסאָן". [illegible] אויסגעשריי האָט [illegible] די פאַרזאַמלונג. ווי[illegible] האָבען אין דער פאַרזאַמ[illegible] [illegible]יך אויך באַטייליגט פירענד[illegible] [illegible]טען, און זעענדיג דיס ד[illegible]מאָקראַטישע פּאָליטישענס האָבען זיך אריינגעוואָרפען אין דער פּאַספּאָרט־פראַגע, האָט פּרעזידענט טאַפט געמוזט האַנדלען שנעל, אָפּצוברעכען דעם האַנדעלס־אָפּמאַך מיט רוסלאַנד. דאָס איז געווען א גרויסע הילף פאַר לואיס מאַרשאַל. איך מיין נישט צו פאַרקלענערן די פאַרדינסטען פון לואיס מאַרשאַל אין דער פּאַספּאָרט־פראַגע, וואָס עס האָט זיך געצויגן צענדליגע יאָרען. ווייל שוין אין די יאָרען 1882, 1883, 1884, 1890, 1902, 1904 און אין 1909 האָט דער קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן אָנגענומען רעזאָלוציעס אין דער דאָזיגער פראַגע, אָבער, לײדער, אָן רעזולטאַטען. דער מיטינג אין קאַרנעגי האָל האָט געגעבען דעם ריכטיגען שטויס. פּרעזידענט טאַפט האָט געוואָלט דערוויילט ווערען אין 1912 אויף נאָך א טערמין; דאָס האָט אים באַ[illegible] צו האַנדלען צו גונסטען די אידישע וויילער.



לואי מאַרשאַל

אַז לואיס מאַרשאַל איז געווען אינטערעסירט אין אַלץ וואָס איז געווען אידיש, האָבען מיר שוין געזען אין די ערשטע יאָרען פון דעם איצטיגען יאָרהונדערט. ווי באַוואוסט, איז דעמאָלט אַרויסגעגאַנגען די טעגליכע צייטונג „די אידישע וועלט", מיט וועלכער דער באַליבטער רעווערענד צבי הירש מאַסליאַנסקי ז״ל איז געווען פאַרבונדען א געוויסע צייט. אַזוי ווי ער איז געווען באַקאַנט מיט מאַרשאַל׳ן, און מאַרשאַל האָט געהאַט גרויס צוטרוי צו מאַסליאַנסקי׳ן, האָט מאַרשאַל געשטיצט די צייטונג פינאַנציעל.

ווען דר. י. ל. מאַגנעס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם פּאָסטען אַלס ראַבאַי פון דעם אָנגעזעענסטען רעפאָרם טעמפּל עמנואל, וואו מר. מאַרשאַל איז געווען דער פּרעזידענט, און מאַגנעס האָט אָנגענומען פאַר א צייט די שטעלע אַלס ראַבאַי אין דער קאָנסערוואַטיווער קאָנגרעגיישאָן „בני ישורון", איז מאַרשאַל געקומען שבת נאָכמיטאָג אין „בני ישורון" צו לערנען „פּרק אבות".

לואיס מאַרשאַל איז נישט געווען קיין ציוניסט, אָבער עטליכע יאָר נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, ווען אין אַפּריל 1921 איז דר. חיים ווייצמאַן און זיין אָנגעזעענע קאָמיטע געקומען קיין אַמעריקע אין די אינטערעסען פון דעם „קרן־היסוד", און עס זיינען אַנטשטאַנען מיינונגס־פאַרשידענהייטען אין דער פראַגע און עס האָבען זיך אָנגעהויבען צו הערען די היציגע דעבאַטעס אין ביידע גרופּען, דער ווייצמאַן און דער בראַנדאַיס, — איז מאַרשאַל אַרויסגעקומען מיט פאָלגענדען סטעיטמענט: „וואָס עס זאָלען ניט געווען זיין די מיינונגען ביז איצט וועגן ציוניזם און פּאַלעסטינע, אָבער פון איצט אָן טאָר קיין איינציגער איד וואָס האָט ליב זיין פאָלק און איז שטאָלץ מיט דער געשיכטע פון זיין פאָלק, נישט אוועקשטיין פון דער אַרבעט פאַר פּאַלעסטינע. קיינער פון אונז האָט קיין רעכט נישט צו וועלען אַרונטערוואַרפען די פליכט וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרען אויף אונז. די וועלט זאָל וויסען, אַז עס איז דאָ איינינקייט ביי אונז אידען, איבערהויפּט איצט אין באַצוג צו ארץ ישראל." מאַרשאַל האָט געענדיגט דעם סטעיטמענט מיט די פאָלגענדע צייל[illegible]: „ווי צו די יעניגע וואָס ווילען ברענגען צווייטיגקייטען אין אונזערע רייען. מיר מוזען האָבען איינינקייט."

לואיס מאַרשאַל איז אויך געווען איינער פון די נישט־ציוניסטען, וואָס האָט געהאָלפען דר. חיים ווייצמאַן אין דער גרינדונג פון דער אידישער אגענטור פאַר פּאַלעסטינע. מאַרשאַל איז אָנגערופען געוואָרען דער אַרכיטעקט פון דער אַגענטור. ער האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט דר. ווייצמאַן ביז דעם טאָג אין מאָנאַט אויגוסט, 1929, ווען די אַגענטור איז צושטאַנד געקומען אין דער שווייץ, וואו צענדליגע נישט־ציוניסטען פון פיל לענדער האָבען זיך אונטערגעשריבען אויף דעם פאַרטראַג צוזאַמען מיט פירענדע ציוניסטען. מאַרשאַל איז דעמאָלט געווען זעהר גליקליך. ענדליך איז זיין אַרבעט צושטאַנד געקומען, אָבער מיט עטליכע טעג שפּעטער, נאָך זייענדיג אין דער שווייץ, האָט ער באַקומען די טרויעריגע נייעס אַז עס האָבען אויסגעבראָכען אומרוען אין ארץ־ישראל און צענדליגע אידען זיינען דערמאָרדעט געוואָרן. מאַרשאַל׳ס פיין פילענדיג אידיש האַרץ האָט די שרעקליכע נייעס נישט געקאָנט אויסהאַלטען און ער איז געשטאָרבען פאַר דער צייט.

דזשוליוס האַבער,
ניו־יאָרק

## אויל פון שטיין אין ישראל

חשוב'ער רעדאַקטאָר:

דערלויבט מיר אויסצודריקן אַ דאַנק אייער חשוב'ן פּאַרטרעטער אין מדינת ישראל, דוד פלינקער, פאַר זיין זעהר אינטערעסאַנטן באַריכט, וואָס איז דערשינען אין „טאָג מאָרגען זשורנאַל" דעם 2טען סעפּטעמבער, וועגן דער דערפינדונג ווי אַזוי צו פּראָדוצירן אויל פון שטיין. עס איז באַוואוסט, אַז טויזענטער לייענער פון אייער צייטונג פאָלגן נאָך מר. פלינקער'ס אינטערעסאַנטע באַריכטן פון די טעגליכע געשעענישן אין מדינת־ישראל, און איבערהויפּט וואָס אַנבאַלאַנגט דער עקאָנאָמישער לאַגע אין לאַנד.

מר. פלינקער'ס באַריכט וועגן דעם דערפינדער אַלעקסאַנדער זאַרבין און זיין באַהויפּטונג, אַז ער האָט געפונען אַ מיטעל ווי אַזוי צו פּראָדוצירן אויל פון ביטאָם־שטיינער האָט מיך זעהר אינטערעסירט, ווייל מיט 40 יאָר צוריק, באַלד נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע אין נאָוועמבער, 1917, איז אַן אינזשעניר מיט [illegible] נאָמען באַרים קאַצמאַן אַרויס־ [illegible] אַזוי אַרויסצובאַקומען אויל פון ביטאַמין־שטיין. אינזשעניר קאַצמאַן, איז אויך געווען אַ דעלעגאַט ביים ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל אין 1897, און האָט זיך דעמאָלט באַקענט מיט דר. הערצל. אייגענטליך, איז קאַצמאַן געקומען פון רוסלאַנד צום קאָנגרעס. דאַן האָט ער זיך באַזעצט אין אַמעריקע, וואו ער האָט געאַרבעט מערערע יאָרן אַלס אַן אינזשעניר. קאַצמאַן איז געווען באַקאַנט אין ציוניסטישע קרייזן און איז געווען אַן אינטימער פריינט פון לואיס ליפּסקי. ווען ער איז אַרויסגעקומען מיט זיין פּלאַן אַרויסצובאַקומען אויל פון שטיינער, האָט ער באַקומען די ערשטע געלטער ביי אַמעריקאַנער אינדיווידועלע ציוניסטן. איך דערמאָן זיך, אַז אויך מיין פריינט, מר. מיכל שאַליט, האָט אויך בייגעשטייערט 250 דאָלאַר צום פאָנד אייפצובויען אַ קליינע לאַבאָראַטאָריע אויסצופּרובירן זיין פּלאַן. אַזוי ווי קאַצמאַנ'ס פאָטער מיט צוויי פון זיינע טעכטער האָבן געוואוינט אין רחובות, און אַ גרויס גוט געבויטן הויז, האָט באַרים אויפגעבויט זיין לאַבאָראַטאָריע אין קעלער פון דער געביידע.

איך געדענק, אַז נאָך פּסח אין יאָר 1924 האָב איך באַזוכט קאַצמאַנ'ען צוזאַמען מיט דעם פאַרשטאָרבענעם ציון פירער אברהם גאָלדבערג. נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך צוגעקוקט צו זיין עקספּערימענט, ווי אַזוי מען נעמט אַרויס אויל פון שטיין, זיינען מיר מיטגעפאָרן מיט אינזשעניר קאַצמאַן צום פּלאַץ אויפ'ן וועג צום ים המלח, און פון די בערג שטיינער האָבן מיר אויסגעהאַקט שטיקער און זיך צוריקגעקערט קיין רחובות און בייגעוואוינט די גאַנצע פּראָצעדור ווי דער שטיין איז געמאָלען געוואָרן און אַריינגעשאָטן געוואָרן אין דעם אַפּאַראַט און עס איז אַרויסגעקומען עטליכע פון די סובסטאַנצן, ווי אַמאָניאַ, קאַלך, אָבער דער גרעסטער פּראָצענט איז געווען אויל.

אינזשעניר קאַצמאַן איז נאָך אַמאָל געקומען קיין אַמעריקע, כדי צו זען אויב עס איז מעגליך צו באַקומען די גרויסע קאַפּיטאַלן, וואָס אַזאַ ריזיגע אונטערנעמונג האָט געדאַרפט קאָסטן. ליידער האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין רחובות אַן אַנטוישטער. די אַרבעט פאַר וועלכער ער האָט אַוועקגעגעבן אַ האַלב פון זיין לעבן האָט קיין רעזולטאַטן נישט געבראַכט. מיט עטליכע יאָר שפּעטער איז באַרים קאַצמאַן געשטאָרבן אין רחובות. לאָמיר האָפן, אַז אַלעקסאַנדער זאַרבין וועט האָבן מער מזל און וועט נאָך אין אונזער צייט האָבן די געלעגנהייט אויסצופירן זיינע פּלענער, צו עטאַבלירן אַ גרויסע פאַבריק, וואו מען וועט פּראָדוצירן אויל פון שטיינער. דאָס וואָלט געווען אַ גרויסער ביישטייער צו דער עקאָנאָמיע פון מדינת ישראל, און אויך אַן אָנדענק פאַר דעם וואַרעמען ציוניסט, אינזשעניר באַרים קאַצמאַן, דער ערשטער, וואָס האָט דעם פּלאַן אַרויסגעבראַכט אין דער עפנטליכקייט.

מיט דרך־ארץ,

יואל האבער.

טאָג-מאָרגען זשורנאַל, יולי 18טער, 1956

## סועץ קאַנאַל און מדינת ישראל

תשוב'ער רעדאַקטאָר:

אין צוזאַמענהאַנג מיט די דערשטוינענדע נייעס וועגן סועץ קאַנאַל, קען נאָך אַרויסקומען אַ גרויסע טובה פאַר מדינת ישראל און פאַר די מערב־דעמאָקראַטיעס.

אין מיין בוך „די אָדיסעי פון אַן אַמעריקאַנער ציוניסט", וואָס איז לעצטענס דערשינען, איז אויף זייט 386 גיב איך איבער, אַז אין יאָר 1932, אויף מיין רייזע פון ארץ ישראל קיין עגיפּטען, ווען די באַן איז געקומען נישט ווייט פון עזה, האָט אַ מיטפאָרער אין דער באַן מיר איבערגעגעבן, אַז ער האָט ערשט מיט עטליכע וואָכן פריער באַזוכט די דאַמאָלס איינציגע קאָלאָניע אין נגב, „רוחמה", און ער האָט געהערט, אַז ענגלישע אינזשענירען האָבן געאַרבייט אין דער נאַכבאַרשאַפט אויף בלו־פּרינטס פאַר אַ נייעם קאַנאַל, וואָס זאָל פאַרבינדן דעם מיטלענדישען ים אין ארץ ישראל מיט דעם רויטען ים אין עקאַבאַ, אויף דער זייט פון ישראל, די היינטיגע אילת. ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז דער צוועק פון דעם נייעם קאַנאַל דאַרף זיין, אַז ענגלאַנד וואָס האָט דאַמאָלס געהאַט שוועריגקייטן מיט דער עגיפּטישער רעגירונג זאָל ווייזען, אַז מען קען בויען אַ נייעם קאַנאַל, וואָס זאָל קאָנקורירן מיט דעם סועץ קאַנאַל.

איך האָב זיך דערוואוסט, אַז אייגענטליך האָט שוין ענגלאַנד אין יאָר 1925 געדענקט וועגן אַ נייעם קאַנאַל, און יעדעס מאָל וואָס עס זענען אַנטשטאַנען צווייסטיגקייטען מיט די אַראַבישע לענדער, האָט עגיפּטען געסטראַשעט, אַז זי וועט שטערן דעם דורכפאָר פון שיפען אויפ'ן וועג קיין אינדיע. ווען ענגלאַנד האָט געמאַכט דעם לעצטען קאָנטראַקט מיט עגיפּטען אין יאָר 1936 אויף 30 יאָר, איז מען שוין געווען מער־ווייניג זיכער, אַז דער קאָנטראַקט וועט אויסהאַלטען ביז 1966.

איצט, ווען דער „גרויסער העלד" נאַסער האָט אַנאָנסירט, אַז דער קאַנאַל וואָס ווערט איצט קאָנטראָלירט פון מערב, איז געוואָרען נאַציאָנאַליזירט, וועט מען אפשר זיך אַריינטראַכטען, אויב עס איז פיזיש מעגליך צו גראָבען אַ נייעם קאַנאַל אויף דער טעריטאָריע פון מדינת ישראל. דאָס וואָס האָט מיט אַכציג יאָר צוריק גענומען 10 יאָר, קען היינטיגע צייטען געמאַכט ווערען אין צוויי יאָר. און צו פינאַנסירען אַזאַ גרויסע אונטערנעמונג, איז דאָ גענוג געלט ביי די דעמאָקראַטישע מאַכטען. עס איז נאָר אַ פראַגע, אויב עס איז פיזיש מעגליך — דאָס מוז געענטפערט ווערען פון גרויסע פאַכמענער. און גרויסע אינזשענירען זענען דאָ גענוג אין אַמעריקע און אויך אין די אַנדערע פרייע לענדער. אפשר, ווער קען וויסען? עס קאָן זיך נאָך אויסלאָזען אַ גרויסע טובה פאַר מדינת ישראל.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס (יואל) האַבער.

DANIEL PERSKY
~~143~~ EAST 11 STREET
~~NEW YORK 3, N. Y.~~

כ״א אדר, תשט״ז  מערץ 8-1956

חברי הותיק והיקר, יוליוס האבער, שלום!

א גרויסן "יישר כח" פאר אייער שיינעם באריכטן בוך "זכרונות פון אן אמעריקאנער ציוניסט", וואס איר האט מיר צוגעשיקט.

ווי איר פארשטייט אליין, בין איך זייער צופרידן פאר די פאר שורות, וואס איר האט מיר געווידמעט מיט אזא ווארעמקייט. איך דאנק אייך פון טיפן הארצן.

אייער בוך האט ארויסגערופן א סך אפרופן — און פיל איז וועגן אים געשריבן געווארן. איר האט דערמאנט פאקטן און פרטים, וואס ניט אלע געדענקען — און פילע האבן זיי לכתחילה ניט געוואוסט.

אייער בוך איז א ריינער קוואל און אן אומשעצבארער מקור פאר דער געשיכטע פון ציוניזם אין אמעריקע — און אויך א סך מאטעריאל וועגן אונדזער באריכטע פירערס און טוערס.

איר האט זיך געמאכט א גרויסן נאמען מיט אייער בוך.
אין "הדואר" איז שוין געמאכט א רעצענזיע וועגן אייער ספר. בחבה ובידידות,
דניאל פערסקי

דער אידישער פאָרווערטס, זונטאָג 3טער דזשון 1956

# וואַנדערונגען פון אַן אַמעריקאַנער ציוניסט

## אַ נייער בוך אין ענגליש וועגן דער אנטוויקלונג פון ציוניזם אין אַמעריקע

### פון מנחם קולאָדי

THE ODYSSEY OF AN AMERICAN ZIONIST, by Julius Haber, Twayne Publishers, New York, 1956.

יוליוס האַבער איז אַ וועטעראַן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און זיין בוך, וואָס שילדערט די אנטוויקלונג פון ציוניזם אין אַמעריקע, איז ניט נאָר אינטערעסאַנטער לעקטשור, נאָר עס איז אויך אַ קוואַל פון אינפאָרמאַציע, וואָס איז ניט באַקאַנט דעם ברייטן עולם.

דער פאַרפאַסער פירט אריין דעם לייענער אין אַ קאָלידרייכן קאָליר דאָסקאַפּ, אנהויבענדיג מיט'ן קליינעם שטעטעלע אין גאַליציע, וואו ער האָט [redacted] גענומען נאַשן פון זיין עלטערן בויער דעם ענטוזיאַזם פאַר דר. הערצל'ס אידייע. ער שילדערט קלאָר און לעבעדיג דאָס קליינע שטעטעלע, די מענטשן, זייערע פּראָבלעמען און די ינגענס, וואָס האָט אָנגעשפּאַט פון דער פאַנטאַסטישער אידייע, וואָס הייסט ציוניזם.

עס קריצט זיך איין אין זכרון יענער שבת נאָכמיטאָג אין בויבראַווקע, וואו מר. האַבער'ס ערשטער דראַנג צום ציוניזם האָט זיך אין אים ערוועקט און מיר פאָלגן אים נאָך פון קליינעם גאַליציאַנער שטעטעלע ביז צום גרויסן ניו יאָרק מיט דער „איסט סאַיד“. אויך דאָ שילדערט ער פאַר אונז די דאָמאָלסטדיגע פּראָבלעמען פון דער אידישער גאַס דאָ הי, די פאַרשידענע ריכטונגען און שטרייטן, דעם דראַנג צום „בענקעל“ און נעוועלשאַפטליכן לעבן; און עס נעמען שוועבן פאַרביי אונז היסטאָרישע מאָמענטן פון אַמעריקאַנער ציוניזם און זיינע אַקטיווע מיטאַרבייטער. עס איז נאָר אַ שאָה, וואָס מאַנכע מאָל גייען דער מחבר אַראָפּ פון זיין כראָנאָלאָגישן וועג און ברענגט אונז צוריק צום „אַמאָל“ אַלס „פלעשבעק“ און דערמיט ווערט געשטערט דער איינפּעס פון בוך.

דאָס בוך לייענט זיך זעהר שפּאַנענד און אַפּטמאָל ממש אַטעמפאַרלאַפּענד. מיר טרעפן דאָרט מענטשן, וועלכע מיר קענען און האָבן זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אַז אין זייערע יונגענטליכע יאָרן זיינען זיי געווען אַנדערש. צום ביישפּיל, זעהר וועניג מענטשן ווייסן, אַז דר. יהודה מאַגנעס, דער „דיען“ פון ירושלים'ער אוניווערזיטעט, און גרינדער פון דער „ברית שלום“ באַוועגונג, איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער וועלבסטשיץ נאָכ'ן קישינאָווער פּאָגראָם. אָדער די איבערעסונגען; אַז סאָל צבערגער, דער איצטיגער אַרויסגעבער פון „טאַימס“, שטאַמט פון אַ ציוניסטישער פאַמיליע, אַז זיין פאָטער איז געווען איינער פון די גרינדער און אַקטיווע טוער אין ציוניזם אין אַמעריקע. מיט איין וואָרט, מען געפינט אַ נייעם קוואַל פון היסטאָרישן מאַטעריאַל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע.

האָבער איז ניט קיין „פּראָפעסיאָנעלער“ ציוניסט. ער האָט אָהן שום פערזענליכן אינטערעס געווידמעט זיין גאַנצן לעבן פאַר דער איבערלעבונג פון דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק פון אידישן פאָלק, ביז דער מדינת ישראל, ברענגענדיג גרויסע פערזענליכע קרבנות; מיט דער זעלבער איבערגעבענהייט זאַמעלט ער געלט פאַר ישראל און נעמט אַ שטענדיגען אַקטיווען אנטייל אין אַלעס וואָס איז פאַרבונדען מיט ציוניזם. ער איז דער פּראָטאָטיפּ פון אַמאָליגען חובבי־ציון, מיט'ן אמת־אידיש האַרץ.

זעהר פיל פון דעם מאַטעריאַל, און פון די פאַקטען וואָס האָבער שילדערט פאַר'ן לעזער זיינען ביז איצט ניט געווען באַקאַנט, ער פירט אַדורך פאַר אונזערע אויגען אַ פילם־באַנד מיט געשעהענישן אין אידישן לעבן. אין אַמעריקע, וואָס האָט אַ קאָלאָסאַלן ווערט, ניט נאָר פאַר אונזער צייט, נאָר וועט האָבן אַ גרויסן ווערט אין דער צוקונפט פאַר דעם היסטאָריקער, וואָס וועט שרייבן „די געשיכטע פון אַמעריקאַנער ציוניזם, ביז דעם אנטשטעהן פון מדינת ישראל“. עס איז ניט לייכט צו שרייבן אַ בוך וועגן דער אנטוויקלונג פון ציוניזם אין אַמעריקע אָהן פּאַרטייאישער באַפאַרבונג, אָבער טאַקע נאָר אַזאַ איד ווי יוליוס האַבער האָט, עס געקאָנט באַווייזן, ווייל שרייבענדיג דאָס בוך האָט ער געשילדערט פאַר אונז די היסטאָרישע פאַקטען, מיט ערליכקייט, אָהן שום פּאַרטייאישע נייגונגען און באַפוצונגען.

אַן „אָדיסעי פון אַן אַמעריקאַנער ציוניסט“ איז אַ בוך, וואָס דאַרף זיך געפינען אין יעדער היים, וואו עס לעבט אַן אינטערעס פאַר אידיש לעבן אין אַמעריקע, ווי אויך איז דאָס בוך אַ „מוז“ אין יעדער ביבליאָטעק, אַלס טייל פון „אַמעריקאַנאַ“, ווייל דאָס בוך שילדערט אַ תקופה און אַ טייל פון אַמעריקאַנער לעבן, וואָס האָט בייגעשטייערט צו דער פאַרמערונג פון אידישקייט און אידישער פירערשאַפט וואָס האָט דערפירט דאָס אידישע לעבן צו דעם צושטאַנד פון היינט־צו־טאָג.

טאָג־מאָרגען זשורנאַל 13טער מאַי, 1956

# וואַנדערונגען פון אַן אַמעריקאַנער ציוניסט

**די געשיכטע פון ציוניזם אין אַמעריקע פאַר די לעצטע 60 יאָר, געשילדערט אין אויטאָביאָגראַפיע פון אַ באַקאַנטן ציוניסט.**

**פון ס. דינגאָל**

דזשוליוס הייבער איז גוט באַקאַנט אין די ציוניסטישע קרייזן פון אַמעריקע. איר קאַנט אים באַגעגענען אויף יעדער יערליכער ציוניסטישער קאַנווענשאַן און אויף יעדער וויכטיגען ציוניסטישען צוזאַמענקונפט אין מיטען יאָר. ער איז ניט פון די ציוניסטען וואָס „בעטען אַ וואָרט" און שטופּען זיך צום עמוד; פאַרקערט, ער האָט הנאה ווען אַנדערע ריידען. אויב נאָר זיי ריידען צו דער זאַך און דריקען אויס זיינע געדאַנקען בעסער פון אים. ער איז אָבער געבענטשט מיט אַ גוטען אויער און מיט אַ גוטען זכרון. הערט ער אַלץ און פאַרצייכענט, און דאָס וואָס ער געדענקט ניט, פוילט ער זיך ניט נאָכצוזוכען אין אַלטע פּנקסים אָדער אויסגעפינען פון לעבעדיגע מקורים.

דזשוליוס הייבער איז אַ הערצל־ציוניסט ניט בלויז פּאָליטיש, נאָר אויך כראָנאָלאָגיש. ער איז אריין אין דער ציוניסטישער באַוועגונג באַלד נאָכ'ן ערשטען ציוניסטישען קאָנגרעס אין באַזעל, און זינט דאַמאָלס האָט ער ניט אָפּגעטראָטען פון ציוניזם אויף רעכטס אָדער לינקס. ער איז דער „רענק־אַנ־פּאַיל" ציוניסט אין בעסטען זין פון וואָרט. ער רייסט זיך אריין מיט דער ציוניסטישער פאָן אויף אַ לאַנדסמאַנשאַפט־באַל; ער קלאַפּט מיט דער נאַציאָנאַל־פאָנד פּושקע; קיין זאַך איז אים ניט צו שווער [illegible]ען ציון".

און איצט, ווען ער [illegible]

דערלעבט צו זען מיט זיינע אויגען די אידישע מדינה פון וועלכער ער האָט אַ גאַנץ לעבען געטרוימט, און זיינע קינדער באַזעצט אויפ'ן באָדען פון ישראל, האָט ער באַשלאָסען צו פאַרעפענטליכען זיינע זכרונות, אָנהויבענדיג מיט זיין גאַליציאַנער שטעטעל באָיבערקע פון 58 יאָר צוריק, ווען ער איז קוים געווען אַ בר־מצוה בחור'ל ביז צו דעם 23טען ציוניסטישען קאָנגרעס מיט 5 יאָר צוריק.

דאָס בוך איז ניט אַזוי פיל די געשיכטע פון אַמעריקאַנער ציוניזם, ווי די פּערזענליכע איבערלעבונגען פון אַן אַמעריקאַנער ציוניסט. ס'איז ניט געשריבען אין אַ באַרימערישען טאָן פון ארויסשטעלען זיין אייגענע גדלות. אָפטער לאָזט ער זיך איבער אין הינטערגרונט, און דערציילט וועגען די גרויסע אויפטואונגען פון אַנדערע, באַזונדערס פון די וואָס האָבען אים געהאָלפען. בכלל איז מר. הייבער זעהר גרויסמוטיג אין געבען אָנערקענונג צו די וואָס האָבען מיט אים מיטגעאַרבייט, אַמאָל צופיל אָנערקענונג. ער האָט אויך ליב אָנצורופען נעמען. אין דעם בוך וועט איר געפינען צענדליגער, און אפשר הונדערטער נעמען פון מענשען, וועגען וועמען ער האָט ניט וואָס צו דערציילען, אויסער אַז ער האָט זיי באַגעגענט אין גאַס, אָדער ביי אַ יו־ען מיטינג.

פון דער צווייטער זייט באַגעגענט איר זיך ביי אים אין בוך מיט פיגורען און עפּיזאָדען וואָס אין עטליכע שורות לעבען זיי פאַר אייך

*) The Odyssey of an American Zionist, by Julius Haber, Twayne Publishers. 1956.

אויף מענטשען און שטיקער ציוניסטישע געשיכטע.

אין עטליכע שורות דערציילט ער פאר אייך די ווירקונג וואס לואי ד. בראנדייס'עס באשטימונג אלס סופרים־קאורט ריכטער האט געמאכט אין ציוניסטישע קרייזען.

פון איין זייט זיינען ציוניסטען געווען צופרידען וואס איינער פון זייערע רייען איז באשטימט געווארען צו אזא הויכען אמט. פון דער צווייטער זייט זיינען זיי באפאלען געווארען פון א מורא, אז זיי וועלען אים פארלירען אלס ציוניסטישען פירער. אין די פאר יאר וואס ער איז געווען דער פרעזידענט פון דער „פראוויזארישער קאמיטע פאר ציוניסטישע אנגעלעגנהייטען" האט דער אמעריקאנער ציוניזם דערגרייכט זיין העכסטען פאליטישען פרעסטיזש און פינאנציעלען דערפאלג.

ער האט מיט דער הילף פון דער אמעריקאנער רעגירונג פארקניפט פארבינדונגען וואס האבען פיל געהאלפען צו באקומען פון ענגלאנד די באלפור דעקלאראציע פון נאוועמבער, 1917. אין די צוויי מלחמה־יאר פון 1914 ביז 1916, האבען אמעריקאנער ציוניסטען געשאפען 1,136,000 דאלאר פאר ארץ ישראל.

גרויס איז געווען די ציוניסטישע פרייד ווען אויף דער 20טער ציוניסטישער קאנווענשאן אין באלטימאר האט זיך באוויזען בראנדייס, און יענעם זונטאג אווענט איז ער פערזענליך אויפגעטראטען אויף דריי עפענטליכע פארזאמלונגען, אויף וועלכע עס איז געשאפען געווארען די סומע פון 300,000 דאלאר פאר'ן פאלעסטינער עמוירדזשענסי פאנד, וואס איז געווען א ריזיגע סומע פאר יענער צייט.

דער עסטרייך־אונגארישער ציוניסטישער קלוב צו וועלכער עס האבען באלאנגט די בעסטע עלעמענטען פון דער גאליצישער אימיגראציע אין אנהויב פון דעם הייניטיגען יארהונדערט, האבען געשפילט א גרויסע ראלע אין דער אנטוויקלונג פון ציוניזם אין אמעריקע.

דזשוליוס הייבער איז געווען איינער פון די טעטיגסטע מיטגלידער אין קלוב און ער דערציילט אינטערעסאנטע פרטים, וואס ווארפען א ליכט אויפ'ן אידישען אימיגראנטען לעבען אין ניו יארק פון יענער צייט.

ציוניסטישע קלובען האבען נים געקאנט צוציען קיין גרויסע צאל מיטגלידער. דערפאר זיינען לאנדסמאנשאפט־קלובען און ארגאניזאציעס געוואקסען ווי שוועמלאך. יעדע שיף האט געבראכט נייע אימיגראנטען, און דאס האט פארגרעסערט די צאל מיטגלידער פון די לאנדסמאנשאפטען.

די לאנדסמאנשאפטען פלעגען האבען יעדען יאר זייער „באל און טאנץ" פאר די מיטגלידער. איינער פון די וויכטיגסטע „פיטשורס" פון באל איז געווען די פינאלע, אין וועלכער אלע מיטגלידער פלעגען מארשירען אין א פאראד איבער'ן האל, מיט צוויי אמעריקאנער פאנען, און אמאל אויך אן עסטרייכישע פאן, מארשירענדיג פאראויס. רייכע מיטגלידער פון דעם לאנדסמאנשאפטען פאראיין פלעגען באצאלען פאר דעם כבוד פון מארשירען פאראויס מיט דער אמעריקאנער אדער עסטרייכישער פאן.

דזשוליוס'ען און זיינע חברים האט שטארק פארדראסען פארוואס מען איגנארירט די ציוניסטישע פאן, און זיי האבען באשלאסען צו טאן עפעס וועגען דעם.

„אונזערע א גרופע, אונטער דער לייטונג פון מאיר ארענשטיין", דערציילט הייבער, „האט באשלאסען צו קויפען טיקעטס צו אזעלכע אונטערנעמונגען, און אריינקומען אהין מיט א ציוניסטישער פאן, וואס מיר פלעגען באהאלטען באלד ווי עס האט זיך אנגעהויבען דער פאראד האבען מיר אויפגע־

הויבען אונזער ציוניסטישע פאָן און מאַרשירט מיט זי צוזאַמען. דער רעזולטאַט פלעגט אַלע מאָל זיין דערזעלבער: מען פלעגט אונז אַרויסטרייבען פון האָל".

הייבער האָט אַמאָל געפרעגט אַ פרעזידענט פאַרוואָס ער איז אַזאַ ביטערער געגנער פון דער ציוניסטישער פאָן?

— „מיין טאַטע האָט מיר געזאָגט, אַז ציוניסטען זיינען גוים", האָט ער געענטפערט.

איינער פון די מיטלען צו אָרגאַניזירען גאַליציאַנער לאַנדסלייט צו יענער צייט איז געווען דער פּלאַן צו שאַפען אַ „רעגימענט" פון געוועזענע עסטרייכישע סאָלדאַטען.

עטליכע הונדערט לאַנדסלייט האָבען זיך אָנגעשלאָסען צו דעם דאָזיגען „רעגימענט" פון דער עסטרייבישער 30טער דיוויזיע, וואָס איר היים איז געווען אין לעמבערג.

דער פירער, אָדער „פּולקאָווניק" פון דעם דאָזיגען רעגימענט איז געווען אַ גאַליציאַנער פאַרבער (פעינטער) מיט דעם נאָמען ניסן קאַץ. יערען יאָר, דעם 18טען אויגוסט, דער טאָג פון קייזער פראַנץ יאָזעפ'ס געבורטסטאָג, פלעגט זיך דער דאָזיגער רעגימענט אויספוצען אין די בלוי-גרויע מונדירען פון דער עסטרייכישער 30טע דיוויזיע און פלעגט מיט גרויס פאַראַד מאַרשירען צו דער געביידע פון עסטרייך-אונגאַרישען קאָנסול אין ניו-יאָרק.

אין פאָראויס אויף אַ ווייסען פערד האָט געריטען דער פאַרבער ניסן קאַץ, מיט צוויי „אַדיוטאַנטן", רייטענדיג פוןביידע זייטען.

דאָס האָט אָנגעהאַלטען אַזוי לאַנג ביז וואַנען די „סאָלדאַטען" פון דער 30טער עסטרייכישער דיוויזיע זיינען געוואָרען אַמעריקאַנער בירגער. זיי האָבען פאַרלאָזען זייער „אַרמיי" און פאַרגעסען קייזער פראַנץ יאָזעפ'ס געבורטסטאָג.

איינע פון די ציוניסטישע טעטיגקייטען מיט וואָס דזשוליוס הייבער האָט זיך אָפּגעגעבען איז געווען צו פאַרקויפען סטעמפּס פון אידישען נאַציאָנאַל פאָנד.

פאַר הייבער'ן ווי פאַר יאַנדערע ציוניסטען, האָט די דאָזיגע אַרבייט געהאַט אַ דאָפּעלטען צוועק: שאַפען געלט פאַר'ן נאַציאָנאַל-פאָנד, און מאַכען דערביי פּראָפּאַגאַנדע פאַר'ן ציוניזם.

קיין בעסערע צייט האָט מען דערויף ניט געקאָנט אויסקלייבען ווי ערב תשעה-באָב, ווען אידען קומען אין שול קלאָגען אויף חורבן ירושלים.

דערציילט ער וועגען זיינע דערפאַרונגען אין צוויי ברוקלינער שולען.

ער איז געקומען אין איין שול, האָט מען אים אָנגעוויזען אויף צוויי גבאים, ביי וועלכען ער דאַרף באַקומען די דערלויבעניש צו פאַרקויפען נאַציאָנאַל פאָנד סטעמפּס אין שול.

איז ער צוגעגאַנגען צו זיי און אָנגעהויבען זיי דערקלערען די וויכטיגקייט פון נאַציאָנאַל פאָנד אויף צו קויפען לאַנד אין א"ץ ישראל.

איינער פון די גבאים האָט זיך געווענדט צו די אַרומיגע מיט אַ געלעכטער:

— דער יונגער הייבער איז געקומען שנאָרען געלט ביי אונז. איך וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז ער וועט זיין אַזאַ שוטה, צו קומען שנאָרען געלט אין אַ שול!

הייבער איז געוואָרען אין כעס, און האָט גענומען ענטפערען צוריק. ער האָט דעם גבאי געזאָגט, אַז ער דאַרף ניט שנאָרען, ער קאָן אַליין אָפּקויפען אַלע סטעמפּס, און אַז ער איז געקומען צו זיי בלויז צו פאַראינטערעסירען זיי אין אַזאַ וויכטיגען צוועק, וואָס וועט העלפען אידען אומעטום.

# טאָג־מאָרגען זשורנאל, 13טער מאַי, 1956

— „נו, ביזטו ניט קיין שנאָרער, נו, לעגסט ניט אַריין דאָס געלט אין דיין אייגענער קעשענע, נוצען דיך אויס אַנדערע אויף אָנצושטאָפּען זייערע קעשענעס אויפ׳ן קהל׳שען חשבון", האָט דער גבאי געענטפערט.

עס האָט געהאַלטען ביי א געשלעג. ווען ס׳איז אָנגעקומען דער פּרעזידענט פון שול, א באַקאַנטער ציוניסט, האָט ער אויסגעלייזט הייבער׳ן און פאַרקויפט אַלע סטעמפּס.

ניט אַזאַ גוטען מזל האָט ער געהאַט אין א צווייטער שול, וואָס ער האָט באַזוכט.

ער איז געקומען אַהין ווען אידען האָבען זיך געגרייט צו זאָגען קינות.

ער האָט געהאַלטען א קורצע רעדע, דערקלערענדיג דעם צוועק פון זיין באַזוך.

איז צוגעקומען צו אים אַן עלטערער באַלעבאָס פון שול און געזאָגט:

— „יונגערמאַן, אויב גאָט וויל אונז צוריקגעבען ציון, נייטיגט ער זיך ניט אין דער הילף פון די ציוניסטען. ער דאַרף ניט האָבען קיין משרתים. גיי שנאָרען אַנדערשוואו, און לאָז אונז זאָגען קינות"...

דאָס בוך איז פול מיט אַזוינע אַמוזירענדע עפּיזאָדען וואָס באַווייזען דעם גרויסען מהלך וואָס די ציוניסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע איז דורכגעגאַנגען פאַר דעם לעצטען האַלב יאָרהונדערט.

אין דעם בוך ווערט דערציילט די געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג מיט אַלע קאַמפּען פון פּערזאָנען און אידייען, וואָס האָבען זיך אין איר אָפּגעשפּילט אין משך פון לעצטען האַלבען יאָרהונדערט.

דזשוליוס הייבער׳ס בוך איז א קוואַל פון אינפאָרמאַציע פאַר יעדען צוקונפטיגען היסטאָריקער פון אַמעריקאַנער ציוניזם.

ציוניסטען וועלען אים לייענען מיט אינטערעס און מיט פאַרגעניגען.

# פון פרייטאָג ביז פרייטאָג

פון אהרן צייטלין

## מחשבות אַרום די זכרונות פון אַן אַמעריקאַנער ציוניסט

הײַנטיגע צײַטען זײַנען מיר, כידוע, געבענשט מיט נעאָ־ציוניסטען, וואָס האַלטען, אַז וואָס ווייניגער ציוניזם — אַלץ בעסער. דער נייער ציוניזם איז אפשר ניי, נאָר קיין ציוניזם איז ער נישט. איז אינטערעסאַנט אַרײַנצוקוקען אין אַ בוך זכרונות פון אַ ציוניסט נישט קיין נייעם, נאָר דווקא אַן אַלטען, דאָס הייסט — אַן אמת'ען. איך מיין אַ בוך, וואָס רופט זיך: „דהי אָדיסי אָוו אַן אַמעריקען זייאָניסט" (וואו עס שטעקט דאָ די „אָדיסייע" — איז שווער צו כאַפּען) און איז געשריבען פון מר. דזשוליוס (יואל) האַבער, איינעם פון די כראָנאָלאָגיש ערשטע ציוניסטען אין אַמעריקע. ס'איז אַ ציוניסט פון דער אַלטער גוואַרדיע, אַ ציוניסט פשוטו כמשמעו, אָן חכמות, נישט קיין ניי־מאָדישער „אַמעריקען זייאָניסט" פון דער קאַטעגאָריע ציוניסטען אָן ציון, ווי עס' רופט זיי דר. טרודע ווייס־ראָזמאַרין. [?] „אָדי־סייע" אין דעם נאָמען פון בוך וואַרפט אָן, בתחילה, אַ שטיקעל אימה, נאָר גאָר אין גיכען זעט מען, אַז מ'האָט דאָ, חלילה, נישט צו טאָן מיט אַ לעגענדאַרי־שען גיבור, וואָס מאַכט־דורך כל המינים גלגולים, נאָר מיט אַן אַלטען ציוניסטען סאָלדאַט, וואָס האָט זיך, אגב, פאַרזאָרגט מיט אַ פיינער הקדמה פון אַן אַלטען ציוניסטישען גענעראַל — לואיס ליפּסקי. דאָס בוך ליגט אויף מיין טיש און טענה'ט: רוף זיך אָפּ. יאָ, — ענטפער איך, — כ'וועל שרייבען — און טאַקע דערפאַר, ווייל עס גייט נישט אין ליטעראַ־טור... זיין פאַרפאַסער, מר. האַבער, איז אַ שטאַרקער בעל־זכרון און ער געדענקט אַ סך, אַ סך זאַכען, וואָס ס'איז כדאי צו וויסען און צו געדענקען און וואָס מען קאָן זיך פון זיי אַראָפּנעמען אַ געזעלשאַפטליכען מוסר השכל.

אָט, למשל, דערציילט מר. האַבער אַזאַ מין עפּי־זאָד. געווען איז עס געווען אין די צייטען, ווען דער פּאָליטישער ציוניזם איז ערשט אַרויס אויף דער וועלט. אין אַמעריקע איז איינער פון די שאַרפסטע אַנטי־ציוניסטען געווען דער באַוואוסטער דר. קויפּ־מאַן קאָהלער. אַ פאַרשטייער פון דער „ניו יאָרק סאָן" אין פּאַריז, האָט אינטערוויואירט דעם דר. מאַקס נאָרדוי מכוח דער נייער באַוועגונג. ווען דער אינטערוויו האָט זיך געוויזען אין דער „ניו יאָרק סאָן", האָט דר. קויפמאַן קאָהלער בעם'דיג אַטאַקירט דעם ציוניזם. ווייסט איר ווי אַזוי נאָרדוי האָט אויף דעם רעאַגירט? ער האָט געזאָגט, אַז דר. קאָהלער לעבט פ ו ן אידען, אין דער צייט, וואָס הערצל לעבט פ א ר אידען... דאָס איז ניש'קשה פון אַן אונטער־שייד, אמת?

איך ווייס נישט, צי דר. קאָהלער, וואָס איז געווען, נאָך אַלעמען, אַ זעהר וויכטיגער אידישער געלערנ־טער, האָט פאַרדינט אַזאַ באַשולדיגונג, כאָטש זיין געגנערשאַפט צום ציוניזם איז זיכער געווען אַ נאַרי־שע און אַ בלינדע. נאָר דער חילוק פאַר זיך אַליין — דער חילוק צווישען די, וואָס לעבען פאַר אידען, און די, וואָס לעבען פון אידען, — איז אַקטועל ביז אויפ'ן הײַנטיגען טאָג. אַ פּראָפעסיאָנעלער איד איז אַ גרויסער איד זיינען צוויי פאַרשיידענע זאַכען. הערצל, למשל, האָט אָוועקגעגעבען פאַר אידען זיין לעבען (טאַקע בפועל־ממש) און זיין פאַרמעגען. זשאַבאָטינסקי איז געשטאָרבען אָן אַ גראָשען ביי דער נשמה.

אָדער אַזאַ מעשה. די אַנטי־ציוניסטען אין אַמע־ריקע האָבען חוזק געמאַכט פון דעם ערשטען ציוניסטי־שען קאָנגרעס און האָבען זיינע דעלעגאַטען אָנגע־רופען ב ט ל נ י ם. האָט דר. גאָטהייל, פון אַמע־ריקע'ס ציוניסטישע ראשונים, געענטפערט אויף דעם בזה האופן. ער האָט גענומען און אויסגערעכענט די פּראָפעסיעס פון די אַלע, וואָס האָבען זיך באַטייליגט ווי דעלעגאַטען אין דעם קאָנגרעס. אָט איז דאָס צעטעל (ווי האַבער ברענגט עס אין זיין בוך). פינף און פופציג דעלעגאַטען זיינען געווען סוחרים; צוואַנציג זיינען געווע: אינזשענירען און אַריכטעקטען. צוואַנציג זיינען געווען אינזשענירען און אַרכיטעקטען. ניין זיינען געווען אינזשיניערען און אַרכיטעקטען. ווייטער זיינען געגאַנגען אַכט דאָקטוירים, פינף מאַ־נופעקטורישטען, דריי באַנקירען, אַ כעמיקער, אַ לאַנד־באַזיצער, אַ קאָלאָניסט. יאָ געווען אויך שרייבער (גאַנצע איין און פערציג), געווען פּראָפעסאָרען, ראַבינערס, אַ קינסטלער. אָבער דער עיקר: פינף און פופציג — און דאָס איז ביי דער קליינער צאָל דעלעגאַטען צום ערשטען קאָנגרעס געווען גאָר אַ היפּשער ציפער — פינף־און־פופציג דעלעגאַטען זיי־נען געווען סוחרים, און אויף אַ סוחר וועט אַ איד (בפרט ווען ער איז אַליין אַ סוחר) נישט זאָגען, אַז ער איז אַ בטלן.

איך ווייס נישט, צי איר האָט שוין אַמאָל גע־טראַכט וועגען דעם, פאַרוואָס די ווערטער „בטלן" און „בטלנות" ביי אידען האָבען אַזאַ גיפטיג־פאַרניכטענ־דיגען כאַראַקטער. זאָגען אויף עמיצען, אַז ער איז אַ בטלן, איז די גרעסטע באַליידיגונג. דעם גיפט, וואָס ליגט אין די ווערטער בטלן און בטלנות, קאָנט איר אויף קיין שום לשון נישט איבערגעבען, אַפילו ווען עס זאָל אייך געלינגען פאַר אָט די ווערטער צו גע־פינען אַ מער־ווייניג ריכטיגע איבערזעצונג. ווען איך וואָלט געווען אַ כאָציאָלאָג, וואָלט איך געזאָגט, אַז דאָס נעמט זיך אפשר דערפון, וואָס די ביטערע לעבענס־באַדינגונגען אין גלות האָבען געפאָדערט פון דעם איד צו זיין וואַכער פון אַלע וואַכע און קליגער פון אַלע קלוגע (כדי צו קאָנען זיך האַלטען אויפ'ן וואַסער), אַזוי, אַז אומפּראַקטישקייט איז פאַררע־כענט געוואָרען פאַר עפּעס גאָר אַ באַזונדערען חסרון, אַ חסרון, וואָס טראָגט אין זיך אַ געפאַר פאַר דער עצם עקזיסטענץ פון דעם איד אין גלות, אַ געפאַר פאַר דעם, וואָס מיר רופען: קיום־האומה... דאָס וואָלט געווען אַ סאָציאָלאָגיש־פּסיכאָלאָגישער אויס־טייטש, אפשר אַ ריכטיגער און אפשר נישט אַזאַ ריכטיגער — איך ווייס נישט. אַז מ'האָט אָבער געזאָגט אויף די ערשטע ציוניסטען, אַז זיי זיינען בטלנים, האָט דאָס געדאַרפט זיין די סאַמע גיפטיג־סטע אַנטי־ציוניסטישע פייל. נו, האָט דר. גאָטהייל געמוזט טייטלען אויף דעם פאַקט, אַ פינף און פופציג פון די דעלעגאַטען צום ערשטען קאָנגרעס אין באַזעל זיינען געווען מענטשען פון עולם־המסחר, און דאַרי־בער . . . היינט קומט עס אונז פאַר נאַאיוו און טאַקע בטלנ'יש, אָבער דענסטמאָל איז עס געווען געזונטע קעגען־אַטאַקע.

הערצל איז געווען גאָר באַזונדערס אינטערעסירט, אַז אַמעריקאַנער אידען זאָלען צושטיין צו דער באַ־וועגונג. מר. האַבער דערמאָנט אונז, וואָס עס האָט געזאָגט דוד וואָלפסאָן וועגען הערצל'ס באַציהונג צו אַמעריקע בכלל און צו דער אידישער אַמעריקע בפרט. אַמעריקע בכלל האָט אים שטאַרק אינטריגירט און

## טאָג־מאָרגען זשורנאל, 4טער מאַי, 1956

פון דער איד[illegible] ער אמעריקע [illegible] ציוניזם גרויס [illegible] געבען. אונזער קראַנט [illegible] האָבען געזאָגט — ליגט אין די אידען פון אמעריקע.

אז מען טראַכט חעמען דעם היינט, אַזויפיל יאָרען שפּעטער, זעט מען, אז — לכל־הפחות אין אַ באַשטימטען זין — איז דאָס געווען ריכטיג. וואָרים קיינער וועט דאָך נישט לייקענען, אז עקאָנאָמיש און פּאָליטיש האָבען אַמעריקאַנער אידען געהאָלפען דעם ציוניזם אַ סך, טאַקע גאָר אַ סך. עפּעס אַנדערש איז, אז בדרך־כלל איז דער היגער ציוניזם געווען און געבליבען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט צו טאָן בלויז מיט אידען מחוץ אַמעריקע, און דערפון די כלומר'שט נייע אָריענטאַציע־אינ'ם אַמעריקאַנער ציוניזם. אָט די נייע אָריענטאַציע, ווי מ'רופט זי, איז אין דער אמת'ן די אַלטע „לכם־ולא־לו"־אָריענטאַציע. געוויס טאָר מען נישט לייקענען די מעלות פון דעם אַמעריקאַנער איד און אוודאי איז אַן עולה צו פאַרקלערן די היסטאָרישע פאַרדינסטען זיינע, נאָר פּונקט אַזוי טאָר מען אים נישט חנפ'ענען, קלאַפּען איבער דער פּלייצע און פריקרע־פאַלש זיך נחת'ן: סעמעלע־סערדצע, ביסט אַלראַיט, וכל אשר לך — און אַלדאָס דייניגע — איז אַלראַיט, און מיר פאַר דיין קעפּעלע, סעמעלע! אָט די שמן־זית'דיגע פּאַסקודסטווע רינט פון אַלע זייטען ווי נאָר עס מאַכט זיך עפּעס אַ יום־טוב'ל און עס שלאָגט צו דער גאַל ממש. צו די חסרונות פון דעם אַמעריקאַנער איד געהערט אָן שום ספק דאָס, וואָס ער איז געוואוינט צוצוקוקען זיך צו דער אידישער גורל־דראַמע פון אַ לאָזשע אַרויס. ער איז גערירט, צייטענווייז אַפילו טיף גערירט, ער פאַרגיסט אַ טרער, ער פילט־מיט, ער לאָזט זיך קאָסטען, אָבער אַליין אַ טייל פון דער דראַמע איז ער נישט. ער איז אַ צוקוקער און אַ מיטפיהלער, נישט קיין מיטשפּילער.

אינטערעסאַנט, און טאַקע מוסר־השכל'דיג, איז די געשיכטע, וואָס דער מחבר דערציילט אונז וועגען פיליפ וואַטענבערג'ען, וואָס האָט געשאָנקען הונדערט טויזענט דאָלאַר, כדי אויפצושטעלען דעם בנין פון דעם העברעאישען אוניווערזיטעט אין ירושלים. דער [illegible] איז אָנגערופען געוואָרען אויף די נעמען פון [illegible] איינשטיין און פיליפ וואַטענבערג. — און ס'איז, פאַרשטייט זיך, אַ כבוד געווען פאַר דעם אַמעריקאַנער מנדב, צו זען זיין נאָמען פאַרבונדען מיט דעם נאָמען פון איינשטיין'ען. ער האָט געזאָגט האָבער'ן, אז ער האָט פּשוט אַריינגעכאַפּט אַ מציאה. צוויי יאָר שפּעטער איז וואַטענבערג געשטאָרבען אין ירושלים און אַרויסגעוויזען האָט זיך, אז דער אוצר, וואָס ער האָט זיך איינגעהאַנדעלט (כ'האָב מיר איינגעהאַנדעלט אַן אוצר, — האָט ער געזאָגט, — מיט מיינע הונדערט טויזענט דאָלאַר), איז אין דער אמת'ן געווען זיין איינציגע ירושה, וואָרים אַ חוץ דעם בנין פאַר דעם העברעאישען אוניווערזיטעט איז נאָך אים גאָרנישט געבליבען. מ'האָט אים געהאַלטען פאַר אַ גביר, נאָר נאָך זיין טויט איז באַקאַנט געוואָרען, אז ער האָט קיין שום קאַפּיטאַל נאָך זיך נישט איבערגעלאָזט. דער מוסר־השכל דערפון איז, אז אַפילו ווען ער וואָלט יאָ איבערגעלאָזט געלט נאָך זיך, וואָלט סיי־ווי־סיי געבליבען נאָך אים נאָר דאָס, וואָס ער האָט נעגעבען, — יענער אוצר, יענע מציאה, וואָס ער האָט איינגעהאַנדעלט פאַר זיינע הונדערט טויזענט דאָלאַר. וואָרים דאָס, וואָס מ'גיט פאַר'ן כלל, איז דאָס איינציגע, וואָס מ'גיט פאַר זיך אַליין, וואָס מ'גיט פאַר דעם אייגענעם אָנדענק, — דאָס איינציגע, וואָס בלייבט. די געשיכטע מיט וואַטענבערג'ן איז פון יענע פאַקטען, וואָס פאַרמאָגען אין זיך עפּעס פון אַ סימבאָל. פאַרשטייט זיך, אז איך ברענג דעם דאָזיגען פּרט, פּונקט ווי אַלע אַנדערע פּרטים, אויף דער אחריות פון מר. האַבער, דעם מחבר פון די זכרונות וועגען העכער פופציג יאָר ציוניזם.

נאָך אַ רעדע פון הערבערט סעמיועל, דעם ערשטען הויך־קאָמיסאַר פאַר ארץ ישראל, האָט דער וואַרשעווער אידישער פּובליציסט און ציוניסטישער פירער דר. יהושע גאָטליב (הי"ד), וואָס איז געווען אין ארץ ישראל צו־גאַסט, זיך אָנגערופען צו יעקב פישמאַן, ע"ה, און צו — יבדל לחיים — דעם מחבר פונ'ם בוך: „דער אמת'ער שליסעל צו ארץ־ישראל איז נישט אין ז י י נ ע הענט, נאָר אין א ו נ ז ע ר ע".

די געשיכטע האָט די דאָזיגע ריזע באַאמת'ט. די צרה איז, וואָס איצט ווען מיר דאַרפען שוין קיין שליסעל נישט, ווען די טירען פון אידישען לאַנד שטייען אָפען, זוכען מיר נאָך אַלץ דעם שליסעל. עס הייסט, מיר מאַכען זיך זוכענדיג, און אונזערע היגע, היימיש־געוואַקסענע אחר־העמ'ס שטעלען אונז צו די נויטיגע זוך־תירוצים.

ווייטער האָבען מיר דאָ די געשיכטע, ווי אַזוי הערצל האָט געהאָלפען אַן אָרעמען קאַטאַרינקע־שפּילער. די געשיכטע איז נישט ניי, ס'איז אָבער כדאַי געווען זי איבערצודערציילען. ס'איז אַזוי געווען: הערצל (ס'איז געווען אַ יאָר פאַר זיין טויט), האָט געזען אַן אָרעמען מענש, ענליך צו אים, — הויך, טונקעל, מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד, — וואָס האָט זיך אַרומגעשלעפּט מיט זיין שפּיל־קעסטל איבער די זומער־וואוינונגען. אַ מענש מיט אַזאַ אויסזען וואָלט באַדאַרפט מאַכען אַ רושם, אָבער די זאַטע זומער־געסט האָבען זיך קנאַפּ־וואָס אומגעקוקט אויף דעם אָרעמען קאַטאַרינקע־שפּילער. הערצל האָט לאַנג נישט געטראַכט, גענומען יענעמ'ס שפּיל־קעסטעל און אַליין אַוועק שפּילען. ער האָט צונויפגעזאַמעלט אַ היפּשע סומע, און אַז ער האָט זי דערלאַנגט דעם אָרעמען מוזיקאַנט — האָט יענער פּשוט נישט געוואוסט ווי צו דאַנקען זיין מלאך־המושיע.

דאָ זעט מען נישט נאָר הערצל'ס רחמנות־געפיל און נית נאָר זיין גרייטקייט צו העלפען מיט מעשים. אין דעם אָרעמען שפּילער, וואָס איז אויסערליך ענליך געווען אויף אים, האָט הערצל געמוזט זען זיך אַליין, זיין אייגענעם גורל. אָט שפּילט ער, הערצל, פאַר אַ זאַטער גויים־וועלט דאָס ליד פון דעם איד — און וואָס איז דער סך־הכל? ווען ס'איז אים געלונגען צו העלפען דעם אָרעמען שפּילער מיט דער גרויסער שוואַרצער באָרד און אומעטיגע אויגען, האָט ער אפשר געזען אין דעם אַ גוטען סימן פאַר זיך אויך.

בלויז נאָך איין באַמערקונג. עס ווערט אינ'ם בוך דערציילט אַן עפּיזאָד מיט אַ תל־אביב'ער איינוואוינער, וואָס איז געווען אויסער זיך פון שמחה, ווען ער האָט געזען ווי די פּאָליציי אַרעסטירט אַ גנב... איצט — האָט דער איד אָנגעקוואָלען — איז תל־אביב אַ שטאָט ווי ביי לייטען, אַ שטאָט ווי אַלע שטעט!

האָט עס מיך דערמאָנט אַזאַ מין זאַך. מיט אַן אַכט־ניין יאָר צוריק איז אין תל־אביב געעפענט געוואָרען אַ נייע גאַס — אַ גאַס אויפ'ן נאָמען פון מיין

פּאָטער ז״ל — רחוב ציטלין. א קורצע צייט דער־
נאָך פאַלט מיין אויג אויף א שטיקעל בראָניק אין א
תל־אביב׳ער ציטונג: גנבה ברחוב צייטלין... ס׳איז,
הייסט עס, פאָרגעקומען דאָרט א גנבה... אויב אזוי,—
האָב איך א טראַכט געטאָן, — איז עס שוין א גאָס
כדבעי. ס׳וואוינען דאָרט מענשען, וואָס האָבן עפּעס...

אז כ׳האָב עס דערציילט מיין פריינד, דעם באַ־
קאַנטען פאָרשער יצחק ריבקינד, האָט ער געלאַכט
און האָט מיר פון זיין זייט דערציילט אָט־וואָס. גע־
ווען איז עס אין די צייטען פון די ערשטע ציון־
אגודות אין רוסלאַנד. קומט מען אַמאָל צו ר׳ שמואל
מאָהליווער ז״ל און מ׳דערציילט אים, אז אין דער־
און־דער אגודה האָט איינער פון די, וואָס שטייען
ביים שיסעל, באַוויזען, אז ער האָט — נישט פאַר קיין
שום אידען גערעכט — קלעפּיגע פינגער. זאָגט ר׳
שמואל: ס׳איז טאַקע מיאוס וואָס מיאוס הייסט,
נאָר, צוריק־גערעדט, איז עס א גוטער סימן... א
גוטער סימן...

— דהיינו, — פרעגט מען אים, — מיט וואָס?

— די אגודות אונזערע, — שמייכעלט ר׳ שמואל,
— זיינען שוין נישט אזוי אָרעם... ס׳איז שוין דאָ
עפּעס אין שיסעל...

**מ׳וואָלט געקאָנט זיין אַ גוי, נאָר מ׳לאָזט נישט**

נאָכדעם ווי די אידישע אַמעריקע האָט (היפּש גע־
שמאַקלאָז) אָפּגעפּראַוועט דעם יום־טוב פון דריי־
הונדערט־יעריגקייט, האָט זיך דערמאָנט די אידישע
ענגלאַנד אין איר אייגענער דריי־הונדערט־יעריגקייט
און — וואָס א׳ז דער סך־הכל? מ. פרידמאַן, רעדאַק־
טאָר פון זאַמלונג סאָציאָלאָגישע פאָרשונגען וועגען
די אידען אין ענגלאַנד („עי מינאָריטי אין בריטען״),
שרייבט צום סוף פון אָט דעם באַנד, אז ענגלישע
אידען האָבען א געפיל פון אומזיכערקייט, אז ענגלענ־
דער ווילען נישט, אידען זאָלען מיט זיי ווערען צו־
גרויסע שמעלקעס (און דערפאַר האַלטען זיי מער פון
„אידישע אידען״, איידער פון אידען, אזוי צו זאָגען,
דזשאָן־בול׳עוואַטע), און — אז ס׳איז א היפּשער
חילוק צווישען ענגליש און בריטיש... וואָס איז דער
חילוק? לאָמיך ציטירען מר. פרידמאַנ׳ען. „א ברי־
טישער פּאַספּאָרט״, שרייבט ער, „מאַכט א מענשען
בריטיש; דאָס הייסט אָבער נישט, אז ער ווערט דער־
מיט ענגליש, אז ער, דער בריטישער בירגער, ווערט
בזכות־זה אַן ענגלענדער...״

ווי האָט איינער געזאָגט? מ׳וואָלט געקאָנט זיין
א גוי, נאָר מ׳לאָזט נישט...

## די „אומלעגאַלע" אויף דעם אינזעל ציפּערן

חשוב'ער רעדאַקטאָר!

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם וועכענטליכען אַרטיקעל פון אייער חשוב'ען מיטרעדאַקטאָר אהרן אַלפערין „די אידישע וועלט", וואו ער באַמערקט וועגען דעם פרידענס-טראַקטאַט וואָס איז די טעג אונטערגעשריבען געוואָרען צווישען ענגלאַנד, טערקיי און גריכענלאַנד וועגען אינזעל ציפּערן, וואו די ענגלישע רעגירונג האָט איבערגעשיקט די אַזוי-גערופענע „אומלעגאַלע" עולים וואָס זיינען געווען אויפ'ן וועג קיין ארץ ישראל, וועט איר מיר דערלויבן איבערצוגעבען וואָס איך האָב געזען אויפ'ן אינזעל אין די ערשטע חדשים, וואו די עולים האָבען זיך געפונען אין די פון די ־עגענס אויסגעוויקטע לייוונטעַ־ע ביידלעך.

שוין ביים ציון-קאָנגרעס אין דעצעמבער, 1946, וואו איך בין געווען אַלס דעלעגאַט, האָב איך געהערט געשפּרעכען צווישען עטליכע יונגע די-פּי'ס, וואָס די אַראַנזשיר[illegible]טע פון קאָנגרעס האָט געבראַכט פון די דייטשע קעמפּס און אויך פון'ם קעמפּ „טשינע-טשיטאַ" נישט ווייט פון רוים, איטאַליע. די יונגע די-פּי'ס זיינען געווען אַזוי גערופענע „אַשערס", צו האַלטען אָרדענונג אין גרויסען זאַל, וואו דער קאָנגרעס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען. פון זייערע געשפּרעכען האָב איך געהערט דעם נאָמען „טשינע-טשיטאַ". דאָרטען אין דעם קעמפּ האָט זיך אויפגעהאַלטען מיינע אַ פּלימעניצע מיט אירע קינדער.

ווען דער קאָנגרעס האָט זיך געענדיגט, בין איך אָפּגעפאָרען קיין ירושלים און דאָרט האָב איך זיך געסטאַרעט ביי דער ענגלישער מאַכט צו באַקומען די דערלויבעניש אַריינצופאָרען קיין ציפּערן. אַזוי ווי אין די ערשטע חדשים [illegible] ענגלענדער נישט געוואָלט, אַז די דרויסענדיגע וועלט זאָל זיך דערוויסען אייניצעלהייטען וועגען די לאַגערן, האָט די מאַכט זיך אָנטזאָגט צו געבען אַ דערלויבעניש אַריינצופאָרן. 14 טעג בין איך יעדן טאָג געגאַנגען נאָך אַ דערלויבעניש, ערשט אויפ'ן 15טען טאָג, מיט דער הילף פון טשאַרלי פאַסמאַן, דער פּאַרטרעטער פון דעם „רזשאַינט", וואָס איז געווען „פּער סאַנאַ גראַטאַ" ביי דער ענגלישער מאַכט, האָב איך די דערלויבעניש געקראָגען. דעמאָלט האָט קורסירט צוויי מאָל אַ וואָך אַ קליינער עראָפּלאַן פון חיפה קיין „ניקאָסיאַ". איך בין געווען דער איינציגער פּאַסאַזשיר אויפ'ן עראָפּלאַן און אין ווייניגער פון אַנדערהאַלבען שעה בין איך אָנגעקומען אין ניקאָסיאַ, און פון דאָרטען בין איך מיט אַן אויטאָבוס מיט צוויי שפּעטער שוין געווען אין „פאַמאַגוסטאַ", וואו נישט ווייט פון דאָרט האָבען זיך געפונען די לאַגערן. שוין אין אויטאָבוס האָב איך קענען געלערנט ווי אַזוי די באַפעלקערונג וואָס באַשטייט אַמייסטען פון גריכען, פאַרהאַלט זיך צו די עולים אין די געצעלטען אין לאַגער. ווען עס איז אונז אַנטקעגענגעקומען אַ גרויסער טראָק מיט אַ גרויסע גרופּע פון די עולים (זיי זיינען געפאָרען אין שפּיטאָל), האָב איך זיי באַגריסט מיט „שלום". אין אָוונט האָט מען געגעבען אַן אָפּשייד פּאַר אַן איינוואוינער אין קעמפּ. דער דענטיסט האָט פאַרבראַכט זיין צייט צו פאַרריכטען פריי די ציין פון די עולים. אויף מיין פראַגע, וואו ער האָט גענומען דעם מאַטעריאַל וואָס אַ וואוינער אין קעמפּ, אַ דענטיסט. ער דענטיסט האָט געברויכט, האָט מען מיר פאַרגעשטעלט אַ גריך וואָס האָט אים געבראַכט טעגליך אַלץ וואָס דער דענטיסט האָט געברויכט. איין טאָג, ווען דער פּאַרטרעטער פון דעם „רזשאַינט", מאָריס לאָוב, איז מיט מיר דורכגעגאַנגען אינ'ם קעמפּ האָט מען אים דערציילט, אַז דער אַנטרייבער פון דעם גרויסען טראָק, וואָס איז יעדען טאָג אַרויסגעפאָרען פון קעמפּ קיין פאַמאַגוסטאַ צו ברענגען קאַרטאָפּעל, איז אַרעסטירט. מר. לאָוב איז באַלד אָפּגעפאָרען און אין צוויי אָדער דריי שעה האָט ער זיך צוריקגעקערט מיט דער בשורה, אַז דער אַנטרייבער, אויך איינער פון די עולים, איז שוין באַפרייט און וועט זיך באַלד צוריקקערען. דער אַרעסט איז געקומען, ווייל די פּאָליציי האָט געזען ווי דער אַנטרייבער לייגט אַריין צווישען די זעק קאַרטאָפּעל צענדליגער לאַבענס ברויט.

מיט דרך-ארץ,

**דזשוליוס האָבער.**

טאָג־מאָרגן זשורנאל, מערץ 6טער 1956

## דער פאָטער איז אַ וועטעראַן־ציוניסט

ווערטער רעדאַקטאָר:

אין אַרטיקעל פון אייער חשוב'ן מיטאַרבעטער מ. א. גער, „אידישער געלערנטער, וואָס לעבט אויף אַ פאַרגעסענער קולטור", פּראָפעסאָר סיירוס ה. גאָרדאָן, דערמאָנט מר. גער, דאָס דער פאָטער פון'ם פּראָפעסאָר איז אַן אַלטער באַוואוסטער ציוני, דר. בנימין ל. גאָרדאָן.

איר וועט מיר דערלויבן איבערצוגעבן דאָס איך, און אַנדערע ציוניסטן, האָבן שוין געקענט דר. גאָרדאָנ'ען איבער פופציג יאָר. שוין אין אַפּריל, 1905, ווען די פועלי ציון אין אַמעריקע האָט אָפּגעהאַלטען אין פילאַדעלפיע די דערמאָלט זעהר וויכטיגע קאָנפערענץ, וואָס האָט געזאָלט אַנטשיידן וועגן פּאַלעסטיניזם און טעריטאָריאַליזם, זענען ביי דער קאָנפערענץ אַנוועזענד געווען צוויי אָפיציעלע פאַרטרעטער פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע (די היינטיגע „זי־אָ־איי"), לואיס ליפּסקי און דר. בנימין גאָרדאָן. דר. גאָרדאָן, וואָס איז געווען אַ דעלעגירטער ביי אַלע ציוניסטישע קאָנווענשאָנס, האָט אַלע מאָל געשפּילט אַ וויכטיגע ראָל און מיר פלעגן שוין אַרויסקוקען זיך צו טרעפען און הערען אַלע מאָל וויכטיגע נייעס פון אים, וואָס אַנבאַלאַנגט דעם וועלט־ציוניזם.

שוין אין 1911 האָט דר. גאָרדאָן געמאַכט אַ לענגערע רייזע קיין ארץ־ישראל, און האָט די רייזע באַשריבען אין אַ ריי אַרטיקלען אין דער דעמאָלטדיגער אָפיציעלער ציוניסטישער מאָנאַט־צייטונג „מאַקאַביען". די גאַנצע באַשרייבונג האָט ער געמאַכט אין איבער 23 זייטען פון דעם מאַגאַזין, און מיר פלעגן שוין אָפּוואַרטען מיט נייגער דאָס אַרויסקומען פון די נייע מאָנאַטליכע אויסגאַבען פון „מאַקאַביען", אום צו לייענען דר. גאָרדאָנ'ס באַשרייבונג.

איך בין איבערצייגט, אַז אויך אַנדערע ציוניסטען, וואָס געדענקען דר. גאָרדאָנ'ס איבערגעגעבענקייט פאַר ציון, זענען זעהר און זעהר צופרידען צו הערען, דאָס ער וואוינט אין אַטלאַנטיק־סיטי. זאָל ער נאָך האָבען פיל און געזונטע יאָרען.

דזשוליוס האַבער,

טאָג־מאָרגן זשורנאל זונטאג, יולי 22, 1956

## דזשוליוס העיבער'ס בוך — „אַדיסייע פון אַן אַמעריקאַנער ציוניסט", געלויבט פון גאָוו. הערימאַן

גאָווערנאָר הערימאַן האָט צוגעשיקט אַ וואַרעמען בריוו צו דעם באַקאַנטען ציוניסטישן טוער דזשוליוס העיבער, וועלכער האָט לעצטענס פאַרעפענטליכט (אין ענגליש) אַן אינטערעסאַנט מעמואַרען־[illegible]ער „אַדיסייע פון אַמעריקאַנער ציוניסט". גאָווערנאָר הערימאַן [illegible] אַנים דזשוליוס [illegible] בער'ן אַ [illegible] אַנערקענונג [illegible] דעם

דער פאָרווערטס יולי 30, 1956

## אַ געשיכטע פון ציוניזם אין אַמעריקע

דער בוך „עַן אָדיסעי, אָוו עַן אַמעריקען זייאָניסט" איז די געשיכטע פון ציוניזם אין אַמעריקע [illegible] פון דער באַוועגונג. [illegible] האַבער, אַן אַלטער ציוניסט, וועלכער איז געשטאַנען ביים [illegible]געלע פון ציוניזם אין דעם לאַנד, האָט מיטגעמאַכט אַלע פאַרשידענע עפּאָכען פון אַמעריקאַנער ציוניזם און ווייסט צו דערציילן וועגן זיי אויספירליך. ער ברענגט אויך אַרויס פיל פאַקטען וואָס זיינען ביז איצט געווען אומבאַקאַנט פאַר'ן ברייטען עולם. דער בוך האָט 416 זייטען, אַרויסגעגעבען פון טוויין פּאַבלישערס, ניו יאָרק.

# אברהם גאָלדפאַדען און דר. הערצל

## (אַן אומבאַקאַנטער פאַקט)

דזשוליוס העיבער (האַיער) איז אַ וועטעראַן פון אַמעריקאַנער ציוניזם. ער האָט פיל דורכגעמאַכט און קען גוט דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע. ער איז ניט קיין פראָפעסיאָנעלער שרייבער, נאָר ער האָט איצט אַרויסגעלאָזט אַ בוך מיט מעמוארען*), וואָס איז אַן ציווייפעל אַ וויכטיגער צושטייער צו דער געשיכטע פון דער ציון־באַוועגונג. דאָס בוך לייענט זיך מיט גרויס שפּאַנונג.

העיבער האָט וואָס צו דערציילן און ווייסט ווי אַזוי. ניט קיין אַנדערער ווי לואיס ליפּסקי באַצייכנט אים אַלס אַ „פענאָמענאַלען טוער", וואָס איז אויסערגעוויינליך אַקוראַט און שטרענג אָפּגעהיט ביים איבערגעבן פאַקטען.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז מ'קאָן זיך אויף העיבער'ן פאַרלאָזען.

ס'איז מסתּמא איבעריג מוסיף צו זיין, אַז ליפּסקי אַליין איז אַ העכסט־באַגלויבטע קוועלע.

נאָר ניט דאָס בין איך אויסען

•.•

דזשוליוס העיבער דערציילט, אגב, אין זיין בוך (זז. 85, 86) וועגן דער פריינטשאַפט צווישען אברהם גאָלדפאַדען, פאָטער פון אידישען טעאַטער, און נפתּלי הערץ אימבער, מחבר פון „התקוה", און וועגן זייערען אַ געמיינזאַמען באַזוך אין די ציוניסטישע קלוב־צימערען אויף דער איסט סאַיד.

דאָס איז געווען אין יאָר 1907.

גאָלדפאַדען האָט בעת דעם באַזוך — גיט העיבער איבער — געוויזען אַ קאָפּיע פון אַ בריוו פון דר. הערצל (דאַטירט: 24טען מאַי, 1897), אין וועלכען הערצל האָט רעקאָמענדירט גאָלדפאַדענ'ען צום באַרימטען סטאַר פון דער עסטרייכישער בינע אין ווין, אַדאָלף פאָן זאָנענטאַל.

דאָס איז ביז איצט געווען אַן אומבאַקאַנטער פאַקט. דאָס קאָן איך זאָגען נאָך דעם ווי כ'האָב דעם ענין אויסגעפאָרשט.

און הגם דער פאַקט איז ניט געווען באַקאַנט, קוקט ער אוים ~~אַ~~ שיינבאַר, באַזונדערס אויב מען נעמט אין אַכט גאָלדפאַדענ'ס ציוניסטישע נייגונגען און שטימונגען.

דזשוליוס העיבער באַטאָנט עס אויך שטיצענדיג זיך אויף דער אויפפירונג פון גאָלדפאַדענ'ס פּיעסע „בן עמי", ביי וועלכער די בלויווייסע פאָן האָט אָפּט געשוועבט.

ס'איז אויך אַ פאַקט, אַז גאָלדפאַדען האָט ליב געהאַט העברעאיש.

•.•

ס'וועט מן הסתּם נאָך אַמאָל קומען אַ צייט, ווען אַ היסטאָריקער וועט זיך אַוועקזעצען און אָנשרייבען אַן אַרבעט וועגען גאָלדפאַדענ'ס פאַרדינסטען און וועגען דער ראָלע פון אידישן טעאַטער און אידישען שוישפּילער פאַר'ן ציוניזם און במילא אויך פאַר'ן אויפקום פון מדינת ישראל.

דערווייל אָבער ברענגען מיר דעם פאַקט פון אַן עד ראיה וועגען דר. הערצעל'ס אַ בריוו צו פאָן זאָנענטאַל'ן וועגען דעם פאָטער פון אידישען טעאַטער, אברהם גאָלדפאַדען.

אַזאַ פאַקט קאָן אַמאָל צוניץ קומען.

*) The Odyssey of an American Zionist, by Julius Haber, with an introduction by Louis Lipsky. Twayne Publishers, New York.

## טאג-מארגען זשורנאל, מאי 3טער, 1955

### ער געשיכטע פון קרן קימת לישראל אין אמעריקע

אין צוזאמענהאנג מיט דער קאנפערענץ פון דעם נאציאנאל־פאנד, אס איז אפגעהאלטען געווארען. אין וואשינגטאן, וועט איר מיר ערלויבען איבערצוגעבען, דאס אבוואל דער נאציאנאל־פאנד איז געגרינדעט געווארען אויף דעם טען ציון־קאנגרעס אין 1901, אין באזעל, האבען אבער ציוניסטען שוין געזאמעלט געלטער אונטער'ן נאמען „נאציאנאל־פאנד" פיל פריער.

שוין דעם 8טען אקטאבער, 1897, פיר יאר פאר דער אפיציעלער גרינדונג פון דעם פאנד, האט יד. הערצל'ס פארטרעטער אין ניו־ארק, דר. מיכל זינגער, באריכטעט צו הערצל'ען קיין ווין; אז ביי דער חתונה פון בערטא האפפערן און רפאל וואהלבערג, האבען די ציוניסטען — משה שפיצבארד און אברהם פרוכטער (ביידע מיינע בויבערקער לאנדסלייט) געזאמעלט פאר'ן נאציאנאל־פאנד און דאס געלט איבערגעשיקט צום ציוניסטישען הויפט־ביורא אין ווין. מיט דעם איז פעסטגעשטעלט, דאס די ערשטע זאמלונג אין אמעריקע פאר'ן נאציאנאל־פאנד איז געמאכט געווארען ביי א חתונה אין ניו יארק. אין יאר 1897, [illegible] וואכען נאכ'ן ערשטען ציוניסטישען וועלט־קאנגרעס.

ביי דער געלעגענהייט איז אויך אינטערעסאנט איבערצוגעבען די פאלגענדע פאסירונג וועגען דעם גאלדען־בוך פונ'ם נאציאנאל־פאנד. ביי דער גרינדונג פון דעם פאנד אין 1901, זיינען ווי באוואוסט, די ערשטע איינגעשריבענע אינ'ם גאלדען־בוך געווען פראפעסאר הערמאן שאפירא, און דר. טעאדאר הערצל, און אויך די פאלגענדע 4 נעמען. יעקב מאזער פון בראדפארד, ענגלאנד, סיר פראנסעס מאנטעפיארע פון לאנדאן, דוד וואלפזאהן פון קעלן, און אהרן וועכט פון ניו זילאנד. אבער א גרופע דעלעגאטען ביים קאנגרעס האבען אויף דער גיך געזאמעלט די סומע פון 50 דאלאר אום נאך איינער פון די מאסען זאלן אויך איינגעשריבען ווערען צוגלייך מיט די אויבן דערמאנטע אנגעזעענע פערזאנען. דער גורל איז אויסגעפאלען אויף איינעם פונ'ם דייטשער־דעמביץ ראיאן מיט דעם נאמען בארנשטיין. אבער די דעלעגאטען פון רוסלאנד האבען געוואלט דאס מנחם אויסישקינ'ס נאמען זאל אריינגעשריבען ווערען און ניט מר. בארענשטיין. עס איז אנטשטאנען א גאנצער טומעל צווישען די דעלעגאטען פון גאליציע און אויך פון ווין, וואס האבען צוגערעדט בארנשטיינ'ען נישט אפצוגעבען דעם כבוד צו אויסישקינ'ען. אבער איידער דער קאנגרעס איז געשלאסען געווארען, האט בארנשטיין פארציכטעט און איבערגעגעבען דעם כבוד צו אוסישקינ'ען.

אן אנדערע פאסירונג וועגן דעם גאלדען־בוך שוין דא אין אמעריקע. ענדע אפריל 1905, האבען די אמעריקאנער פועלי ציון געהאט א צוזאמענפאר אין פילאדעלפיע, וואו אויף דער טאג־ארדענונג איז געווען די אנגעווייטאגטע פראגע: פאלעסטיניזם אדער טעריטאריאליזם. נאך די דעבאטעס פון עטליכע טעג און נעכט האט מען געפאסט באשלוסען און צווישען די רעזאלוציעס איז אויך געווען די, אז די קאנפערענץ פארלאנגט פונ'ם נאציאנאל־פאנד, אז דאס גאלדען־בוך זאל אפגעשאפט ווערען, ווייל זיי באטראכטען דאס, אז עס איז [illegible] קיין דעמאקראטישע אינסטיטוציע.

לואיס ליפסקי, וואס האט פארטראטען ביי דער קאנפערענץ די אמעריקאנער ציוניסטישע פערע־

אַציע, ווי אויך דר. ב. ל. גאָרדאָן,
פון פילאַדעלפיע, וואָס האָט אויך
פאַרטראָטען די פעדעראַציע, זיי־
נען געווען אויסער זיך. סטייטיש,
די פועלי ציון, וואָס צווישען די
דעלעגאַטען זיינען געווען באַוואוס־
טע ציוניסטען, ווי: מיכה גודמאַן,
אַברהם גאָלדבערג, חיים פיינמאַן,
ברוך צוקערמאַן און אַנדערע, זאָלן
זיין קעגען דעם גאָלדען־בוך, אין
דאָס אָנרופען אַ נישט דעמאָקראַטי־
שע אינסטיטוציע! ווי ס'זעט אויס,
זיינען זיי געווען קעגען דאָס גאָל־
דען־בוך ווייל אום איינצושרייבען
אין גאָלדען־בוך, האָט מען געמוזט
איינצאָלען צום נאַציאָנאַל־פאָנד
טויזענד דאָלאַר, (היינט 100 דאָלאַר) און
דאָס איז דעמאָלט, מיט 50 יאָר
צוריק, געווען אַ גרויסע סומע.
אָבער ציוניסטען האָבען שוין דע־
מאָלט (אמת, מיט שווערער מי)
געזאַמעלט געלטער פאַר'ן נאַציאָ־
נאַל־פאָנד. מיט צוויי יאָר שפּע־
טער, אין יאָר 1907, האָט דער
עסטרייך־אונגאַרישער ציון־פאַר־
איין געזאַמעלט צווישען לאַנדס־
מאַנשאַפט־פאַראיינען, שולען און
אויף די סעמעטערים די סומע פון
1,000 דאָלאַר, דאָס האָט אונז גע־
געבען די מעגליכקייט איינצושריי־
בען די נעמען פון באַוואוסטע ציו־
ניסטען אין גאָלדען־בוך. צווישען
די, וועלכע מיר האָבען דעמאָלט
איינגעשריבען, זענען געווען:
דר. בענאָ שטראַיכער, אַ מיטגליד
פון דעם עסטרייכישען פאַרלאַ־
מענט אין ווין, אויך דר. הערי
פרידענוואַלד, דער דעמאָלטיגער
פרעז. פון דער אַמעריקאַנער ציון־
פעדעראַציע, דר. י. ל. מאַגנעס,
דער סעקרעטאַר פון דער ציון־פע־
דעראַציע, א. פ. פראָמענזאָן און
אונזער אייגענער סעקרעטאַר,
הערצל שטערן, וואָס האָט אוועק־
געגעבען פיל מי און צייט פאַר'ן
ציוניזם.

צווישען אַנדערע רעזאָלוציעס,
וואָס די פועלי ציון־קאָנפערענץ
האָט דעמאָלט אָנגענומען, איז אויך
געווען, דאָס זיי פאַרלאַנגען פון
דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַני־
זאַציע, אַז די אָפיציעלע וועכענט־
ליכע צייטונג „די וועלט", וואָס איז
געגרינדעט געוואָרען פון דר.
הערצל, און געדרוקט געוואָרן אין
דער דייטשער שפּראַך, זאָל גע־
דרוקט ווערען אין אידיש. נאָר איין
מאָל אין מאָנאַט זאָל די צייטונג
געדרוקט ווערען אין דייטש.

מיט דרך א"ץ.

דזשוליוס האַבער,

נ"י. [illegible]

דער פארווערטס, אפריל 26טער, 1955

# אמעריקאנער ציוניסטען און מדינת ישראל

זשוב'ער רעדאקטאר!

לעצטענס איז אין „פארווערטס" ערשינען א קריטיק אויפ'ן ציוניזם א אין אמעריקע פון איינעם, וואס האט פאר געוויסע אורזאכען נים אנגעגעבען זיין נאמען. זיין קריטיק איז „די אמעריקאנער ציוניסטען טוען נים זייער פליכט צו ישראל", וואלט גענומען געווארען פיל ערנסטער, ווען דער שרייבער וואלט יע געווען אנגעגעבען זיין נאמען. עס איז נים צו פארשטעהן וואס דער שרייבער האט נאר זיין קריטיק געווענדעט נעגען דער „זי־א־עי". דער שרייבער ווייסט געוויס, אז א חוץ דער „זי־א־עי" עקזיסטירען אין אמעריקע מערערע ציוניסטישע פארטייען. מיינט ער באמת, אז אלע אנדערע האבען יא געטאן זייער פליכט?

פילע פון די עלטערע ציוניסטען דא אין לאנד ווענען זיך דערמאנען, אז דער חלוציזם האט זיך דא אין לאנד אנגעהויבען נאך מיט צענדליגע יארען צוריק. שוין אין 1908 האט א חבר פון דעם ציון־פאראיין „התחיה", וואס איז געווען אנגעשלאסען אין דער ציוניסטישער פעדעראציע פון אמעריקע, די היינטיגע „זי־א־עי", זיין נאמען איז געווען אלעזר ליפע יאפע, באשלאסען אריינצוטרעטען אין דער דעמאלסטיגער באראן הירש אגריקאלטשורעל שולע אין וואודבאין, ניו דזש., אום זיך צו פאתפולקאמען אין פארמעריי און עולה זיין קיין ארץ ישראל. יאפע האט מיט דער צייט ארגאניזירט כמעט אלע 120 שילער אין א ציון־פאראיין. צענדליגע פון די שילער האבען צוגעזאגט, אז ווען זיי וועלען דורכמאכען די קורסען אין דער שולע, וועלען זיי זיך אנשליסען צו יאפע'ן און עולה זיין קיין ארץ־ישראל, אום צו זיין באהילפיג אין דעם אויפבוי פון דעם אידישען לאנד. ווען יאפע האט אין 1912 עולה געווען קיין ארץ ישראל איז, צום באדויערען, געווען נאר נאך איינער פון די שילער, וואס האט צוזאמען מיט אים עולה געווען. די אויסשטודירטע פון דער באראן הירש שולע האבען געקאנט זיין באהילפיג אין דער בויאונג פון ארץ ישראל. מיר זעהען דאס אין דעם ביישפיל פון יאפע'ן, וואס איז געווען דער איניציאטאר און איינער פון די גרינדער פון דער ערפאלגרייכער קאלאניע „נהלל", און אויך איינער פון די גרינדער פון דער קאאפעראטיווער געזעלשאפט „תנובה", וואס איז זינט דעמאלסט אויסגעוואקסען צו אזא ריזיגען געשעפט אין לאנד. יאפע'ס וויכטיגע ארבייט איז שוין געווען אפגעשאצט ביים ישוב מיט פילע יארען צוריק. אין 1932, ווען דער ישוב האט ארויסגעגעבען א בוך „די ערשטע צען בויער פון דעם ישוב", זעהען מיר יאפע'ס נאמען אלס איינעם פון די צען.

מיר זעהען אויך דאס נאך דער באלפור־דעקלאראציע האבען זיך יונגע ציוניסטען אנגעהויבען צו ארגאניזירען אין אמעריקע, כדי זיך אויסצולערנען פארמעריי און דאס קיבוץ־לעבען, אום שפעטער עולה צו זיין קיין ארץ ישראל. און ווען אין יאר 1925 זיינען געקומען פארטרעטער פון דער ארץ ישראל יוגענטבאוועגונג קיין אמעריקע, דר. אלאזר ריגער און דר. שלום שפיגעל, איז דעמאלסט דא אפיציעל געגרינדעט געווארען דער החלוץ. מערערע פון יונגע ציוניסטען האבען דורכגעמאכט „חכשרה" און זיך פארבארייטעט פאר'ן קיבוץ־לעבען אין ארץ ישראל. פון די ערשטע, וואס האבען עולה געווען אין ארץ ישראל, האט זיך א גרויסער פראצענט צוריקגעקערט, ווייל אין יענע ערשטע יא־[illegible] איז דאס קיבוץ־לעבען געווע־

זעהר א שווערס. זעהר ווייניג פון די אמעריקאנער יונגע מענשען האבען זיך געקאנט אריינפאסען אין קיבוץ־לעבען. ווען איך האב באזוכט ארץ ישראל האב איך געהערט, אז אפילו חלוצים, וואס זיינען געקומען פון פוילען, ליטע, רומעניע און גאליציע, האבען זיך אויך צוריקגע־קערט אין זייערע געבורטס־לענדער, ווייל אויך זיי האבען זיך ניט גע־קאנט צוגעוואוינען צו אזא שווער לעבען. מיט יארען שפעטער, איז די צאל פון די צוריקגעקומענע גע־ווארען קלענער, און ביי דער היינטי־גער צייט, איז די צאל זעהר קליין. אבער, צום באדויערען, איז די צאל וואס זיינען עולה גאר א קליינע.

דער שרייבער פון דעם קריטישען ארטיקעל האט רעכט, ווען ער באהויפטעט, אז אין פילע פאלען איז עס די שולד פון די עלטערן, וואס שטערן די קינדער עולה זיין אין קיבוץ. אין יאר 1945 האט מיין טאכטער פארלאזט האנטער קאלעדזש און זיך אנגעשלאסען אויף „הכשרה". דארט, אויף דער פארם, האב איך קענען געלערענט יונגע ציוניסטען, וואס זיינען פון היימען, וואו דער ציוניזם איז געווען א טאג־טעגליכע זאך. אבער ווען זיי האבען געזאגט די עלטערן, אז זיי געהען אויף „הכשרה", כדי עולה צו זיין קיין ארץ ישראל און אריינ־טרעטען אין א קיבוץ, זיינען די על־טערן געווען געגען דעם. עס האט מיך איבערראשט, ווייל איך האב געקענט מאנכע פון די עלטערן און האב געזעהן וויפיל מיה און אויך פינאנציעלע מיטלען זיי האבען גע־געבען צו העלפען אין דעם אויפ־בוי פון דער פארם דא אין לאנד. ווי עס האט אויסגעזעהן, זיינען די עלטערן געווען פאר דעם, אז אנ־דערע יונגע ציוניסטען זאלען זיך פארבארייטען פאר קיבוץ־לעבען אין ארץ ישראל, אבער ניט זייערע איי־גענע קינדער.

וויסענדיג ווי חלוציות איז א שווער לעבען, איבערהויפט פאר א יוגענט, וואס קומט פון אמעריקע, האב איך דאך ניט געקאנט פאר־שטעהן פארוואס אזוי ווייניג „נאו האו" יונגע ציוניסטען זיינען געקו־מען נאך דער פראקלאמירונג פון דעם שטאט, אין זומער 1948. איך האב דעמאלסט געהאט די פריווי־לעגיע צו זיין אין לאנד, וואו איך האב באזוכט מיינע קינדער וואס זיינען אינ'ם „נאו האו"־קלאס. איך האב געזעהן יונגע ציוניסטען פון אנדערע פרייע לענדער, וואס אויך זיי זיינען געקומען העלפען אין דעם בוי פון די פארטיידיגונגס־קרעפטען אין מדינת ישראל. מיין טאכטער, איר מאן און אויך מיין זוהן, זיינען באפריינדעט געווארען מיט דער יוגענט פון דרום־אפריקע, ענגלאנד און קענעדע. זייער צאל האט מיך באמת איבערראשט. ווען אמעריקאנער „נאו האו" זאלען גע־ווען קומען אין דער פראפארציע צו די אנדערע אויבען־דערמאנטע לענ־דער, וואלט די צאל פון די פאר־אייניגטע שטאטען געווען אין די טויזענטער, און זיי וואלטען געווען זעהר און זעהר נוצליך פאר'ן נייעם שטאט. און זייער ארבייט וואלט מיט דער צייט אפגעשאצט געווארען פון די פירער פון דער מדינה. עס איז געווען אומאנגענעם צו זעהן ווי פילע פון די „נאו האו" האבען פאר־לאזט דאס לאנד, מאנכע זעהר אנ־טוישטע. זאל דא געזאגט ווערען, אז אין געוויסע פאלען איז דאס גע־ווען די שולד פון די פירער פון דער מדינה.

יא, איך בין מסכים מיט דער אנא־ליזע וואס דער שרייבער האט גע־מאכט וועגען חלוציות אין אמערי־קע. אבער פארוואס קריטיקירען נאר די „זי־א־עי"־ציוניסטען. ווען ער האט געפונען פאר נויטיג דאס ארויסצוברענגען אויף דער אידי־שער גאס, האט ער געדארפט זיין קריטיק ווענדען צו דער גאנצער ציוניסטישער באוועגונג אין אמע־ריקע.

מיט דרך־ארץ,

דזשוליוס האבער,

ניו יארק.

דער טאָג־מאָרגען זשורנאַל, 15טער יאַנואַר, 1955

## די פּיאָנערן פון אַמעריקאַנער ציוניזם

חשוב'ער רעדאַקטאָר:

אין „טאָג־מאָרגען זשורנאַל" פון מיטוואָך דעם 29טען דעצעמבער, גיט איבער ב. צ. גאָלדבערג, אין זיין קאָלום „אין גאַנג פון טאָג", כראָנאָלאָגיש וועגען דעם לעבען פון דר. יוסף יצחק בלוסטאָן, איינער פון די גרינדער פון דער חברה „חובבי ציון" אין יאָר 1882 אין ניו יאָרק. די באַשרייבונג איז באמת זעהר אינטערעסאַנט, און עס איז גוט צו זען ווער די ערשטע פּיאָנערן זענען געוועז אין ניו יאָרק, וואָס האָבען געשאַפען די ציון באַוועגונג. צווישען אַנדערע איינצעלהייטען שרייבט מר. גאָלדבערג, אַז דר. בלוס[illegible] האָט פאַרצייכענט, אַז ער [illegible] 18[illegible] דערוו[illegible]לט געוו[illegible] [illegible] ערשטען ציו[illegible] [illegible]רעס. מיר זעען פון דעם אָפּיציעלן רעפּאָרט פון דעם ערשטען קאָנגרעס, אַז נאָר 4 פּערזאָן פון אַמעריקע האָבען אַנטייל גענומען אין דעם ערשטען קאָנגרעס אין באַזעל אין 1897: ראַבינער דר. שעפּטעל שאַפּער, פון באַלטימאָר; אדם ראָזענבערג, און דוד טריעטש, פון ניו יאָרק, און מאַדאַם ראָזע סאָנענשיין, פון סעינט לואיס.

פון צייט צו צייט קומט אונז פאָר צו זען אין צייטשריפטען, אַז פאַרשידענע ציוניסטען פון אַמעריקע האָבען אַנטייל גענומען אין דעם ערשטען ציון קאָנגרעס, אָבוואָל זייערע נעמען זענען נישטאָ אין די אָפּיציעלע קאָנגרעס־באַריכטען. צווישען די נעמען האָב איך געטראָפען, אַז די ניו יאָרקער ציוניסטען האָבען געשיקט דר. בלוסטאָן. די שיקאַגאָ ציוניסטען האָבען געשיקט לעאָן זאָלאָטקאָף (וואָס איז צו דער צייט געווען דער רעדאַקטאָר פון אַ טעגליכער אידישער צייטונג אין שיקאַגאָ), און אויך, אַז פּראָפעסאָר ריטשאַרד גאָטהייל, פון קאָלאָמביאַ אוניווערזיטעט, האָט אַנטייל גענומען אין ערשטען ציון קאָנגרעס.

אַזוי ווי איך האָב מיט עטליכע טעג צוריק געהאַט דאָס פאַרגעניגען צו פאַרברענגען מיט דר. אַדאָלף בייַן, דער ביאָגראַפער פון דר. הערצל, וואָס איז איצט צוגאַסט אין אַמעריקע, איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז נאָר די פאָלגענדע פיר פּערזאָנען פון אַמעריקע האָבען אַנטייל גענומען אין ערשטען קאָנגרעס.

דר. שאַפּער, אַ ראַבינער אין באַלטימאָר; אדם ראָזענבערג, אַן אַדוואָקאַט און מיטגליד פון דעם ציון־פאַריין „שיבת ציון" אין ניו יאָרק, איז צו יענער צייט געשיקט געוואָרען פון זיינע חברים קיין ארץ ישראל צו קויפען אַ שטרעקע לאַנד, וואו די חברים האָבען געהאָפט זיך צו באַזעצען. אויף זיין צוריק־רייזע קיין אַמעריקע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין באַזעל בייצואוווינען דעם ערשטען קאָנגרעס. אויף דעם פאַרלאַנג פון דר. הערצל, האָט ראָזענבערג אַדרעסירט די דעלעגאַטען וועגען ציוניזם אין אַמעריקע, און אויך וועגען זיין רייזע קיין ארץ ישראל. ראָזענבערג איז אויך צוגעצויגען געוואָרען אַלס מיטגליד צוזאַמען מיט דר. מאַקס נאָרדוי, דר. נתן בירנבוים און דר. מאַקס באָדענהיימער, וואָס דער קאָנגרעס האָט אַדאָפּטירט. דוד טריטש, וועלכער איז געווען אין אַמעריקע און שפּעטער האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין דייטשלאַנד, און האָט אויך פיל גערייזט אין ארץ ישראל, האָט אין יאָר 1905 געשריבען, אַז ער איז געווען אין באר שבע, און דאָרטען האָט ער געזען שטרעקעס לאַנד פאַר זעהר ביליגע פּרייזען, און ער ראָט די אידען איינצוהאַנדלען די גרויסע שטרעקעס לאַנד. ראָזע סאָנענשיין, רעדאַקטאָר פון אַן ענגליש־אידישען פרויען זשורנאַל „די אידישע פרוי", וואָס האָט פאַרבראַכט אין קאַרלסבאַד אויף קורארט, האָט געשריבען פון דאָרט צו דר. הערצל קיין ווין, אַז ער זאָל איר צושיקען זיין בילד, ווי אויך דאָס בילד פון דר. מאַקס נאָרדוי, און אויך אַ קאָפּיע פון הערצל'ס רעדע, וואָס ער האָט מיט חדשים צוריק געהאַלטען ביי דער מאַקאַביע געזעלשאַפט אין לאָנדאָן. מיט עטליכע טעג שפּעטער, דעם 8טען מאַי, 1897, האָט הערצל געענטפערט און אויך דערמאָנט, אַז ער האָפט זי צו זען ביים קאָנגרעס אין מינכען. לויט דעם בריוו האָט הערצל אַלץ געהאָפט בייצוקומען די קעגנערשאַפט פון די דייטשע פּראָטעסט־ראַבינער, וואָס האָבן פּראָטעסטירט צו דער דייטשער רעגירונג פאַר דערלויבען דעם ציון קאָנגרעס אויף דעם דייטשען באָדען. פון דעם ציוניסטישען שטאַנדפּונקט איז געווען פיל בעסער, וואָס דער קאָנגרעס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין באַזעל, אין דער שווייץ.

(אייגענטליך איז נאָר דר. שעפּטעל שאַפּער דערוויילט געוואָרן צום קאָנגרעס, האָט דר. הערצל באַקומען אַ טעלעגראַמע פון די באַלטימאָרער ציוניסטען, פון וועלכע דר. אהרן פרידענוואַלד איז געווען דער פּרעזידענט, און אים מיטגעטיילט, אַז זיי שיקען אַ דעלעגאַט צום קאָנגרעס).

דאָס ערשטע מאָל, וואָס דר. בלוסטאָן איז אַנוועזענד געווען ביי אַ ציון קאָנגרעס איז געווען אין יאָר 1903, ביים 6טען קאָנגרעס. דעמאָלט איז אויך געווען לעאָן זאָלאָטקאָף, געשיקט געוואָרען פון די שיקאַגאָ ציוניסטען. דר. גאָטהייל, זיין פרוי עמאַ, און ראַבאַי סטיפען ס. וויז זענען געווען ביים 2טען קאָנגרעס אין 1898, אויך אין באַזעל. זיי זענען דערוויילט געוואָרען ביי דער גרינדונג פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער פעדעראַציע דעם 4טען יולי, 1898. זיי האָבען צום ערשטען מאָל זיך געטראָפען מיט דר. הערצל'ען אין באַזעל ביים קאָנגרעס, אין מאָנאַט אויגוסט, און זיי האָבען געשלאָסען אַ פריינטשאַפט, וואָס האָט אָנגעהאַלטען ביז הערצל'ס אָפּשטאַרבען.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האַבער, [illegible]

טאָג־מאָרגען זשורנאַל, נאָוועמבער 22טען, 1954

## וועגען עמאַ לאַזאַרוס' שוועסטער

חשוב'ער רעדאַקטאָר!

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַרטיקעל וועגען עמאַ לאַזאַרוס, פון אייער חשוב'ן מיטאַרבעטער יעקב גלאַטשטיין, וועט איר מיר דערלויבען צוגעבען, אַז אויך עמאַ'ס עלטערע שוועסטער דזשאָזעפין איז געווען באַ־
[illegible]
זי האָט געשריבען אין די דעמאָלט־אָנגעזעענע זשורנאַלען, ווי „ניו וואָרלד“, „סקריבנער“, „סענטשורי“, אויך אין „אַמעריקען היברו“, און ווען די פעדעראַציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטען האָט אין 1901 געגרינדעט דעם זשורנאַל „מאַקאַביען“, מיט לואיס ליפּסקי אַלס רעדאַקטאָר, האָט דזשאָזעפין אויך פון צייט צו צייט געשריבען אין דעם זשורנאַל. זי איז אויך, ווי איר שוועסטער עמאַ, געווען אידיש־נאַציאָנאַל. ווען דר. הערצל איז אַרויסגעקומען מיט דעם „יודענשטאַט“, און ער האָט פאַררופען דעם ערשטען ציוניסטישען קאָנגרעס, האָבען אויך דאָ אין אַמעריקע די קעגנער באַקעמפט הערצל'ען און זיין ציוניזם. איבערהויפּט איז געווען טעטיג אויף דעם געביט דר. קויפמאַן קאָהלער, דער ראַבאַי פון טעמפּעל בית־אל. ער האָט געשטורעמט סיי אין זיין טעמפּעל און סיי אין דעם וועכענטליכען זשורנאַל „אַמעריקען היברו“. אַזוי ווי דר. קאָהלער איז אויך געווען דער פּרעזידענט פון דער ניו־יאָרק באָרד אָוו ראַבאַיס, איז ער באַטראַכט געווען אין זיין צייט אַלס איינער פון די פירערס פון די אַמעריקאַנער אידען. עס האָבען אים געענטפערט אויך באַוואוסטע אידען פון יענער צייט, ווי פּראָפעסאָר ריטשאַרד גאָטהייל, פון קאָלאָמביאַ אוניווערזיטעט און דער ערשטער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע; אויך האָט געענטפערט דער ראַבינער דר. יוסף הערץ, דער שפּעטערדיגער ראַבינער [illegible]

דער בעסטער און ווירקזאַמסטער ענטפער אָבער איז געקומען פון דער פען פון דזשאָזעפין לאַזאַרוס. נישט



Emma Lazarus.

אַר האָט זי געענטפערט אויף דר.
אָהלער'ס באַהויפּטונג, אַז „אַמעריי־
ע איז אונזער ציון, און וואַשינגטאָן
יז אונזער ירושלים“, און אויך אויף
ר. קאָהלער'ס לאָזונג: „אונזער ציון
יז די מענשהייט רעליגיע, נישט
אָס יידענטום נאַציאָנאַליזירט“.
זשאָזעפין, אין איר אַרטיקעל „ציי־
יזם“, אין די נומערן פון „אַמעריקען
יברו“, פון 10טען ביז דעם 17טען
עצעמבער, 1897, וואָס האָט פאַרנו־
ען 14 און אַ האַלבע זייטען, האָט
ישט נאָר געענטפערט דר. הערצל'ס
עגנער, זי האָט אויך באַלויכטן פאַר־
וואָס דאָס אידישע פאָלק דאַרף האָ־
בען צוריק ארץ ישראל.

דאָס אַרטיקעל פון דזשאָזעפין איז אַזאַ, אַז אויך היינטיגע ציוניסטען וואָלטען געקאָנט מסכים זיין מיט דעם אינהאַלט פון דעם אַרטיקעל, וואָס דזשאָזעפין לאַזאַרוס האָט געשריבען מיט 57 יאָר צוריק.

דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז געווען, אַז דער „אַמעריקען היב־
רו“, וואָס איז געווען אַ נישט ציוניס־
טישער זשורנאַל, און האָט דער ערשטער אויך באַקעמפט הערצל'ען און איז געווען קעגען רופען דעם קאָנגרעס, האָט נישט נאָר געווידמעט 8 זייטען פאַר דעם ציוניסטישען אַרטיקעל, ער האָט אויך באַצאָלט אַ האָנאָראַר דזשאָזעפין פאַר דעם אַרטיקעל.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האַבער

טאָג-מאָרגען זשורנאַל, אויגוסט 18טער, 1954

## דר. יעקב דע האַאז און בראַנדייס

חשוב'ער רעדאַקטאָר:

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַרטיקעל פון אייער חשוב'ן מיטאַרבעטער, ב. צ. גאָלדבערג, „לואי בראַנדייס אין דער געשיכטע פון אַמעריקאַנער ציוניזם", וועט איר מיר דערלויבען איבערצוגעבען, אַז ווען יעקב דע האַאז איז געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1902, איז ער געוואָרען דער אָפיציעלער סעקרעטאַר פון דער דעמאָלטדיגער „פעדעראַציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטען" פון וועלכער דער אָפיס איז געווען אין ניו־יאָרק, און ער האָט אָנגעהאַלטען דעם אַמט. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם ציוניסטישען מאָנאַט־זשורנאַל „מאַקאַביען" ביז דעם יאָר 1905, ווען דר. י. ל. מאַגנעס איז געוואָרען דער אָפיציעלער סעקרעטאַר פון דער פעדעראַציע (וואָס איז היינט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע).

מר. דע האַאז האָט אַריינגעלייגט אַ סך מי אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אָבער עס האָט געפעלט געלט אָנצוגיין מיט דער אַרבייט. מיר זעען דאָס פון דעם בריוו, וואָס דר. הערצל, אַלס פרעזידענט פון דער וועלט באַוועגונג, האָט מיט עטליכע מאָנאַטען איידער ער איז געשטאָרבן געשריבען צו דר. ריטשאַרד גאָטהייל, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער פרעזידענט פון דער פעדעראַציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטען. דר. הערצל האָט פאַרלאַנגט, אַז די 6,000 דאָלאַר, וואָס די פעדעראַציע איז שולדיג געווען צו דעם הויפּט אָפיס אין ווין פאַר שקלים, זאָל איבערגעשיקט ווערען, ווייל די באַוועגונג נייטיגט זיך אין דעם געלט.

דר. גאָטהייל'ס ענטפער איז געווען, אַז דאָס געלט איז לײדער פאַרווענדט געוואָרען פאַר אַרויסגעבען דעם ציוניסטישען שורנאַל „מאַקאַביען".

מר. גאָלדבערג מאַכט אויך אַ טעות מיט דעם, אַז דע האַאז איז ביז



Louis D. Brandeis



Jacob de Haas

## טאָג־מאָרגען זשורנאַל, אויגוסט 18, 1954

זיין טויט, אין 1937, געווען "ראַסמויל און אויערן פון בראַנדייס". איך דערמאָן זיך אָן אַ באַגעגעניש אין יולי, 1934, אויף מיין וועג קיין ארץ ישראל, אויף דער שיף "ראָמאַ". אויף דער שיף זענען אויך געפאָרען יעקב דע האאז און זיין פריינט דער פּאַבלישער מר. זיף. זיי זענען געפאָרען מיט דער שיף ביז גענואַ און פון דאָרטען מיט דער באַן קיין ווין צום ערשטען צוזאַמענפאָר פון דער נייער ציוניסטישער (רעוויזיאָניסטישער) וועלט־אָרגאַניזאַציע. אין זיין שמועס מיט אונז און אויף דער פראַגע, צי ריכטער בראַנדייס איז אויך פאַר דער נייער אָרגאַניזאַציע, האָט דע האאז געענטפערט קורץ און שאַרף, אַז ריכטער בראַנדייס איז וואַרשיינליך קעגען אַ נייער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע (ווייל שוין אין 1921, בעת זיין דורכפאַל אין קאַמף מיט דער וויצמאַן־גרופּע אויף דער קאָנווענשאַן אין קליוולאַנד, איז ריכטער בראַנדייס געווען קעגען דער גרינדונג פון אַ נייער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע).

מר. גאָלדבערג מאַכט אויך אַ טעות, אַז דער פּלאַן פון דער בראַנדייס־גרופּע פאַר פּראַקטישער אַרבייט אין ארץ ישראל, האָט געפאָדערט ניט מער פון אַ פערטעל מיליאָן דאָלאַר. שוין מיט־עטליכע טעג נאָך דער קליוולאַנדער קאָנווענשאַן האָט די בראַנדייס־גרופּע אָפּגעהאַלטען אַ צוזאַמענקונפט אין פּיטסבורג, אין יולי, 1921, און האָט באַשלאָסען צו זאַמלען אַ מיליאָן דאָלאַר פאַר זייער פּראַקטישער אַרבעט אין ארץ ישראל, אויף דער צוזאַמענקונפט איז געזאַמעלט געוואָרען באַלד אַ פערטעל מיליאָן.

מיט יד ארץ,

**דזשוליוס האָבער.**

# אן אינטערעסאנטער עפיזאד פון דר. הערצל׳ס לעבן

ווערטער רעדאקטאר:

אין צוזאמענהאנג מיט דעם ארטיקעל פון אייער חשוב׳ען מיטארבייטער, מ. אשעראוויטש, „עס ווערט איצט 50 יאר זינט דר. הערצל איז געשטארבן,“ וועט איר מיר ערלויבן איבערצוגעבן פאר די לייענער פון „פארווערטס“ געוויסע איינצעלהייטן, וואס איך האב געהערט פון איינעם פון דר. הערצל׳ס סעקרעטארן, דר. ג. לאנדע, אין ווין.

פינף יאר נאך דר. הערצל׳ס טויט, אין יאר 1909, אויף מיין וועג פון אמעריקע קיין האמבורג, צום 9טן ציוניסטישן וועלט קאנגרעס, האב איך אויך באזוכט ווין, וואו איך האב זיך געטראפן מיט דר. לאנדע. צווישן אנדערע עפיזאדן פון הערצל׳ס לעבן, האט לאנדע איבערגעגעבן, אז אבוואל דר. הערצל איז ניט געווען קיין אויסגעשפראכענער סאציאליסט, איז ער געווען א גרויסער פריינט פונ׳ם ארבייטער קלאס. מען האט עס געזעהן פון דעם, וואס די ערשטע פאן פון דעם קאנגרעס און דער ציוניסטישער באוועגונג איז געווען 7 גאלדענע שטערן אויף א ווייס-בלויען געוואנט. די זיבען שטערן זיינען געווען, אדער האבן געזאלט זיין, דער סימבאל פון זיבען שעה ארבייט א טאג. אבער די הויפט זאך וועגן דר. הערצל אלס א גוטער פריינד פון ארבייטער, האט ער ארויסגעוויזן אין די יארען, ווען ער איז געווען א יונגער אדוואקאט, [illegible] יאר איידער ער איז ארויסגעקומען מיט זיין „יודען שטאאט“,

וואס האט געפירט צו דער איצטיגער מדינת ישראל.

דעמאלסט איז אנגעגאנגען א סטרייק אין די קוילען-מינעס אין עסטרייך. נאך צוואנציג וואכן סטרייקן, האט עס געהאלטן דער־ב׳, אז די ארבייטער זאלן פארלירן דעם סטרייק. דער אדוואקאט פון די ארבייטער איז געווען דר. וויקטאר אדלער פון ווין. ער איז געווען דער יעניגער, וואס האט צוגערעדט די סטרייקערס, דאס זיי זאלן זיך ווענדן צו דר. הערצל. ווען די קאמיטע איז געקומען צו אים אין ביורא, און ערקלערט וועגן וואס עס האנדעלט זיך, איז דר. הערצל געווארן איבעראשט, ווייל ער איז דעמאלט געווען א יונגער אדוואקאט. אבער ווען ער האט געהערט, דאס דער גרויסער סאציאליסט און באוואוסטער אדוואקאט פון ווין האט צו אים געשיקט די ארבייטער קאמיטע, האט ער איינגעשטימט זיך צו זעהן מיט דעם פעטער פון זיין פרוי, וואס איז געווען איינער פון די גרויסע אקציאנערן פון דער קוילען געזעלשאפט. נאך א געוויסער צייט איז געלונגען דר. הערצל׳ן, דורך זיין פרוי׳ס פעטער, צוזאמענצוברענגען די ארבייטער מיט די קוילען אייגנטימער און דאס האט געפירט צו מאכן א סוף צום סטרייק, און די ארבייטער זיינען צוריקגעגאנגען צו דער ארבייט מיט א פריילעכן געמיט, ד. ה., זיי האבן געוואונען פילע פון די פאדערונגען. ווען די קאמיטע איז געקומען צו דר. הערצל אום צו דאנקען אים און האבן אויך געפרעגט וויפיל הערצל׳ס האנאראר איז פאר זיין מיה, האבן זיי באקומען דעם ענטפער, אז ער איז נישט זייער אדוואקאט, נאר ער האט דאס געטאן אלס זיין פליכט ווי א מענש צו מענשען. דא האט דר. הערצל ארויסגעוויזן זיין גרויסקייט. דאס זאל אויך צוגעשריבן ווערן צו דר. הערצל׳ס גרויסער און גוטער ארבייט פאר דער מענשהייט.

מיט דרך ארץ,

דזשוליוס האבער,

ניו יארק, נ. י.

## וועגן ישראל'ס לופט־פלאט

השוב'ער רעדאקטאר:—

אין זיין קאלום „די טשיקאווע וועלט", פון פרייטאג, 9טען יולי, שרייבט מאיר שטיקער וועגן „א מיליטערישע דעלעגאציע פון בורמא באזוכט ישראל". איך נעם מיר די דערלויבעניש צוצוגעבן, אז ביי מיין יעצטען באזוך אין מדינת ישראל האב איך געהאט דאס גרויסע פארגעניגען אלס גאסט בייצוואוינען די גראדואירונג פון נייע יונגע מיטגלידער פון דעם ישראל לופט־פלאט. דאנערשטאג, דעם 3טען יוני, וועל איך נים פארגעסען פאר א לאנגער צייט. איך בין געזעסען נעבען די מיטגלידער פון דער בורמא דעלעגאציע. יעדעם מאל ווען מען האט גערופען א גראדואירטען אויף דער לופט־פעלד, אים צו געבען די פלי אפצייכענונג, האבען די מיטגלידער פון דער בורמא־דעלעגאציע מיט באגייסטערונג אפלאדירט. יא, עס איז געווען פאר וואס צו אפלאדירען. די אויסשטודירטע זיינען געווען שיינע שטאלצע און פון דער זין אפגעבר[ענ]טע פליערס; מען האט געזען פאר זיך יונגע מענשען, וואס נעמען זייערע אויפגאבען ערנסט, און זיי זיינען באוואוסטזיניגע קינדער פון דער מדינה; עס איז אויך געווען א גרויס פארגעניגען צו זען בשעת דער צייט ווען די צערעמאניע איז אנגעגאנגען האבען אנדערע מיטגלידער פון דער לופט־פלאט באוויזען וואס זיי האבען געלערנט אין דער לופט־וואפע שולע. די צענדלינגער נייער עראפלאנען האבען באגייסטערט דעם עולם, וואס האט דאס אלץ בייגעוואוינט.

איבערהויפט פאר איינעם, וואס האט געזען ווי הילפלאז מדינת ישראל איז געווען די ערשטע וואכען אין זומער פון 1948, ווען די מדינה איז פראקלאמירט געווארען, און די עגיפטער האבען געהאלטען אין איין באמבארדירען פון דער לופט די שטאט תל־אביב און אנדערע ערטער אין ארץ ישראל. אמת, מיט עטליכע וואכען שפעטער האט די קליינע ערשט־פראקלאמירטע מדינה מיט איר ערשט געשאפענעם לופט־פלאט צוריק געענטפערט מיט באמבארדירן די הויפט שטאט פון עגיפטען (קאירא). אבער איצט איז דער ישראל לופט־פלאט שוין אימשטאנד צו ווייזען פאר דער וועלט דאס אין דער קורצער צייט, האט די נויט צו פארטיידיגען דאס לאנד, געבראכט דערצו, אז ישראל האט וואס צו באווייזען פאר דער מיליטערישער דעלעגאציע פון בורמא און אויך פאר פארטרעטער פון אנדערע פריינטליכע לענדער, וואס האבען בייגעוואוינט דעם שיינעם ספעקטאקל.

געבענטשט זאלען זיין די הענט, וואס העלפען מיט אין דער בויאונג פון א שטארקער מדינת ישראל.

מיט דרך ארץ,

**יואל (דזשוליוס) האבער,**

ניו יארק.

# דזשוליוס האַבער, ציון עסקן, צוריק פון ישראל

דער באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן דזשוליוס האַבער האָט זיך נעבטען צוריקגעקערט פון ישראל וואו ער האָט באַזוכט זײַנע קינדער.

דער איצטיגער באַזוך זײַנער איז עס דער 15טער באַזוך אין ארץ ישראל. מר. האַבער האָט זיך אויך געזען מיט יצחק בן־צבי, פּרעזידענט פון מדינת ישראל אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם בוך „זכרונות פון אַן אַמעריקאַנער ציוניסט" וואָס האַבער וועט אַרויסגעבן ענדע זומער. האַבער האָט זיך געטראָפן מיט נאָך פילע פּערזענליכקייטן, וועלכע ווערן געשילדערט אין דעם בוך כדי פעסטצושטעלן גענוי די פּאַסירונגען, וואָס ווערן געבראַכט אין דעם מאַנוסקריפּט. יצחק בן־צבי האָט דורכגעבלעטערט דעם מאַנוסקריפּט און ער האָט קאָרעגירט איינינע שטעלן וואו עס ווערט גערעדט וועגן אים אין די צײַטן ווען ער און בן־גוריון זײַנען געווען אין אַמעריקע אין די יאָרן 1915־18.

מר. האַבער האָט געבראַכט אַ באַגייסטערטן גרוס פון דער אידישער מדינה, וועלכע בויט זיך און פּראָגרעסירט טראָץ די פילע שוועריקייטן.



# ישראל און דער סועץ־קאַנאַל

געערטער רעדאַקטאָר!

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַרטיקעל אין „פאָרווערטס", פון אײַער מיטאַרבייטער חיים ליבערמאַן, „סועץ קאַנאַל און ישראל", איז מיר געקומען אויפ'ן זינען וואָס איך האָב געהערט נאָך מיט 19 יאָר צוריק אויף איינער פון מײַנע רייזעס, אין דעם זעלבן אָרטשאַפט. עס איז געווען אין חודש נאָוועמבער, 1932, אויף מײַן וועג פון תל־אביב קיין עגיפּטען. איך בין געפאָרען אין זעלבן קאַמפּאַרטמענט מיט אַ אידען. ווען דער צוג האָט זיך דערנענטערט צו עזה, האָט מײַן מיטפאָרער מיר באַוויזען פון דער ווײַטענס די קאָלאָניע רחמה, מיט דער באַמערקונג, אַט דאָס איז די איינציגע קאָלאָניע אין נגב; און ווען ער האָט באַזוכט די זידלונג, האָט מען אים איבערגעגעבן, אַז די ענגלענדער האָבן דאָרט דאַמאָלסט געמאָסטען דעם באָדען אין דער גאַנצער נאָכבאַרשאַפט, ווײַל זיי האָבן גערעכענט צו גראָבן אַ קאַנאַל, וואָס זאָל פאַראייניגען עזה אויפ'ן מיטלענדישען ים מיט אַקאַבאַ, איצטיגע אילת, אויפ'ן רויטען ים אויסגוס.

ווען איך האָב געמאַכט די באַמערקונג, אַז עס וועט זיין אַ טייערער ביסען צו גראָבען אַזאַ לאַנגע שטרעקע, האָט מיר מײַן נײַער באַקאַנטער אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ערשט נישט לאַנג (דאַמאָלסט) איז איראַק געוואָרען אומאָפּהענגיג פון ענגלאַנד, און אין גאַנץ עגיפּטען האָט מען דעמאָנסטרירט געגען ענגלאַנד, און די סטודענטען אין זייער דעמאָנסטראַציע האָבען געפאָדערט, אַז ענגלאַנד זאָל פאַרלאָזען זייער לאַנד, אַזוי ווי זי האָט פאַרלאָזט איראַק. און מעגליך דאָס ענגלאַנד נוצט נאָר אויס דאָס מעסטען דעם באָדען, כדי די עגיפּטער זאָלען מיינען, אַז זיי וועלען באַקומען אַ קאָנקורענט צו דעם סועץ־קאַנאַל. אין דער דעמאָלסדיגער צייט האָט זיך עס געליינט אויפ'ן שכל, עס האָט אַלעס געקענט זיין ווי מײַן מיטפאָרער האָט געדענקט. אַזוי ווי דער מענש איז געווען אַ גאַנצער סאַברא, וואָס האָט געקאַנט די עגיפּטישע מענטאַליטעט. האָב איך גערע[illegible] אַז ער האָט רעכט. אָבער איצט, זעהט אויס, האַנדעלט זיך עס וועגען דעם דאָס מדינת ישראל וויל נישט און קען נישט ערלויבען, אַז די עגיפּטער זאָלען זיין די בעלי־הבתים איבער זיי. אויב עגיפּטען וויל נישט דורכלאָזען קיין שיפען דורך דעם סועץ־קאַנאַל, קען מען איך נאָר נישט טאָן. זי הערט נישט די פאַראָרדנונג וואָס דער זיכערהייטס־ראַט פון דער יו־ען האָט לעצטענס באַשלאָסען. וואָס אַנבאַלאַנגט דאָס אוא קאַנאַל איז אַ גוט געשעפט, גיט שוין פריינד ליבערמאַן פאַקטען. איך וויל נאָר צוגעבען, אַז אין יאָר 1949 האָבען די אַקציאָנערען באַקומען איבער 21 פּראָצענט דיווידענדען אויף די סועץ־קאַנאַל אַקציעס.

מיט דרך ארץ,
יואל האַבער
ניו יאָרק, נ.

טאָג־מאָרגען זשורנאַל, מערץ 13טער, 1953

# ביינער פון דעם מחבר פון „התקוה" ענדליך איבערגעפירט קיין מדינת ישראל

ספּעציעלער באריכט צום „טאָג־מאָרגען זשורנאַל" — פון א. רעפּאָרטער

לעצטען מאָנטאָג אָוועט, דעם 9טען מערץ, זיינען אין האָל פון דער עדיוקעישאָנאַל עלאַיענס, אויף איסט בראָדוועי, דורכגעפירט געוואָרען די לעצטע צערעמאָניעס צו דער געלעגענהייט פון אריבערפירען די ביינער פון נפתלי הערץ אימבער, דעם מחבר פון „התקוה" („לשוב לארץ אבותינו", וואָס איז איצט אווירקליכקייט) קיין מדינת ישראל, וואו ער וועט באערדיגט ווערען אויף דעם נאַציאָנאַלען בית־עולם.

ס'איז זעהר אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, אז די צערעמאָניעס זיינען דורכגעפירט געוואָרען אין דעם זעלבען האָל פון דער עדיוקעישאָנאַל עלייענס, פון וואַנען אימבער איז צוריק מיט 44 יאָר געבראַכט געוואָרען צו קבורה.

אַלס רעדנער ביי דער צערעמאָניע זיינען אויפגעטראָטען דער באַקאַנטער ציוניסטישער פירער לואיס ליפּסקי; דער באַקאַנטער שריפטשטעלער — דר. ש. מאַרגאָשעס; דער באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן, יואל האַבער; און דער געוועזענער סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אמעריקע — מר. מאָרים מאַרגוליעס. די לעצטע צוויי קומט באמת דער גאַנצער קרעדיט פאַר דער דורכפירונג פון אָט דעם פּלאַן אריבערצופירען אימבער'ס ביינער קיין ארץ ישראל. דער בארימטער חזן מאָרים גענטשאָף האָט געמאַכט דעם „אל מלא" און געזונגען די „התקוה", די אָנערקענטע הימנע פון דעם אידישען פאָלק און איצט אויך די אָפיציעלע הימנע פון דער זעלבסטשטענדיגער ישראל רעפּובליק.

געבענדיג א כאראקטעריסטיק וועגען אימבער'ן, האָט מר. האַבער, צווישען אנדערעס, דערציילט, אז נאָך נאָך דעם וואָס אימבער'ס פאָטער איז געשטאָרבען אין זלאָטשעוו, איז נפתלי הערץ אריבערגעפאָרען קיין בראָד, און פון דאָרט קיין לעמבערג, וואו ער האָט זיך געזאָלט צוגרייטען פאַר דער דאָרטיגער אוניווערזיטעט. ווען זיין מוטער איז געקומען קיין לעמבערג און אים דאָרט דערזען אין קורצע קליידער און אָפּגעשוירענע



דאָס בילד (לינקס) איז פון דעם מחבר פון „התקוה", גענומען אין 1905, ווען אימבער איז אַלט געווען 49 יאָר. דער צווייטער (רעכטס) איז איינער פון זיינע יונגע פאַרערער, דער באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן יואל האַבער.

פיאות, איז זי באַשטאַנען אז ער זאָל מיט איר צוריקפאָרען קיין זלאָטשעוו. קורץ נאָך דעם איז אימבער געקומען צו דער מאַמע'ן מיט דער בשורה, אז די אידישע יוגענט אין רוסלאַנד האָט זיך אָרגאַניזירט אין דער חברה „בילו'ים" און זיי גייען קיין ארץ ישראל, דאָרט צו ארבעטען און בויען דאָס אידישע לאַנד.

די מאמע האט אים געגעבן איר ברכה, און אימבער איז אפגעפארען איבער די באלקאנען־לענדער קיין קאנסטאנטינאפאל. דארט האט ער זיך באפריינדעט מיט דעם ענגלענדער — סער לארענס אליפאנט. זיי זיינען צוזאמען אפגעפארען קיין ארץ ישראל, וואו סער לארענס איז נאך א קורצער צייט געשטארבען. אימבער האט צו זיין עהרע ארויסגעגעבען דאס בוך „ברקאי" (דער מארגען־שטערען) און אין דעם בוך איז אויך געווען די „התקוה".

אין א צייט ארום פארט אימבער אפ קיין לאנדאן, וואו ער האט זיך באפריינדעט מיט ישראל זאנגוויל, און פון ענגלאנד איז ער אפגעפארען קיין אמעריקע.

מר. האבער האט אויך ווייטער דערציילט, אז אין פארבינדונג מיט דער „התקוה" האט עס געהאלטען ביי א פראצעס צווישען דער באוואוסטער פיאנא פירמע אין שיקאגא — קימבעל און קאמפאני — וועמענס פארלאג האט ארויסגעגעבען א נייע אויסגאבע פון דער „התקוה" און א ניו יארקער איד, וועלכער האט אנגעקלאגט די פירמע אויף פופצ[illegible]טויזענט דאלאר, אויפ'ן גרונד פון דער באהויפטונג אז דאס ליד איז זיין אייגענטום, ווייל ער האט עס „קאפירייטעד".

מר. האבער האט צום ערשטען מאל פארגעשלאגען זיין אידייע פון אריבערפירען אימבער'ס ביינער קיין ישראל, צום פירער פון דער אידישער אגענטור — בערעל לאקער, ווען ער איז אין 1949 געווען אויף א באזוך אין ישראל. ווען ער האט זיך צוריקגעקערט אהער און געזען אז די פירער פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע באציען זיך צו זיין פארשלאג קאלט און גלייכגילטיג, האט ער באשלאסען צו ארגאניזירען פאר דעם צוועק א ספעציעלע קאמיטע; און אזוי שנעל ווי מר. מארים מארגאליעס איז געווארען דער טשערמאן פון דער קאמיטע, האט די זאך אנגעהויבען רירען זיך פון ארט.

די נויטיגע סומע פון קארגע זעקס הונדערט דאלאר איז געשאפען געווארען פון די פאלגענדע פערזאנען: לואיס ליפסקי, מארים מארגוליעס, יואל האבער, אברהם האבער, שמואל בליץ, אסקאר אלטשולער, סעם זוקערבערג, קלמן מאלער, סעם מארקוס, דזשוליוס מארקוס, אדאם ראזען, מעקס דאפט, בען דאפט, עמנואל דאפט, מיטשעל לעווענטאל, ה. פישער, מארים ספריירעגען, בערנארד סעמעל און סעמועל לאנשיין.

אט אזוי איז פארווירקליכט געווארען א שיינער הלום! דאנערשטאג, דעם 5טען מערץ, זיינען די ביינער פון אימבער'ן אריבערגעפירט געווארען אויף דער שיף תל־אביב. ווען די שיף וועט סוף חודש אנקומען קיין ישראל, וועט די רעגירונג און די אידישע אגענטור זיך אפיציעל באטייליגען אין דער צערעמאניע פון מקבר זיין דעם מחבר פון ישראל'ס נאציאנאלער הימנע.

דער טאָג, אויגוסט 18טער, 1950

# אימבער, אויטאָר פון „התקוה”, ליגט אויף אַ בית־עולם אין ניו יאָרק; זיינע ביינער זאָלען געבראַכט ווערען קיין ישראל

**באַקאַנטער ציון־טוער קומט אַרויס מיט דעם פאָרשלאָג.—די אויסזיכטען, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע זאָל אַריבערפירען אימבער׳ס ביינער קיין ישראל.**

## פון דזשוליוס האַבער

דזשוליוס האַבער, דער שרייבער פון דעם אַרטיקעל איז אַ פּראָמינענטער ציוניסטישער טוער, וועלכער איז געשטאַנען ביים וויגעלע פון דער ציון־באַוועגונג אין אַמעריקע. מר. האַבער׳ס פאָרשלאָג אין דעם אַרטיקעל פאַרדינט צו האָבען אַ שטאַרקען אָפּקלאַנג.

די רעד.

---

זינט דער אנטשטייאונג פון מדינת ישראל, האָט מען פון פילע לענדער אנגעהויבען אריבערברענגען די ביינער פון פארשטאָרבענע ציוניסטישע פירער קיין ישראל, בכדי די פירער זאָלען קומען צו קבורה אין דעם אידישען לאַנד, צו וועלכען זיי האָבען געשטרעבט אלע זייערע יאָרן. מיר, וואָס זיינען געווען באפריינדעט מיט נפתלי הערץ אימבער, דער פאַרפאַסער פון „התקוה”, דענקען, אַז אויך אימבער׳ס ביינער דאַרפען געפינען אַ רו־אָרט אין דער אידישער מדינה.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס טראַנספערירען פון אימבער׳ס ביינער דאַרף נישט זיין די אויפגאַבע פון אַ יחיד, און אויך נישט פון קיין לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין.

[illegible] אויף אַ [illegible] אין ישראל, האָב איך זיך געווענדעט דירעקט, און אויך דורך דער טעגליכער צייטונג „די ירושלים פּאָסט”, צו דער אידישער אַגענטור וועגען דעם ענין. דאָ אין אַמעריקע דאַרף זיך דערמיט [illegible]

[illegible] די היגע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. דער קבר פון נפתלי הערץ אימבער געפינט זיך אויף אַ בית־עולם אין לאָנג איילאַנד, וואו מען האָט אים מקבר געווען מיט איבער 40 יאָר צוריק.

די וואָס געדענקען נפתלי הערץ אימבער׳ן אין די יאָרען פון 1905—1909, קענען זיך דערמאָנען, ווי אָפּגעלאָזען ער האָט זיך געהאַלטען, אין געזונט ווי אין קליידונג. מיר ווייסען, אַז ווען ער איז געשטאָרבען, איז ער אינגאַנצען אַלט געווען 53 יאָר. מיר קענען זיך אויך דערמאָנען עטליכע עפּיזאָדן, ווען אימבער האָט זיך געפילט יום־טוב׳דיג. איך דערמאָן זיך, ווען ער איז אין דער באַגלייטונג פון אברהם גאָלדפאַדען, דער פאָטער פון דער אידישער בינע, אַריינגעקומען אין אונזער עסטרייד־[illegible] ציוניסטישען קלוב, אין 65 פּיט סטריט. גאָלדפאַדען איז, [illegible] אַלעמאָל, געווען שוין געקליידעט [illegible] אימבער אָבער איז געווען אָפּגעלאָז[illegible] אָבער ער האָט זיך געפילט געשמ[illegible] [illegible] ווען ער האָט געהאַלטען [illegible] האַנט אויף גאָלדפאַדען׳ס אַקסעל און איז אַזוי געשטאַנען אַ לענגערע צייט אין אונזער ביבליאָטעק, וואו פילע פון אונזערע חברים האָבען אויפגענומען די חשוב׳ע געסט.

**דער טאָג, אויגוסט 18טער, 1950**

אָן אַנדערש מאָל איז עס געווען אין זומער פון 1907, ווען דער דאַמאָלסטיגער גאַליציאַנער-בוקאָווינער פּאַרבאַנד האָט אויף זיין קאָנווענשאָן אין יעם גרויסען טאַמאַני האָל, אויף דער 14טער גאַס (היינט די גרויסע עדיסאָנעבייודע), מיט דער הילף פון בערנאַרד זעמעל, אָנגענומען דאָס באַזעלער פּראָגראַם. מען דאַרף וויסען, אַז אַזוי דער היגער אידישער גאַס האָבען מיר ציוניסטען, דאַמאָלס געהאַט אַ שווערע אויפגאַבע צו פּועל'ן אַפילו, אַז מען זאָל ארויסהענגען די אידישע פאָן. דאָס באַזעלער פּראָגראַם האָט דער פאַרבאַנד אָנגענומען אַ דאַנק דער גרויסער מי פון מר. זעמעל, וואָס איז געווען איינער פון די פירער פון דעם פאַרבאַנד. אימבער האָט זיך דאַן אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ אויף דער טריבונע, ער האָט ערגיץ באַקומען אַ קליינטשיגע ציוניסטישע פאָן און האָט געפאָכעט מיט דער פאָן, און דער גאַנצער זאַל דעלעגאַטען, וואָס איז באַשטאַנען פון איבער טויזענט מאַן, האָט געזונגען די התקוה.

ווי שוין געזאָגט, איז דאָס געווען איינע פון אימבער'ס פריילעכע איבערלעבונגען.

די, וואָס האָבען געקענט אימבער'ן מער אינטים, האָבען אויך געוואוסט



Naphthali Herz Imber

אַז אימבער, נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען די [illegible]גולדן פון דעם עסטרייַ־כישן קייזער, פאַר זיין געדיכט לכבוד די האַבסבורגער (אימבער איז דאַמאָלס אינגאַנצן געווען 14 יאָר אַלט) איז אים די היים אין זיין שטאָט זלאָטשאָוו, גאַליציע, געוואָרן צו־ענג. אימבער האָט געוואָלט, פאָרן אין דער גרויסער וועלט, אָבער זיין מוטער, אַ פרומע אידישע פרוי, האָט מורא געהאַט אַז ער וועט ווערן אויס איד. ערשט נאָכ'ן טויט פון זיין פאָטער איז אימבער געפאָרן קיין בראָדי וואו ער האָט זיך געטראָפן מיט דעם גרויסן אידישן געלערנטען העשעל שאָר. העשעל שאָר האָט אָנגעוויזן אימבער'ן ווי אַזוי אַ נאַציאָנאַלע הימנע דאַרף געשריבן ווערן.

אין שפּעטערע יאָרן האָט אימבער איבערגעגעבן, אַז דריי מענשען האָבען געהאַט אַ השפּעה אויף זיין אַרבייט. העשעל שאָר, אַברהם קראָכמאַל און דער אַמעריקאַנער ריכטער מייער סולצבערגער, פון פילאַדעלפיע.

אימבער איז אין יאָר 1880 געפאָרען מיט אַן עמפעלונגס־בריוו פון העשעל שאָר צו אברהם קראָכמאַל, רעזן פון דעם אידישן פילאָזאָף קראָכמאַל, קיין לעמבערג. קראָכמאַל זאָ[illegible] אַז אַלץ וואָס אימבער האָט בי [illegible] געדרוקט אין אַ ביכל. קראָכמאַל האָט אימבער'ן שוין אויפגענומען, און דאָס ביכל איז באַלד אַרויסגעגעבן געוואָרן. ער האָט אויך צוגערעדט אימבער'ן זיך צוצובריטען פאַר שטודירן אין אוניווערזיטעט.

ווי נאָר אימבער'ס מוטער האָט זיך דערוואוסט, אַז נפתלי־הערץ האָט שוין געקירצט די פאות און אויך אָנגעטאָן קורצע קליידער, איז זי באַלד געקומען קיין לעמבערג און אהיימגענומען קיין זלאָטשאָוו איר זון, זי האָט מורא געהאַט, אַז ער ווערט שוין אַ גוי. אין זיין געבורטס־שטאָט איז אים געוואָרן צו־ענג, איבערהויפּט אין זיין נייער קליידונג, אָבער ער האָט נישט געוואָלט מצער זיין די אָרימע מוטער.

אָבער ווען אימבער האָט געלייענט אַז די ביל"ו'ס פון רוסלאַנד זיינען שוין אויפ'ן וועג קיין ארץ־ישראל האָט אים זיין מוטער שוין געגעבן ד[י] ברכה ער זאָל פאָרן און העלפן אי[ן] אויפבוי פון ארץ־ישראל. דאָרטען, אי[ז] זי געווען זיבער, וועט איר נפתלי־הערץ בלייבן אַ איד.

ווי שוין באַוואוסט, איז אימבער געפאָרן איבער די באַלקאַן־לענדער קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואו ער האָט זיך געטראָפן מיט דעם פריינד פאַר אַ אידיש ארץ־ישראל, דעם ענגלענדער לאָרענס אָליפאַנט, מיט אים איז אימבער געפאָרן קיין ארץ־ישראל. און ווען אָליפאַנט איז געשטאָרבן אין 1886, האָט אימבער געווידמעט זיין בוך „באַרקאַי" דער מאָרגענשטערן, צו זיין פריינט אָליפאַנט. אין דעם בוך איז שוין אַריין די „התקוה".

אימבער, דאַן נאָך אַ יונגער מענש, ערשט 53 יאָר, איז גיך אַלט געוואָרן, זיינע האָר זיינען שוין געווען גרוי און זיין געזונט איז מיט יעדן טאָג געוואָרן ערגער. ער איז אַריינגענומען געוואָרן אין דעם שפּיטאָל „הר המוריה" פון דעם גאַליציאַנער פאַרבאַנד, אויף דער צווייטער גאַס, און מען האָט באַלד געזען אַז די אַרבייט פון די דאָקטוירים איז געזונט צו מאַכען איז אַרויסגעוואָרפן. דער פּרעזידענט פון דעם שפּיטאָל, מר. בערנאַרד זעמעל, איז פיל מאָל געזעסן ביי דעם קראַנקענ'ס בעט, האָט געזען אַז אימבער'ס טעג זיינען שוין געציילטע. אימבער איז געשטאָרבן שמחת־תורה און געבראַכט געוואָרן צו קבורה זונטאָג, דעם 10טען אָקטאָבער, 1909. זיין קבר געפינט זיך אויף דער הר־ציון סעמעטערי פון דער ערשטער ביאַלעקאַמינער קראַנקן אונטערשטיצונג־פאַראיין. אימבער'ן האָבען מספּיד געווען די באַקאַנטע ציוניסטן דר. י. ל. מאַגנעס, יוסף זעף און דר. שלמה ניימאַן, זיין גאַליציאַנער לאַנדסמאַן.

פון שפּיטאָל איז דער אָרון געבראַכט געוואָרן אין דער עדיוקיישאָן עליייענס, אויף איסט בראָדוויי, אַז דאָרט האָבן אים די ציון־פירער צוגעטיילט זיין לעצטן כבוד. אויף זיין שטיין זיינען אויסגעקריצט די פאָלגענדע ווערטער: פּ"נ נפתלי הערץ אימבער, משורר התקוה. כ"ג תשרי, התר"ע.

לאָמיר האָפן דאָס גאָר אינגיכען וועלען די ביינער פון דעם פאָטער פון דער הימנע פון ישראל געבראַכט ווערן קיין ישראל.

דער טאג
The Day
THE NATIONAL JEWISH DAILY

# דער „בעל התקוה" און זיין רו־פלאץ אין ישראל

מיר זיינען זיכער, אז דער פארשלאג וואס איז געמאכט געווארען אייערנעכטן אין „טאג" דורכ'ן פראמינענטען ציוניסטישן טוער יוליוס האבער, אז די ביינער פון נפתלי הערץ אימבער, דעם פארפאסער פון דער אידישער נאציאנאלער הימנע „התקוה", זאלען אריבערגעפירט ווערען אין מדינת ישראל, וואו זיי זאלען געפינען אן אייביגע רו, לעבען די גדולים פון דער ציוניסטישער וועלט-באוועגונג, — וועלען געפינען אן אפקלאנג אין ברייטע קרייזען פונ'ם אמעריקאנער אידענטום.

דער „בעל התקוה" האט פארדינט, אז זיין אייביגער רו־ארט זאל זיין צווישען די שאפער פון דער אידישער מדינה.

הערצל האט אמאל געזאגט, אז א פלאג איז לכתחילה נים מער ווי א שטיקעל וואל־שטאף, און אפטמאל א ביליגע, פונדעסטוועגען, אז מ'נעמט און מ'טשעפעט עס צו א שטעקען און מ'הויבט עס אויף הויך איבער די קעפ פון א מאסע, וועלען הונדערטער טויזענטער און מיליאנען מענשען גיין קעמפען און שטארבען — אונטער דער פאן. דאס זעלבע קאן מען זאגען וועגען א נאציאנאלער הימנע. נים אלע נאציאנאלע הימנעס פארמאגען אין זיך די העכסטע פאעזיע אדער די טיפסטע מוזיק, אבער וועלכע שטיק פראנצויזישע פאעזיע קאן זיך פארגלייכען מיט דער מארסעליעזע? און ווי קומט שעקספיר, אדער מילטאן אדער בייראן צו „גאד סעיוו די קינג"? אויף די צוויי אמעריקאנער נאציאנאלע הימנעס קאן מען אויך זאגן, אז זיי שטעלן מיט זיך נים פאר דאס סאמע בעסטע אין דער אמעריקאנער דיכטערישער און מוזיקאלישער שאפונג. פונדעסטוועגען וועט איר נים געפינען קיין אמעריקאנער וואס זאל נים אויפגעציטערט ווערען פונ'ם קלאנג פון „סטאר ספענגעלד בענער" און „מאי קאונטרי איט איז אוו דהי". עס איז א טראדיציע, צוזאמען מיט דער עמאציע וואס א פאלק לייגט אריין אין זיינע נאציאנאלע הימנען, וואס הויבט ארויף דאס ליד איבער אלע אנדערע שאפונגען.

## דער טאָג, מאָנטאָג 21טער אויגוסט, 1950

מ׳האָט אָפט קריטיקירט די „התקוה" אויפ׳ן גרונט פון דיכטע־רישער קוואַליטעט און מוזיקאַלישער עכטקייט. מ׳האָט אָנגעוויזען, אַז ווי אַ שיר איז „התקוה" ניט ערשט־קלאַסיג און אַז איר מוזיק איז אַ סך הכל אַ געבאָרגטע. אָן שום ספק זיינען אין דער אַלטער און דער נייער העברעאישער ליטעראַטור פאַראַן גרעסערע דיכטערישע שאַפונגען, און אַפילו אין דער יונגער אידישער מוזיק וואָלט מען גע־קענט געפינען מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס פון גרעסערער לויטערקייט און טיפקייט. אָבער מיר פאַרנעמען זיך ניט איצט דורכצוגיין די גאַנצע העברעאישע ליריק און די ניי־אידישע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס, כדי פון זיי אויסצודערוויילען אַ אידישע נאַציאָנאַלע הימנע. דאָס אי־דישע פאָלק האָט שוין די אַרבייט אָפּגעטאָן. דאָס וועלט־אידענטום האָט גענומען די „התקוה" און אַליין איר אָנגעטאָן די קרוין פון דער נאַציאָנאַלער אידישער הימנע.

וועגן אַ הימנע קען מען זאָגן דאָס זעלבע ווי וועגן אַ מאַמע: ס׳קאָן זיין, אַז זי איז ניט די שענסטע פרוי אין דער וועלט, אָבער זי איז א ו נ ז ע ר מאַמע, און קיינער קאָן זי ניט פאַרבייטען.

נפתלי הערץ אימבער האָט געהאַט די זכיה צו זיין דער מחבר פון דער אידישער נאַציאָנאַלער הימנע, דערמיט האָט די געשיכטע אַליין פאַר אים באַשטימט אַן ערען־פּלאַץ צווישען די אומשטערבליכע פון אונזער פאָלק.

יאָרען־לאַנג האָט ער געלעבט צוזאַמען מיט׳ן אַמעריקאַנער אי־דענטום, ביז ער איז געוואָרען אַ טייל פון אים. די אַמעריקאַנער אידען קענען זיך אַליין צוטיילען גרויס כבוד דערמיט, וואָס זיי וועלען ברענגען דעם בעל התקוה צום אידישען הימלאַנד, צו ליגען אין זיין שוים.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע, האַלטען מיר, וואָלט געטאָן אַ גרויסע זאַך, אויב זי וואָלט זאָרגעפירט נפתלי הערץ אימ־בער׳ס ביינער אין מדינת ישראל. אימבער איז געשטאַנען נאָענט צום עסטרייך־אונגאַרישען קלוב, וואָס איז געוואָרען אַ טייל פון דער ציו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע.

די צייט איז געקומען, אַז דער בעל התקוה זאָל געבראַכט ווערען צו זיין אייביגער רו אין אידישען [redacted].

דער „טאָג״ פרייטאָג 13טער מאי, 1949

לעיק סוקסעס מאי 12, – די ווייס־בלויע פאָן פון ישראל איז היינט אין דער פריה אויסגעהאָנגען געוואָרען צווישען די 58 פאָנען פון די פאראייניגטע פעלקער.
פון היינט אָן וועט די ישראל פאָן פלאטערן פאר די „יונייטעד נעישאָנס״ געביידעס וואו די זיצונגען זאלען נים פארקומען, און אנצייכנען אז די יונגע מדינה ישראל פון דעם אלטען אידישען פאָלק פארנעמט איצט איר געהעריגען ארט צווישען די פעלקער און לענדער פון דער וועלט, וואָס ארבעטען צוזאמען פאר פרידען. ארום צען אזייגער אין דער פרי האָבען זיך שוין אָנגעקליבען א פאָר הונדערט אידען – וואָס זיינען נאך געווען פארשיקערט פון דער פרייד פון דעם אָוועגט פריער, ווען ישראל איז אָפיציעל אריינגענומען געוואָרען אלס מיטגליד פון די פאראייניגטע פעלקער. ביינאכט איז געגען דער טראדיציע אויפצוהענגען א פאָן, האָט מען געוואוסט אז היינט אין דער פרי וועט די צערעמאָניע פארקומען, און אידען האָבען זי נים געוואָלט פארפעלען.

מען האָט זיך צושטעלט אויפ׳ן פרישען, ווייבען גרינעם פרילינג גראָז, און אָנגעקוקט דעם נאקעטען סלופ צווישען די צוויי סלופעס פון וועלכע עס פלאטערט פון רעכטס די גרין ווייס־שווארץ געשטרייפטע פאָן פון איראק, פון לינקס די־ווייס רויט געשטרייפטע פאָן פון לבנון, מיט צעדער פון לבנון אין מיטען. א מאמע האָט אויפגעקלערט פאר א קינד א קליין אינגעלע וואָס עס באדייטעט. אז לויט׳ן לאטיינישען אלפאבעט קומט אוים דער פלאץ פאר דער אידישער פאָן צווישען איראק און לבנון, צוויי לענדער וואָס האָבען ערשט געקעמפט מיט וואפען צו שעדיגען דאָס געבורט פון מדינת ישראל, און נאָכדעם געקעמפט ביז׳ן לעצטען מאָמענט אז ישראל זאָל נים אריינגענומען ווערען אין דער פאמיליע פון די פאראייניגטע פעלקער.

## דער „טאָג״ פרײטאָג 13טער מאַי, 1949

דער עולים איז געוואקסען, עס האָבען זיך פאַר־
זאמעלט אויך אסאך בעאמטע פון דער יו־ען. דער
פרי מאָרגען איז געווען פרעכטיג זוניגער און די
58 פאָנען האָבען געפלאַטערט אין א פרידליכען
און א גראציעזען ריטם. ווען די ישראל פאָן איז
ארויפגעצויגען געוואָרען האָט דער עולים אויס־
געשריען א הילכהגען „מזל טוב״ און א שלום.
עס זײנען געווען דאָרטען די פּראָמינענטע מיט־
גלידער פון דער מדינת ישראל דעלעגאציע, אָנ־
געפירט פונ׳ם אויסערן מיניסטער משה שרת און
אבא אבן. צווישען זיי אויך איז געווען א מיטגליד
פון כנסת און וויצע מאיאָר פון חיפה, דוד
הכהן. דער עלום האָט געהאלטען אין אײן זינגען
„התקוה,״ פון אלע זײטען איז מען צוגעלאָפען
צו משה שרת און געדרוקט זײן האנט.

אין דרויסען האָט געפלאַטערט די פאָן צווישען די

58 פענער פון די מיטגלידער פון די פאראײניגטע
פעלקער, און אינווײני׳ האָט דאָס קול פון ישראל
זיך צוגעגרײט צו רעדען פאר דער וועלט אלס א
פאלק און א לאנד צווישען די לענדער.

די מחותנים זײנען זיך צוגאנגען און דער לעצטער
מחותן אויף דער גרויסער שמחה וואָס האָט פאר־
לאָזען די צערעמאָני איז געווען דער באוואוסטער
ציוניסט יואל אָדער דזשוליוס האבער, וואָס האָט
ניט פארפעהלט קײן אײן זיצונג פון דער יו־ען
קאָמיטע, וואָס האָט אויסגעארבעט די צוטײלונג
פון פאלעסטינא, וואָס דאָס האָט געפירט צו דער
פּראָקלאמירונג פון מדינת ישראל.

אין דער באהן אין פראנקרײך אויפ'ן װעג קײן
באזעל צו דעם 22־טען ציוניסטישען װעלט קאָנ־
גרעס, זײנען מיטגעפאָרען עטליכע מיטגלידער
פון דער הדסה יוגענד באװעגונג מיט זײער
פרעזידענט, זעלדע פונק, הײנט טאילאָר. מײן
טאָכטער חנה װאָס איז געװען אויף איר װעג קײן
ארץ ישראל צװישען זײ.

אזוי װי עס אויך געװען אויף דער באהן דער
פירער פון דער ציוניסטישער ארבעטער באװע־
גונג אין אמעריקע, דר. חײם גרינבערג, האָבען
די יונגע פרויען פארבראכט זײער צײט מיט דעם
גרויסען געלערנטען דר. גרינבערג. נאָך עטליכע
שעה אין א גערעבטען שמ●עת מיט דר. גרינבערג
האָט מײן טאָכטער מיר ערקלערט, דאָס זײ האָבען
אין דער צײט געלערנט פון דר. גרינבערג װעגען
ציוניזם מעהר װי זײ האָבען געלערנט פריהער
אײדער זײ האָבען פארבראכט מיט דר. גרינבערג.
ער איז מיט זײ בורכגעגאנגען גרינדליך די
געשיכטע פון דער באװעגונג.


יואל האַבער


חנה האַבער

באקאנטער ציוניסטישער עסקן, יואל האבער, און זיין טאָכטער חנה, פאָרען צום ציוניסטי־
שען וועלט־קאָנגרעס אין באזעל און דערנאָך קיין ארץ־ישראל, וואו חנה וועט זיך אָנשליסען
אין א קיבוץ פון די אלגעמיינע ציוניסטען. מר. האבער איז א דעלעגאט צום ציון קאָנגרעס.

PLaza 2-0600

Cable Address: JEVAGENCY




THEODOR HERZL INSTITUTE

515 PARK AVENUE, NEW YORK 22, N. Y.

לכבוד
מר יוליוס האבר
ניו-יורק.

מר האבר היקר,

בשנים האחרונות עדים אנו לשפע הכרזות והצהרות על הצורך החיוני בגשירת גשר בין ישראל והתפוצות. אולם רעיון זה לא יתגבש על ידי מאמרים בעתונות,לא על ידי דרשות בבתי-כנסת ואף לא על ידי הרצאות באולמי-אספות.

והנה אתה בספרך "Odyssee of an American Zionist" אשר תורגם לעברית תרמת תרומה חשובה לקראת הגשמת רעיון הגשר הנזכר. מתוך ספרך ילמד הציבור בישראל לדעת כי להתרמה הציונית העצומה למען ישראל, קדמה פעילות מסורה וענפה של הציונים הראשונים במדינה זו אשר נאבקו קשות עם מתנגדי ושונאי ציון מבית ומחוץ. קוראי ספרך בישראל יעמדו על המשמעות של מאבק זה ואולי אף ישנו את דעתם על הפעולה הציונית באמריקה.

ספרך המצוין בו הנך מתאר את עבודתם המסורה והנלהבת של קומץ ציונים נאמנים בודאי יתרום לקרוב הלבבות בין תושבי ישראל לאחיהם בגולה. יישר כוחך!

בידידות

אמיל ליהמן

Dr. A. BIRAM
HAIFA-AHUZA
EDER STR. 17

Cable Address: BIRAM REALI HAIFA

ד"ר א. בירם
חיפה־אחוזה
רח׳ אידר 17

לטלגרמות: בירם ריאלי חיפה

מזה שנים רבות מכיר אני את מר יוליוס הבר כציוני מסור ונאמן, שהוא "נאה מקיים". עדות לזאת שהוא, כאחד הציונים הראשונים, ודובר על סוף העשרים, ז"א על זמן מלפני כ-35 שנה, דאג כי שלושה ילדיו יחונכו בארץ, ובנו הבכור דוב גמר בהצטיינות את בית הספר הריאלי והיה, מובן, במלחמת השחרור אחד הראשונים שהצטרף לשורות המה"ל ומלא תפקידים חשובים בחיל אויר של צה"ל, שאז היה בצעדיו הראשונים. גם אצלי אותו דבר קדם ה"נעשה ל"נשמע". אבל משבא לידי ספרו "אודיסיאה של ציוני אמריקני", התברר לי שמר הבר הוא גם "נאה דורש". מר הבר הוא אדם שהציונות היא תמצית חייו, האל"ף והתי"ו של מעשיו ומחשבותיו. אין הוא ציוני "מקצועי", ציונותו היא אהבה לשמה. מר הבר הוא אחד מאנשי השורה ש"עשו" את הציונות, שנשאו אותה לא רק בלבבם, כי אם על כתפיהם ממש, שדבקו בה בכל מאדם. "אודיסיאה של ציוני אמריקני" הוא ספר מרתק. בכשרון רב מעביר בו מר הבר גלריה שלמה של דמויות ואישים מרכזיים בציונות העולמית והאמריקאית, שהכירם מקרוב, וכן שורה של ארועים ומעשים בשדה הציונות. יותר מזה. זהו ספר שיש בו אווירה. הוא כולו ספוג הווי יהודי חי ורוטט ומתוכו נשמע דופק החיים וחום הלב של הקהילה היהודית האמריקאית הגדולה. "אודיסיאה של ציוני אמריקני" הוא יותר מספר זכרונות של אדם המשקיף על תקופה שחלפה בחייו; זהו ספר גדוש חומר מאלף, ממנו ניתן ללמוד הרבה על תולדות יהודי ארצות הברית במאה ה-20 ולתהות על סוד כוחה של יהדות חשובה זאת. מכאן ניתן גם להבין ביתר שאת את החשיבות הרבה שנודעת להידוק קשריה של ישראל אתה.

לאחר שבמשך יותר מיובל שנים היה שותף פעיל לעשיית ההיסטוריה הציונית, בא מר הבר ונתן לו ספר מהנה, הכתוב בסגנון שוטף, ובכך תרם תרומה חשובה גם לחקר ההיסטוריה הזאת. על כך הוא ראוי למשנה ברכה ותודה.

ד"ר א. בירם

י"א בכסלו, תשכ"ד
27.11.63

NEW YORK UNIVERSITY
WASHINGTON SQUARE COLLEGE OF ARTS AND SCIENCE
WASHINGTON SQUARE, NEW YORK 3, N.Y.

HEBREW LANGUAGE AND LITERATURE

TELEPHONE: SPRING 7-2000

22 באוקטובר 1963

מר האכר היקר,
חן-חן לך עבור ספרך שהואלת לשלוח לי.
בקשר עם הופעת ספרך זה בעברית, רציתי להגיד לך כדלהלן:
ספרך שהופיע תחילה באמריקה בלשון האנגלית גולל לפני קהל קוראיו

את כל המאבק הגדול של היחידים הציונים שבאו לחופי יבשת זו למען הרעיון הציוני, את נפתוליהם והשיגיהם. קשה היתה דרכו של הציוני בארץ זו. צריך היה לאידיאליזם עילאי, גבורה רוחנית ואומץ מתמיד להחזיק כאן את המיתח הלאומי במשך עשרות בשנים שלא להסחב בנחשולי ההתבוללות, כהתנכרות המכיישת לערכי דת ולאום ולשון ותרבות, בסגידה לעגל הזהב ולעמוד איתן על משמר אחדות האומה, יוקרת לשונה, וערכו של חינוך יהודי מתמיד ומעמיק.

מאידך, הספר במהדורתו העברית מאפשר לקוראיו, במיוחד במדינת ישראל, להציץ אל תוך מסכת הציונות באמריקה ולראות במחנה הציוני של ארצות הברית לא רק את הכוח האדיר של גיוס כספים בעד בנין הארץ אלא גם ובעיקר את מסירות הנפש הרבה, את הזדהותה של ציונות אמריקה עם בעיות ארץ-ישראל ותמיכתה במלחמת הישוב לאי-תלות פוליטית ולהקמת המדינה היהודית בארצו.

תיתי לך שמצאת כוח בך להנחיל לדורות הבאים את מגילת חייך שהיא מגילת חיי ציוני ברור נדיר שאנו חיים בו.

בברכה

יום־יום בתנועתנו

ז' תשרי, תשכ"ד

משה מייזלש, עורך מוסד ביאליק, ירושלים

פתחתי את הספר " אודיסיאה של ציוני אמריקאי" מתוך כוונה לרפרף ולדפדף בו כדי למצוא בו דברים שיעניינו אותי במיוחד. אבל כיוון שהתחלתי לקרוא בו שוב לא הנחתיו מידי, ונדחף הייתי להמשיך את הקריאה בו, דווקא בסדרה, ללא דילוגים. שאלתי את עצמי: מה פשר כוח־המושך של הספר, ונראה לי ששתי תשובות לדבר. לעולם יש עניין וחן פיוטי במראה פכפוכי־מים ראשונים מתוך המקור עד שהם מצטרפים, עם מי מעיינות אחרים, לכדי פלג ונהר. התנועה הציונית הפכה בימינו לזרם אדירים, הזורם באון דרך כל יבשות החיים היהודיים בעולם כולו. ואעפ"י שהדבר אירע בימינו ולעינינו, גודש המראות והמאורעות של ימים אחרונים משכיחים את הראשונים. לפיכך הומה הלב למקרא דברים פשוטים וכנים על אותן התחלות צנועות, אותם פכפוכי מים ראשונים הבוקעים להם דרך ממקורות הלב והנפש של יחידים, אשר פתאום היתה עליהם יד ההיסטוריה היהודית להבין,

ניו יארק, תשכ"ד

להרגיש ולפעול כאשר לא הבינו ולא הרגישו ולא פעלו אבותיהם מדורות, והם שפתחו את הפרק החדש בתולדות ישראל.

ושנית דרך התיאור האישי הבלתי־אמצעי, שאינו התכוון לעשות ספרות, אלא לספר דברים ברישומם החי בנפש המספר, שחי אותם ובתוכם ובהם ראה את כל עולמו. כי אמנם אין בספר דבר על חייו הפרטיים של המחבר אלא במידה שיש להם זיקה לעניין הכללי, המרכזי, העניין הציוני. דרך־סיפור זה מחייה את הדברים המסופרים והקורא בהם כאילו חוזר וחש גם הוא במגעם המוחשי הראשוני.

ומותר להוסיף: חסד עשה המחבר גם בזה שהעלה והזכיר בקשר לעניינים ציוניים שונים שמות אנשים רבים, שבשעתם פעלו ותמכו ועזרו מתוך מסירות ודבקות, וזה אולי זכרם היחיד בספר.

כללו של דבר: זה ספר ציוני וגם אנושי מאד. החוקר ימצא בו חומר נחוץ לנושא מחקרו, הקורא יימשך אחריו מתוך השתתפות־בנפש במאורעות ובעלילות המתוארים בו.

משה מייזל

ניו יארק, תשכ״ד

בית-הספר הריאלי העברי
חיפה

BETH-SEFER REALI IVRI
HAIFA

מ. 6091




TEL. 3425, 3164 טלפונים
P.O.B. 4920 ת.ד.

יום י' באב תשכ"ג
31 ביולי 1963

לכבוד
מר יוליוס הבר
ניו - יורק

מר הבר היקר,

הצטערתי מאד שלא הזדמנו יחד בעת היותך בחיפה. ד"ר בירם מסר לי על התרומה של -.10,000 ל"י שבניך תרמו ליום הולדתך ה-75.

ביה"ס מעריך מאד את התרומה, ויקים קרן של עשרת אלפים לירות שמפרותיה יעניק מדי שנה בשנה סטיפנדיה לבוגר בסכום של -.400 ל"י, להשתלמות באוניברסיטה, ופרס הצטיינות בסך של -.50 ל"י לתלמיד בכתה העליונה של ביה"ס. הסטיפנדיה והפרס ישאו כמובן את שמך.

אנו נודיע לך מדי שנה בשנה את שמות הזוכים בפרסים.

אני מביע לך ולבניך בזאת את תודתנו על המעשה היפה שנעשה על ידכם, ושמן הראוי שישמש מופת לרבים.

אני מאחל לך בהזדמנות זאת גם אריכות ימים ושנים ובריאות טובה ואני מקוה לראותך בהזדמנות ביקורך הבא בארץ.

בכבוד רב,

י' שפירא
המנהל

**נשיא המדינה והגברת שזר**

מתכבדים להזמינך

למסיבת גן לכבוד צירי הועידה

הארצית השנתית ה־66 של ההסתדרות

הציונית של ארצות הברית

ביום חמישי, י״ט בתמוז תשכ״ג (11.7.63)

בשעה 4.30 אחה״צ, בגן הקריה, ירושלים

איסר עמית (קוסובסקי)

מר הכר יקר מאד.

היתה זו זכיה, שזכיתי בקראי ספרך.
כל כך למה?
בימינו אלה רבים הגורסים "ציונות" במרכאות, כלומר זלזול
בכבודה, פחיתות חשיבותה והקטנת ערכה.
ויש המהללים עצמם ומשבחים עצמם בכל שבח - אפילו הוא שבח
מפוקפק - ומונים בתוכם כל ראשונות, אך לא יעלו ולא יבואו לפניהם
ימי בעוריהם הציוניים, ימי תחילת ציוניותם לא ימנו בימי תהילותיהם
ותשבחותיהם כי על כן - בתמעטה חלילה דמותה של הציונות ר"ל.
זכית אתה, מר הכר יקר, וזיכית את הרבים.
בקריאת ספרך יראה ראש-העין (התזכור, מר הכר יקר, ראש-העין ממנו
הופגז ביתנו ויחד ירדנו למקלט במלחמת השחרור?..) שהלך ופרץ
והיה לנחל עוז אשר שטף ועבר, עקר והרס כל הלכות המתנבדים
כל הספקות והפקפקים עד שהגיענו עד הלום למדינה עצמאית -
מדינת ישראל.
אכן זכות היא לך שזיכת בה את הרבים.

ידידך מוקירך המצפה לביקורך
העשרים וחמישי בארץ

איסר עמית (קוסובסקי)

15.4.63

רחוב שזקוביץ 40 טלפון 911603 פתח-תקוה

י"א במרחשון תשכ"א.
21 באוקטובר 1961.

מר הבר היקר,

לפני כמה שבועות קיבלתי באמצעות ידידנו המשותף, מר צבי לב, שאצלו נפגשנו ובילינו בנעימים, את ספר זכרונותיך. הגע בעצמך, סקראתי אותו כולו ועלי להודות ברצון רב ביותר, שנהניתי ממנו הרבה. יס לך סגולה יקרה לספר דבריט חשובים כמסיח לפי תומו, בלי להכביד על הקורא בטון נמלץ ומנופח – כנהוג, לצערנו, לא אחת בכתבי זכרונות. יישר כוחך על התענוג שגרמת לי. נקוה להתראות בארץ בביקורך בבא, שיבוא בלי ספק, כיד נסיעותיך המובה עליך.

שלך בידידות רבה

Phone UNion 6-5192

*William Agranove*

1000 BAY DR., APT. 609
MIAMI BEACH 41, FLORIDA

20 במרץ 1961

לכבוד ידיד יקר וחשוב
מר יוליוס הבר:-

ספרך "אודיסיאה של ציוני אמריקני" הגיעני.
אינני יודע מדוע זכיתי למתנה הזו. אתה הקדשת מרץ ועבודה ועלה לך בהרבה דמים ואני בא אל המוכן.

עוד לא היתה לי הזדמנות לקרוא את הספר, אולם בטוח אני שיענין אותי מפני שחייתי בתקופה היא, הייתי ציוני מנעורי וספר כשלך מעורר בי זכרונות טובים וחשובים. אתה ראוי להרבה כבוד על התרומה החשובה הזו כמו שהעריכו היטב אבא אבן ולואיס ליפסקי, אני מסכים לדבריהם.

תבוא עליך ברכה שתאריך ימים ושנים בבריאות ובכל טוב יחד עם רעיתך העדינה.

בברכת חג שמח, מי יתן שיהיה חרות באמת ללא שום פגעים.

בדרישת שלום
בידידות כנה.

זאב אגרנוב

